זרובבל

# באַרג חורבן

די הכנסה פון דעם דאָזיקן בוך איז באַשטימט
פאַרן בוי־פאָנד פון דעם באַראַכאָוו־הויז אין תל־
אביב, צום אָנדענק פון די קעמפער און מאַרטירער
אין פוילן.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו


## ביז איצט דערשינען:



## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:



## עס גרייט זיך צום דרוק:



---


ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות מיט דער ביכער-סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום״ זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**

Pueyrredón 667 Buenos Aires

זרובבל

# באַרג חורבן

קאַפּיטלען פּוילן.

אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל - פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע
פאַרלאַגס - לייטונג: אברהם מיטלבערג
בוענאָס - איירעס 1946

## צו די לייענער

„דער נייער יידישער באַרג, דער  ב אַ ר ג  ח ו ר ב ן, שרייט אַרויס אין פייער און אין בלוט אַ נייע תורה, וואָס אירע געבאָטן זענען:  ב אַ צ אָ ל ו נ ג,  אַ נ ט ש ע ד י ק ו נ ג, פּ אַ ר ג י ט י ק ו נ ג!"

דאָס זענען ווערטער, מיט וועלכע דער מחבר פון דעם דאָזיקן בוך האָט זיך געווענדעט דורכן וואַרשעווער ראַדיאָ, צו די רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום, דעם 2־טן דעצעמבער 1945, גלייך נאָך זיין אָנקומען קיין פּוילן.

„באַרג חורבן" סימבאָליזירט די ווירקלעכקייט פון דעם טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב און מיט דעם דאָזיקן סימבאָלישן נאָמען האָט זרובבל באַצייכנט זיין ווערק, וואָס איז געווידמעט זיין לעצטן באַזוך אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּוילן.

דאָס בוך אַנטהאַלט נישט קיין רייזע־איינדרוקן אין דעם זשורנאַליסטישן באַגריף.

די רייזע־שילדערונג איז ביי זרובבלען בלויז אַ פאָן, אַ קאַנווע, אויף וועלכער דער מחבר ברענגט אַרויס די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער לאַגע פון די איבערגעבליבענע פּוילישע יידן שוין נאָך זייער באַפרייאונג — אויב מען קען זייער לאַגע באַצייכענען מיט דעם באַגריף „באַפרייאונג".

דאָס בוך איז אַ טיפער אַנאַליז פון דער דאָזיקער לאַגע, ווייל זרובבל גייט־צו צו די באַרירטע פּראָבלעמען נישט ווי קיין זייטיקער צושויער, נישט ווי „אַ גאַסט פון אויסלאַנד", וואָס קומט בלויז „פאָרשן" די לאַגע.

זרובבל לעבט איבער די אַלע פּראָבלעמען מיטן גאַנצן אינערלעכן שווידער פון אַן אייגענעם, פון אַ נאָענטן מענטש.

אין משך פון די צוויי צענדליק יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז דאָך זרובבל געווען ענג פאַרבונדן מיטן לעבן פון דעם פּוילישן יידנטום. ער האָט זיך איינגעגלידערט אין דעם לעבן פון דער פּערטהאַלבן־מיליאָניקער מאַסע, ער איז געווען איינער פון איר, אַ פירער און אַ קעמפער פאַר אירע רעכט, פאַר איר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער דערהויבונג. ער איז אויך געווען איינער פון די בויער פון יידישן שול און קולטור־וועזן אין פּוילן. ער איז געווען באַהאָפטן מיט אַלע ליידן און פריידן, מיט אַלע קאַמפן און האָפענונגען פון דער דאָזיקער פאָלקס־מאַסע. זרובבל איז אַ באַשטאַנדטייל פון דעם פּוילישן יידנטום.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז זרובבל האָט זיך נישט געקענט באַגנוגענען מיטן דערציילן בלויז דאָס, וואָס ער האָט געזען און געהערט. ער האָט געמוזט טיפער אַריינדרינגען אין די פּראָבלעמען פון די לעבנגעבליבענע פּוילישע יידן, מאַכן סך־הכלען און קומען צו קאָנקרעטע אויספירונגען, וואָס ווערן בולט סימבאָליזירט אין זיין באַצייכענונג, אַז אין דער יידישער געשיכטע איז צוגעקומען אַ נייער באַרג — דער באַרג חורבן.

דאָס דאָזיקע בוך, דער זעקסטער באַנד פון דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, איז גלייכצייטיק דאָס ערשטע בוך, וואָס דערשיינט וועגן דעם יידישן לעבן אין פּוילן נאָך דער מלחמה.

זרובבל איז טאַקע איינער פון אונדזערע ערשטע מנהיגים, וואָס האָבן באַזוכט פּוילן נאָך דער באַפרייאונג. ער איז געפאָרן קיין פּוילן אַלס פירער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, בכדי צו ברענגען די דאָרטיקע יידן אַ וואָרט פון טרייסט און דערמוטיקונג. ער איז נישט געפאָרן אַהין „ליקווידירן דעם גלות", ער האָט בלויז געוואָלט פאַרבינדן די רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום מיטן בויענדיקן זיך און קעמפנדיקן ישוב פון דער אַלט־נייער היים.

ווי אַ דענקענדיקער און פילנדיקער יידישער פירער, האָט זיך זרובבל צוריקגעקערט פון פּוילן קיין ארץ־ישראל אַן אויפגעטרייסלטער און איינגעבראָכענער.

נישט בלויז דערפון, וואָס ער האָט געזען און גע־הערט אויפן אומענדלעכן בית־עלמין פון דעם טויזנט־יעריקן יידישן פאָלקסלעבן, נאָר אויך צוליב דער נייער טראַגישער ווירקלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַגעגנט אין דעם באַפרייטן פוילן.

זרובבלס בוך איז נישט בלויז צום לייענען. עס איז אַ ווערק, אין וועלכן דער לייענער וועט זיך מוזן אַריינטראַכטן, אַ ווערק, פון וועלכן ער וועט קענען עפּעס לערנען.

מיטן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך ווערט די יידישע פאָר־שונגס־ליטעראַטור באַרייכערט מיט אַ וויכטיקן דאָקומענט וועגן דעם טראַגישסטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פוילישן יידנטום.

די רעדאַקציע.

בוענאָס־איירעס, אויגוסט 1946.

# אַ גרוס צו די יידן אין פּוילן

## (אַנשטאָט אַ הקדמה)

רעדע, געהאַלטן צו די פּוילישע יידן דורכן וואַר־
שעווער ראַדיא. נאָכן אָנקומען קיין פּוילן, דעם 2טן
דעצעמבער 1945.

טייערע ברידער און שוועסטער — איבערגעבליבענע רעשטלעך
פון מיליאָניקן פּוילישן יידנטום! אַ דערשיטערטער און אויפגעשוי־
דערטער, קום איך צו אייך איבערגעבן אַ גרוס פון יידישן ישוב
אין ארץ־ישראל און פון הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען פון אונדזער
פאָלק אין מערב־אייראָפּע און אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט.
כ'האָב געהאַט דעם כבוד און די זכיה צו באַטייליקן זיך, צוזאַמען
מיט זייערע פאָרשטייער, אויף דעם ערשטן נאָכמלחמהדיגן ציוניס־
טישן וועלט־צונויפקום, אויף דער מערב־אייראָפּעאישער קאָנפערענץ
פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אויף דער אינטערנאַציאָנאַ־
לער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון אַרבעטער סינדיקאַטן אין פּאַריז און
אויף דער קאָנפערענץ פון יידישע קאָמבאַטאַנטן, פּאַרטיזאַנער און
אונטערערדישע קעמפער, וועלכע איז אָקאָרשט אָפּגעהאלטן געוואָרן
אין פראַנקרייך.

אַלע יידישע צוזאַמענקונפטן אין דער איצטיקער צייט האָבן
אַלס יסוד און צענטראַלע אַקס פון זייערע באַראַטונגען די יידישע

נאַציאָנאַלע טראַגעדיע, וואָס האָט מיט איר גאַנצער גרויזאַמקייט זיך אויסגעגאָסן אויפן פוילישן יידנטום. אין זייער נאָמען און שליחות בויג איך דעם קאָפּ פאַר אייער מאַרטירערייִ און ראַפּאָרטיר אייך די שבועה, וואָס עס שווערט איצט דאָס קעמפנדיקע ארץ-ישראל: „**אם אשכחך, גולה!**", נישט צו פאַרגעסן דעם גורל, וואָס האָט אייך גע־טראָפן, און געדענקען די אחריות, וועלכע איז ארויפגעוואָלגערט דורך דער געשיכטע אויף אונדזער דור.

דער וואָרצלדיקסטער און קרעפטיקסטער יידישער ישוב איז אומגעקומען, און ס'איז פאַרשניטן געוואָרן דער אַלט-יידישער בוים, וואָס האָט זיינע צווייגן צעשיקט און צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, ארויסברענגענדיק איבעראַל די וווּנדערלעכע איניציאַטיוו און אונטערנעמערישקייט פונעם פוילישן ייד, זיין שפּרודלדיקע עמאָציאָנעלישקייט און אומאויסשעפּלעכע דינאַמיק, התלהבות און יום-טובדיקייט, גרענעצלאָזע מסירת-נפש און קוואַליקן אָפּטימיזם.

אייך איז באַשערט געווען אויסצוטרינקען ביזן דעק דעם כוס פון פערזענלעכע פּיין און יסורים, פון נאַציאָנאַלער באַליידיקונג און אויסראָטונג; אָבער אויף אייער גורל איז אויך אויסגעפאַלן די שלי־חות צו דערהויבן דעם מאָראַלישן נאָמען פון פאָלק און ראַטעווען זיין מענטשלעכן כבוד דורכן אומפאַרגלייכלעכן העראָאישן קאַמף פון די געטאָ-אויפשטענדלער. אויב די קאַטאַסטראָפאַלע דערנידע־ריקונג פון די פאַרפייניקטע און פאַרברענטע האָט געזייט שוואַרצן יאוש און פאַטאַלע אָפּהענטיקייט, — האָט אָבער די אומגעאַנטע גבורה פון אויפשטענדלער אין געטאָ און פון פאַרטיזאַנער אין וועל־דער געוועקט מוט און סטימולירט ביי יידישע אַרבעטער און יוגנט דעם חשק און אַנטשלאָסנקייט צו נעמען נקמה פאַר דעם בלוט פון די עופהליך און זקנים, פאַר דעם צער פון די איבערגעבליבענע און אָפּוואַשן די חרפּה פון די פאַרשוועכטע שוועסטער.

איך בין געווען אין דעם פאַרברענטן געטאָ אין וואַרשע, גע־האַלטן אין האַנט דאָס הייליקע אַש פון אונדזער אומבאַקאַנטן נאַ־ציאָנאַלן מיליאָניקן בר-מינן, און געקליבן צווישן שאַרבנס און ביינער די טייערע אותיות פון אונדזערע ספרים און ביכער. דער גיגאַנטי־

שער באַרג צונויפגעוואַלגערטע שטיינער, ציגל, האָלץ און מיסט, וואָס איז געבליבן אַלס איינציקער זכר פון **געטאָ**, שיידט זיך אויס אַפילו אויפן פּאַן פון דער פּיל־געליטענער, צעשמעטערטער, אָבער צום לעבן אויפוואַכנדיקער **וואַרשע**. דער נייער יידישער באַרג, דער **באַרג חורבן**, שרייט אַרויס אין פייער און אין בלוט אַ נייע תורה, וואָס אירע נייע געבאָטן זענען: **באַצאָלונג, אַנטשעדיקונג, פאַרגי־טיקונג!**

מיט דער טיפסטער פרייד און אויפריכטיקן געפיל באַגריס איך דאָס נייע פּוילן. אין יראת הכבוד סאַלוטיר איך דעם אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן פאַרן נאַציאָנאַל־שעפערישן פּוילישן כוח, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויף די חורבות פון היימישער רעאַקציע און פרעמדן אָקופּאַנטישן פאַשיזם פאַרצוזעצן דעם היסטאָריש־באַפרייע־רישן אָנהייב פון דער רומפולער רויטער אַרמיי און פּוילישן פאָלקס־מיליטער: אויפריכטן אַ פרייע אומאָפּהענגיק פּוילן אויף פעסטע דע־מאָקראַטישע יסודות.

איך באַגריס יעדע אָנשטרענגונג פון די איבערגעבליבענע רעשטלעך יידן, מיטצוהעלפן אַקטיוו דעם אַלגעמיינעם מלוכה־אויפ־בוי און באַמיאונג אויפצושטעלן דאָס אייגענע לעבן; דאָס איז אויך דער איינציקער וועג צו זיכערן פאַר זיי דאָ פולע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט, ווי פרייע גלייכווערטיקע בירגער פון דעמאָקראַ־טישן פּוילן.

דאָס נייע פּוילן פאָדערט איצט ביי יעדער געלעגנהייט אנטשידן און מאָנט איבעראַל, מען זאָל אים אומקערן פון אומעטום זיינע זין, וועלכע נייטיקן זיך אין זייער היים, און אין וועמענס שעפערישע אַרבעט עס נייטיקט זיך דאָס אויפוואַכנדיקע **פאָטערלאַנד**. ס'איז די טיפסטע איבערצייגונג פון מיליאָנען יידן, אַז דאָס נייע פּוילן וועט פאַרשטייז אויך דאָס יידישע פאָלק, וואָס פאָדערט און מאָנט פון דער וועלט, מען זאָל זיינע פאַרוואָגלטע זין לאָזן זיך **אומקערן** אין זייער **פאָטערלאַנד — ארץ־ישראל**, וועלכע נייטיקט זיך אין זייער אָפּגעראַטעוועטער ענערגיע און שאַפונגס־קראַפט.

דאָס פּוילישע פאָלק, אויף וועמען היטלער האָט אינעם אַפּי־

ציעלן קריג אָנגערייצט זיינע ערשטע בלוט-הינט, ווייס, ווי אומ-
צאָליק עס זענען די יידישע קרבנות פון נאַציזם, ווייל די נאַצישע
באַנדעס האָבן אויסגעקליבן דווקא די פוילישע ערד צו שענדן און
פאַראומווירדיקן זי דורך זייער בעסטיאַלישקייט און אכזריות לגבי
יידן. דאָס נייע פוילן וועט דעריבער מער ווי ווער עס איז באַנעמען
דעם שענדלעכן פאַרברעך, וואָס די זיגערישע וועלט באַגייט אַצינד
קעגן דעם יידישן פאָלק, ווען אין לינעבורג און אין נירענבערג ווערט
אויפן סאַמע אומפאַרשלייערטסטן אופן געשטעמפלט די נאַצישע
שאַנדטאַט קעגן מיליאָנען יידן, ווען עס ווערן אין נאָמען פון כלומר-
שטער „גערעכטיקייט" און צביעותדיקן „הומאַניזם" געשיקט צוריק
אויף דער פריי אונדזערע תלינים און פאַרטיליקער.

די אויפשטייענדיקע פוילישע דעמאָקראַטיע וועט פאַרשטיין דעם
טראַגישן אמת און זין פון דעם קאַמף, וואָס עס פירט דער יידישער
ישוב אין ארץ-ישראל, אַ קאַמף, וואָס פאַרמאָגט שוין זיינע הריגים
און פאַרוווּנדעטע אין צענדליקער און הונדערטער: מיר קעמפן דער-
פאַר, מען זאָל דעם יידישן פאָלק טאָן די עלעמענטאַרסטע גערעכ-
טיקייט — אָפשאַפן די חרפה פון „ווייסבוך", וואָס שטאַמט נאָך פון
דער קאָנסערוואַטיווער רעגירונג אין ענגלאַנד אין די צייטן פון מינ-
כען-פאָליטיק. עפענען די טויערן פון ארץ-ישראל פאַר די אָפגעראַ-
טעוועטע פון מאַידאַנעק, אָשוויענטשים, בערגען-בעלזען און אַנדערע
קאָנצענטראַציע-לאַגערן, פונקט ווי פון די ערטער, וואָס בילדן איצט
ריזיקע בית-עולמס פון פאַרטיליקטע יידישע ישובים. טויזנטער און
צענדליקער טויזנטער יידן שטראָמען און שפאַרן זיך אויף אַלע וועגן
און אומוועגן דורך ים, יבשה און לופט, צו דערגרייכן די ברעגעס
פון ארץ-ישראל, ווייל דאָרט איז געלייגט געוואָרן דער רעאַלער יסוד
פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים, אַ היים פאַר אַרבעט און שאַפן,
וואָס איז מחמת דעם טאַקע, אויסגערעכנט אויף סאָלידאַרער פריד-
לעכער צוזאַמענאַרבעט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער אָרטי-
קער אַראַבישער באַפעלקערונג. טויזנטער זין און טעכטער פון יידישן
ישוב אין ארץ-ישראל האָבן זיך פרייוויליק באַטייליקט אין די אַלי-
אירטע אַרמייען און שפעטער אויך אונטער דער פאָן פון דער יידי-

שער בריגאַדע און מיטגעהאָלפן, ווי יידן, דעם נצחון איבערן פאַ־שיזם און נאַציזם. מיר זענען באַרעכטיקט צו געניסן, אַלס פאָלק, אויך די פרוכט פון דעם דאָזיקן זיג.

טייערע ברידער און שוועסטער! מיליאָנען יידן אין דער וועלט, בפרט אָבער דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל, טראַכטן כסדר וועגן אייך מיט דער טיפסטער זאָרג, זוכן אייך צו העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך אין אייערע לויב־ווערטע אָנשטרענגונגען צוריקצוקריי־צוקומען אין נאָרמאַלן לעבן. איר האָט רעכט דערויף. איר האָט דער־וויזן דעם אומאָפּפרעגלעכןביישפּיל, ווי יידן שטאַרבן אין געטאָ: ווירדיק, מענטשלעך, מיט געווער אין האַנט.

איך ברענג אייך איצט אַ גרוס פון די, וואָס ווייזן ביי היינטיקן טאָג, ווי עס לעבן און קעמפן יידן אין ארץ־ישראל. ס׳איז אַ לעבן פון אַרבעט, אַ קאַמף נישט פאַר זיך, נישט פאַר יחידים, נאָר פאַרן גאַנצן יידישן נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו. די יאָרן פון אונדזער תקופה מוזן זיין יאָרן פון ערלעכן חשבון־הנפש און טיפסטער אחריות פאַרן אייגענעם גורל און פאַרן גורל פון אונדזער פאָלק.

פון דעם תהום פון אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע שטייגן מיר אויף צום ווייטערדיקן לעבן. טאָר עס נישט זיין קיין הפקר־לעבן. לעבן יידיש איז אַ פּריווילעגיע, אַ זכיה. דאַרפן מיר, איבערגעבליי־בענע, זיין ראוי צו יידיש לעבן. ס׳איז פון אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם אַרויסגעצאַפּט געוואָרן אָן אַ מאָס לעבנס־ענערגיע און אַרבעטס־קראַפט. עס זענען פון אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם אָפּגעהאַקט גע־וואָרן די סאַמע פרישסטע און פרוכפּערדיקסטע יונגע־גלידער. מוזן מיר ציטעריק און זאָרגעוודיק זאַמלען אונדזערע צעשאָטענע און צעזייטע כוחות, צעמענטירן די שארית־הפליטה, און אין גורלדיקער אָנשפּאַנונג אויפברענגען די געפאָדערטע קראַפט און אחריות פאַר דעם קאַמף צו זיכערן דעם היינט און אויסשמידן דעם מאָרגן פון יידישן יחיד און כלל.

מיר ווילן מער נישט זיין קיין געצווונגענע און אוודאי נישט קיין פרייוויליקע מאָדערנע מאַראַנען; עס שטייט אונדז נישט אָן דאָס מזל און די ראָל פון אַן אַנוסים־פאָלק גריילעך אין דער היסטאָרישער

צייט, ווען ביי אַלע פעלקער אַנטפּלעקט זיך דער פּאָזיטיווער, פּראָגרעסיווער פּאַטריאָטיזם און זיי שטרעבן צום פרייען, פולבלוטיקן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויפשוווּנג.

ווילן מיר מאַכן אַ סוף צו דער פּאַטאַלער יידישער היימלאָזיקייט און מינדערווערטיקייט פון אומעטומיקע מיעוטים. ארץ־ישראל האָט דערוויזן פאַר אונדז גופא און אויך פאַר אַנדערע, סאַראַ גוואַלטיקע פּאָטענציעלע שאַפונגס־כוחות מיר פאַרמאָגן, אפילו בעת מיר זענען געצוווּנגען דורכצוברעכן זיך אַ וועג דורך אַ וואַלד אימפּעריאַליסטישע דערנער און קאַפּיטאַליסטיש־רעאַקציאָנערע שטערונגען. עס איז נישט פאַרדאַרט געוואָרן דער שורש און עס איז נישט אויסגעטרינקנט געוואָרן דער מקור פון אונדזער לעבנס־וויטאַליטעט. מיר גרייטן זיך צום ווייטערדיקן המשך.

דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל גריסט אייך, טייערע פאַריתומטע ברידער און שוועסטער, און רופט אייך צו געמיינזאַמער גענאַייניקטער העכערער אָנשטרענגונג, כדי צו פאַרווירקלעכן די געשיכטלעכע צוואה פון אונדזערע קדושים וטהורים: **נקמה פאַר די געשענדעטע, אחריות פאַרן ווירדיקן לעבן פון די איבערגעבליבענע!**

כ׳האָב היינט באַזוכט דעם געגשער בית־עולם. דאָס איינציקע, וואָס איז גאַנץ געבליבן קעגנאיבער דעם פאַרברענטן געטאָ און רואינעם פון וואַרשע. איך האָב באַזוכט דעם פרישן איינציקן באַקאַנטן קבר פון אונדזערע קעמפער, דריי חברים מיינע: פּאַליע עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו ערליך. כ׳בין געווען ביים „אהל־פּריץ”. כ׳האָב דאָרט, אויף די ווענט פון „אהל”, געלייענט די אומשטערבלעכע ווערטער פון דער „גאָלדענער קייט”, וואָס קלינגען איצט ווי ווערטער פון נבואה און פאַרפליכטונג.

טייערע ברידער און שוועסטער! כ׳ברענג אייך פון ארץ־ישראל אַ גרוס און אַ רוף, צו רינגלען ווייטער די „גאָלדענע קייט” פון אונדזער פאָלק — דורך טרערן, יסורים, מסירת־נפש און פּאַטאָס פון קאָלעקטיוון פרייען יידישן שאַפן.

**מיר לעבן און וועלן ווייטער לעבן!**

## I.

# אַ נאַכט אין בערלין

זעקס שעה האָבן מיר געוואַרט אין פּאַריז אויפן פּלי־פעלד פון לע־בורזשע און נישט געהאַט קיין דערלויבעניש צו לאָזן זיך אין לופט־וועג. די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע, אַ קלאָרע, דער פרימאָרגן — אַ העלער, און פּלוצים האָט זיך פון ערגעץ אַ שפּאַר־געטון אַ נעפּל, וואָס האָט אַלץ פאַרשלונגען. דער אויטאָ האָט זיך גערוקט לאַנגזאַם און גע־בלאָנדזשעט אויפן גוט־באַקאַנטן שאָסיי פון פּאַריז. דער נעפּל איז געווען אַ געדיכטער, אַ פייכטער, די קעלט איז אַריינגעדרונגען אין די ביינער און דורכגענומען דעם גאַנצן קערפּער. האָט די דירעקציע פון לופט־פּלאַץ נישט דערלויבט זיך לאָזן אין וועג אַריין. מ'האָט אַפילו געוווסט, אַז ס'איז אַ לאָקאַלע דערשיינונג, אָבער די פראַנצויזן זענען פאָרזיכטיק און ווילן נישט ריזיקירן.

אונדזער פּוילישער אַעראָפּלאַן האָט געדאַרפט פליען דירעקט קיין וואַר־שע, אָבער די שעה פון אָפּפלי האָט זיך שטאַרק אָוועקגערוקט, איז קלאָר געוואָרן, אַז קיין וואַרשע קאָן מען בשום אופן נישט באַווייזן, ווייל אין וואַרשע ווערט 4 אַזייגער שוין פינצטער, וועט מען נישט קאָנען לאַנדן. איז געבליבן, מען זאָל פליען ביז בערלין און דאָרט איבערנעכטיקן, כדי אין דער פרי זיך לאָזן אין ווייטערן וועג. אַלע פּאַסאַזשירן זענען געווען אָנגעדרודלט, ברוגז. זיי האָבן זיך געאײַלט קיין וואַרשע צו זייערע גע־שעפטן, און עס איז געווען אַ שאָד פטרן די נאַכט.

מיך האָט עס אַ ברי־געטאָן: זיין אין בערלין, טרעטן אויף דער פאַר־שאָלטענער ערד, אַ קוק־טאָן פון דער נאָענט, כאָטש אויף אַ סימן פון דייטשן חורבן! עס האָט אין מיר געטאַנצט אַן אינערלעכע פרייד: נעכטיקן אין בערלין.

ביטאָג האָבן מיר זיך אויפגעהויבן, נאָך איידער דער נעפּל איז צעגאַנגען. דער סאָוויעטישער אינסטרוקטאָר־פּילאָט האָט זיך אַליין אָוועק־געזעצט ביים רודער און כ׳האָב נישט באַמערקט, ווי מיר האָבן זיך אריינ־געגליטשט אין דער לופט. אַזוי ווייך און גלאַטיק האָט דער אַוויאָן גע־שניטן זיין וועג פאַרויס און געבראַכט דעם נעפּל. אַ צוויי שעה שפּעטער האָבן מיר אָנגעטראָפן שניי־זאַווערוכעס. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך גענומען וואַקלען. כמאַרעס פוכיקע, ווייסע האָבן זיך געטראָגן אונטער אונדז, ברו־דיקע, געלע באַרג־וואָלקנס האָבן זיך געשפּאַרט אַנטקעגן מיט ווּט, און מיר זענען געפלויגן העזהדיק און אַרויסרופנדיק פאָרויס און העכער; פון צייט צו צייט פלעגט אַ בלענד־טאָן די אויגן אַ פאַרשנייט פעלד נאָכן שוואַרצן וואַלד, און דער רהיין איז איינס־צוויי פאַר אונדזערע אויגן אי־בערגעשפּרייזט געוואָרן, אָן שום שטערונג פון דער „דייטשער וואַך".

אין אַ האַלבער שעה אַרום וועלן מיר זיין אין בערלין! — דערקלערט מיר מיין שכן, אַ געניטער רייזנדער, ווייזט אויס, האָט אַ שייכות צו אַוויאַציע און קען דעם וועג. מיר פליען צום טעמפּלהאָפער פלי־פּלאַץ. ס׳איז שוין טונקל, אָבער דאָס נאָענטע בערלין שימערירט נישט ווי אַמאָל מיט זיינע טויזנטער ליכטער און פייערן. עס ווינקען בלויז די רויטע צייכנס פון פלי־פּלאַץ, און אָט זענען מיר אויף דייטשן באָדן.

איך גלייב זיך נישט. איך פאַרשטיי נישט, וואָס עס קומט פאָר אין מיר. איך וואַרט אויף עפּעס. איך האָב נאָך נישט געזען קיין לעבעדיקן דייטש נעבן זיך, זינט דעם קריג. באַלד וועל איך אים באַגעגענען אַ צעבראָכענעם, געבויגענעם, געהאָרכזאַמען. מיר קומען אריין אין דער אַמעריקאַנער אויפנאַמס־האַלע. מיר זענען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. איינער פון דער פּוילישער האַנדלס־מיסיע איז שוין דאָ געווען אַ פּאָר מאָל, פירט ער אונדז גלייך אין דער קאַפעטעריע. ער רעדט ביים בופעט מיט אַ מיידל. ווער איז זי? ברונעט, געקרויזטע האָר, אַ שעלמישער שמייכל, אַן אַרויסרופנדיקער. ענגליש קען זי נאָר אַ פּאָר ווערטער. זי

איז אַ ד י ט ש ק ע. פאַראַן דאָ נאָך עטלעכע. און אַלע, ברונעטע און ס'רוב בלאָנדע, פילן זיך היימיש און פריי מיט די אַמעריקאַנער זעלנער. אַט זענען עטלעכע ציווילע ד י י ט ש ן, ווייזט אויס פון דער באַדי־נונג דאָ. אַן עלטערע דייטשקע ברענגט עפּעס אין אַ שיסל. צו אַלדי שוואַרצע יאָר: ווי פריי און היימיש זיי האַלטן זיך, די מערדער פון מיינע שוועסטער און ברידער! די רוצחים פון מיין פאָלק!

װעלן מיר דאָ בלייבן נעכטיקן אויפן פלי־פּלאַץ? װעל איך טאַקע נישט זען די שטאָט, נישט קיין עק און ווינקל. ס'הייבט מיך אָן פּרעסן אַ וואָרעם פון אַנטוישונג. צו וואָס זענען מיר אַהערגעקומען? בלויז צו זען, ווי די דייטשע מיידלעך באָטן זיך ממש אָן צו זייערע אַמעריקאַנער באַהערשער?!

אַ בשורה! דאָ װעלן בלייבן נאָר די באַדינער, דער פּערסאָנאַל פון אַוויאָן. די פּאַסאַזשירן װעלן אַוועקגענומען ווערן אין דער פראַנצויזישער זאָנע צום פראַנצויזישן פלי־פּלאַץ. מאָרגן פרי וועט מען אונדז צוריק ברענ־גען אַהער. בראַוואָ! װעלן מיר צוויי מאָל דורכפאָרן די גאַנצע שטאָט, ווייל די פראַנצויזישע זאָנע איז פונקט פון דער אַנדערער זייט.

כדאַי און נאָכאַמאָל כדאַי געווען דער פאַרשפּעטיקטער ארויספלי און דאָס איבערנעכטיקן אין בערלין. מען זעצט אונדז אַריין אין אַ געוויינ־לעכן מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, אַ צוגעדעקטן. שפּאַר איך זיך צום אָפּע־נעם ברעג, איך זאָל קאָנען אַרויסקוקן.

יאָ, א י ך ה אָ ב  ג ע ז ע ן  ד אָ ס  צ ע ש ט ע ר ט ע  ב ע ר־ ל י ן. איך האָב עס ערשט נישט לאַנג געזען אין פילם אין לאָנדאָן און שפּעטער אין פּאַריז. ניין, ס'איז קיין דמיון און פאַרגלייך נישט צו דעם, וואָס כ'האָב געזען היינטיקן אָוונט. יאָגנדיק זיך אין מיליטערישן אויטאָ אַ שעה צייט נאָכאַנאַנד, איבער דער גאַנצער לענג פון בערלין. א ז ו י נ ס האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט. אמת, די פּאָליאַקן, וואָס זיצן מיט מיר און איך דריק זיי אויס וואָס אַ רגע מיין התפּעלות, זאָגן מיר: האָסט נישט געזען, פּאַניע, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון ו ו אַ ר ש ע ! מעג־לעך! ערשט מאָרגן בייטאָג װעל איך אַ קוק טאָן אויף וואַרשע. אָבער גוט, וואָס איך זע שוין איצט, צוערשט, בערלין! איך װעל מאָרגן וויסן, ווייל כ'װעל האָבן געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, א ז  ד י  ד וו־

טשן איז כמעט שטענדיק געווען ס׳צענטער פאר ווארשע.

און פאר אונדז?

איך האב זיי נאך נישט געזען, די דייטשן, זייערע מענער, פרויען און קינדער, די מאסן, די מיליאנען. דערווייל האב איך נאר געזען דעם מאטעריעלן חורבן. אן אנדערש מאל וואלט עס מיך אויפגעשווידערט. אין לאנדאן בין איך ארומגעגאנגען וואכן און נישט געקענט קומען צו זיך פון פארדראס, הלמאי מען האט אזוי אויסגעברענט און פארניכטעט גאסן און קווארטאלן.

איצט האב איך זיך איינגעגעסן אין דער נאכט־פינצטערניש, גע־קוקט גיריק, געשלונגען און געזאפט אין זיך די שרעקנס־בילדער, וואס האבן ארויסגעכטארטשעט פון יעדן שפאן און טראט. נישט הייזער בלויז, און נישט גאסן און קווארטאלן — גאנץ בערלין איז פאר־ברענט און צעבאמבט. פינצטער, ווייל קיינער קאן דארט נישט וווינען. שטיקלעך איבערבלייבעכצן דערציילן, אז דא זענען געווען זייער לייטישע און חשובע געגנטן. איצט קוקן בלינד און ביטער די לע־כער און שטאנגען, צייכנס פון אמאל, און דערציילן, אז הויז נאך הויז, גאס נאך גאס, געגנט נאך געגנט איז די נקמה נאכגעגאנגען און פאר־פאלגט די דייטשן אין זייער הויפט־שטאט און זיי געצאלט. אנטשידן, אן רחמים און ריקזיכט, פעסט און זיכער, דורות זאלן געדענקען און קומענדיקע קינדס־קינדער איבערגעבן וועגן דער וויסטער, בייזער און שענדלעכער גערעכטער מפלה פון היטלערישן נאציזם.

ווו זענען זיי אהינגעקומען, די אלע איינוווינער פון אט די הייזער און געביידעס? מסתמא שלעפן זיי זיך ארום איבער די וועגן פון אייראפע און זוכן א מקלט פאר זיך, דערוועקנדיק רחמנות ביי די חסידי אומות העולם. ווי דער ענגלענדער פריסטלי, און וויקטאר גאלאנץ, דער ייד, וואס סיגנאליזירן אליארם, מען זאל נישט לאזן, חלילה, די דייטשן הונגערן און פריהן היינטיקן ווינטער.

איך האב אין זיי דערלעבט נקמה. איך ווייס נישט, צי פאסט עס זיך אריין אין א טעאריע. פון נעכטן־אן גייט מיר נישט ארויס פון קאפ און הארץ דאס בילד פון קיבוץ שפיים, ווו יידישע ארבעטער —

מענער, פרויען און קינדער — ראַנגלען זיך פּנים אל פּנים מיט די בעס־טע „דיוויזיעס פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט”, נאָר דערפאַר, ווייל ארץ־ישראל וויל העלפן די איבערגעבליבענע יידישע רעשטלעך פון דעם נאַ־צישן מאַידאַנעק און טרעבלינקע, צו געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ ברידערלעכע וואַרעמקייט אין אייגענער היים. נאָר דערפאַר, וואָס זיי, די יידישע איינוווינער פון ארץ־ישראל, ווילן נישט בלייבן אָן אייגענעם געווער, הפקר צו יעדן איבערפאַל, ווי די יידן פון מצרים און טריפּאָלי ערשט־וואָס מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק.

קיינער האָט זיך נישט אָנגענומען די קריוודע פון אונדזערע עופה־לעך, וואָס זענען בעסטיאַליש פאַרטיליקט געוואָרן פון די נאַצים. קיי־נער נעמט זיך נישט אָן די עוולה פון אונדזערע אָפּגעראַטעוועטע קרבנות.

עפן איך מיין האַרץ און שעפּ מיט די פולע לונגען דעם נחת פון נקמה צוליבן חרוב־געוואָרענעם בערלין. נאָך אַ קילאָמעטער און נאָך אַ קילאָמעטער — די נקמה לענגערט זיך אויס און ציט זיך איבער גאַנץ בערלין.

ס׳וואָלט מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז אַ מענטש איז מסוגל צו פרייען זיך, צוקוקנדיק חורבן. ס׳איז אָנגענומען, אַז פרייד ווערט אַרויס־גערופן נאָר ביים אָנבליק פון אויפבלי, אויפבוי. יאָ, אַזוי איז עס גע־ווײנלעך, נאָרמאַל, אומעטום.

אָבער נישט אין בערלין, א י צ ט !

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געקוקט אויף חורבן און ס׳האַרץ איז מיר געוואָרן „ברייטער ווי לענגער”; כ׳האָב געפילט, אַז איך ווער פאַרכליניעט פון גליק, צוזעענדיק, וואָס פאַר אַ תל מ׳האָט געמאַכט פון דער מאָנומענטאַלער פאַררעסענער נאַצישער הויפּט־שטאָט.

פאַראַן נאָך, הייסט עס, אַ פרייד אין יידישן לעבן.

ס׳אַרא גליק עס איז צו בלייבן אַ נאַכט אין בערלין.

מ׳האָט אונדז געשיקט מיט אַ צעטל צו אַ דייטש, מיר זאָלן דאָרט נעכטיקן. מיר זענען אין צווייען, מיט אַ פּוילישן דעלעגאַט צו דער יוגנט־וועלט־קאָנפערענץ אין לאָנדאָן. מיר שעמען זיך אַריינצוגיין אין אַ פרעמדן הויז ביינאַכט.

זאָגט מיר מיין צופעליקער קאָלעגע: האָסט געדאַרפט זיין בעת דעם

קריג אין פוילן, וואָלסטו געזען, מיט וואָס פאַר אַ ברוטאַליטעט ז י י זענען אַריין אין די הייזער און זיך געשאַפן.

אונדז עפנט אַן עלטערע דייטשקע, קוקט אַריין אינעם פּאַפּירל, העפ־לעך און איינגעהאַלטן־טרוקן פירט זי אונדז אַריין אין צימער, ווייזט אונדז אויף די בעטן.

זענט איר פראַנצויזן? ניין. פּאָליאַקן.

איך גיב־צו: אַ ייד פון פּאַלעסטינע.

זי איז איינגעהאַלטן און לאָזט נישט דערקענען איר רעאַגירונג.

איז אפשר דאָ עפּעס צו עסן? ניין, גאָרנישט. מיר האָבן אַלץ ראַ־ציאָנירט.

אין פוילן, זאָגט מיין שכן, פלעגן זיי אַ נ ד ע ר ש רעדן. נישט פרעגן, נאָר ב אַ פ ע ל ן צ ו ד ע ר ל אַ נ ג ע ן ע ס ן. מיר קאָנען נישט אָט די מלאכה און טויגן זיך נישט אויס צו איר.

איך היים איר מאַכן טיי. זי האָט נישט קיין טיי־עסענץ.

ס'מאַכט נישט. זאָל זי אויפקאָכן וואַסער. מיר האָבן טיי. זי טראָגט אַריין דעם אויפגעקאָכטן טיי. ריין, ציכטיק, העפלעך. ציט־איבער דאָס בעטגעוואַנט. פרעגט זיך, צי זי שטערט אונדז נישט מיט איר אַרבעט איצט, בעת מיר טרינקען, און ווינטשט אַ גוטע נאַכט.

אַ ייד פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליאַק פון נייעם פוילן זיצן אין בערלין אין אַ דייטשישע הויז לויט אַ פאַראָרדע־נונג פון פראַנצויזן און טרינקען טיי.

דער שכן דערציילט מיר, אַז ער פלעגט אין געטאָ ווארשע אָפּט זיין און אויפהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דעם יידישן אונטערערד. ער איז מיד, דער שכן, לייגט ער זיך שלאָפן. איך בין וואַך. איך זיץ און שרייב וועגן חורבן בערלין.

אויפן וועג אַהער האָב איך באַמערקט אין איין גאַס אַ גרויסן סטאַ־לין־פּאָרטרעט, שטאַרק באַלויכטן, און נעבן אים אַ רויטע פאָן. ס'איז גוט געווען, וואָס די רויטע אַרמיי איז די ערשטע אַריין אין בערלין. פריי איך זיך, וואָס כ'טרעף אויף די גאַסן פון בערלין די ערשטע פאָן די רויטע.

זי האָט די נאַצים אַביסל ב אַ צ אָ ל ט.

## II

# אויפן טעמפלהאָפער פלי־פלאַץ

נישט געקענט איינשלאָפן די נאַכט אין בערלין. אַ פוכיקע קאָלדרע האָט געזאָלט וואַרעמען דעם גוף. אָבער אַ גאַנצע נאַכט האָט מיך געבריט: ווער ווייסט, פון וועלכן יידישן הויז מ׳האָט אָט די קאָלדרע אַוועקגע־שלעפט און געבראַכט אַ געשאַנק אַהיים פון מזרח־פראָנט?

קוים דערוואַרט זיך אויפן פראַנצויזישן מיליטער־אויטאָ, וואָס האָט אונדז געפירט צוריק צום פלי־פלאַץ אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. ווו ס׳האָט גענעכטיקט אונדזער אַעראָפלאַן. ס׳איז שוין גרויסער טאָג. קאַלט. שטעכיק. פראָסטיק. די בערלינער גאַסן זענען פוסט. אָבער ערשט איצט זעט מען דעם גרויסן קאָשמאַר פון דער נאַצישער הויפּט־שטאָט, וואָס איך האָב בלויז געזאַנט נעכטן, ווען איך האָב זיך אין זעלבן אויטאָ געיאָגט איבער די גאַסן אין דער שטאָק־פינצטערניש. געווים קאָן מען נישט וווי־נען אין אָט די הייזער. חורבן איבער בערלין. באַקאַנטע גאַסן און פּלע־צער: בערלינער שטראַסע, קורפירסטענדאַם, אַלעקסאַנדער־פּלאַץ, שלע־זישער באַנהויף, פרידריך־שטראַסע, לעהרטער, דער צענטער פון בערלין, די קאָמענדאַנטור, די פּאָליציי — חרוב ונחרב. הרודעס אויף הרודעס; דייטשע מענער און פרויען רייניקן אָפּ די טראָטואַרן און שלעפּן־אַוועק דאָס מיסט פון די צעבאָמבטע בנינים. וויפל יאָרן וועלן אַוועק ביז מען וועט אַוועקראַמען דאָס מ י ס ט פון דעם נאַצישן דייטשלאַנד?

אויפשריפטן, פּלאַקאַטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איצט זע איך דעם סטאַלין־פּאָרטרעט קלאָר און בולט אויף דער גאַס. געבליבן

מודעות פון די וואלן און פייערונגען. פענער פון אלע דריי פעלקער־באַ־פרייער. אָבער די רויטע פאָן, דער סערפּ און האַמער, פילן זיך, ווי די הויפּט־מחותנים.

אויפן אַמעריקאַנער פלי־פּלאַץ זוך איך אַ פּאָסט־קעסטל, כדי צו עקספּעדירן מיין נעכטן־אָנגעשריבענעם גרוס פון בערלין. איז אָבער אויפן פּאָסט־קעסטל בפירוש אָנגעשריבן, אַז ס'איז נאָר פאַר מיליטער־לייט. גיי איך צו צו אַ לויטנאַנט און דערקלער אים אויפריכטיק: אַזוי און אַזוי: כ'בין אַ ייד פון ארץ־ישראל. כ'האָב דערלעבט און געהאַט די זכיה צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן דעם חורבן פון דער הויפּט־שטאָט פון די מערדער פון מיין פאָלק. האָב איך חשק צו שיקן אָט דעם גרוס דווקא פון דאַנען, עס זאָל זיין דער פּאָסט־שטעמפּל פון בערלין, פון צעשמע־טערטן בערלין, צו ארץ־ישראל, וואָס בויט זיך. בעט איך דיין עצה און הילף.

— ליידער. גענעראַל אייזנהאַוער האָט ארויסגעגעבן אַ בפירושע פאַר־אָרדענונג, מען זאָל די פּאָסט פאַר קיין ציווילע בשום אופן נישט באַ־נוצן.

ער קוקט אויף מיר מיט טרויעריקע אויגן, דער אַמעריקאַנער לויט־נאַנט. ער פאַרשטייט מיך, ער פילט מיר מיט. אָבער ס'איז געזעץ. כ'בין אים חושד, אַז ער איז אַ ייד, אָט דער שוואַרצהנעוודיקער מיליטער־מאַן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און ער פאַרשטייט דעם ייד פון ארץ־ישראל. אָבער, ווער וועט עס וואַגן עובר צו זיין די פאַראָרדענונג פון אַ גענעראַל אַ באַפרייער?

זיץ איך אַ באַזאָרגטער. עס רוקט זיך אָן די שעה פון אונדזער אָפּ־פלי און דער בריוו ברענט מיך. לויער איך אויף אַ יידיש געזיכט. אַלע יוונים האָבן איין פּנים. אפשר אָט יענער מיט אַזאַ סימפּאַטיש אויסזען?

— קאָנסטו מיר העלפן אָפּשיקן אַ בריוו קיין ארץ־ישראל. אַ בריוו פון דער נאַצישער חרובער הויפּט־שטאָט וועט מוטיקן און מונטערן מיינע יידישע ברידער אין ארץ־ישראל.

— ווילסט מיך אָנרעדן צו האַנדלען קעגן געזעץ?

— חלילה. איך פרעג נאָר אַן עצה. אדרבא, אפשר איז דאָ אַן אַנדע־רער וועג?

— קאָנסט שיקן דורך דער יידישער קהלה אין בערלין.

— נישטאָ קיין צייט צו זוכן זי, ווייל מיין עראָפּלאַן פליט באַלד אָפּ. כ׳פלי קיין ווארשע, און מיר גלוסט זיך האָבן דעם שטעמפל פון בערלין נאָך דער נאַצישער מפּלה.

— ביסט פון פוילן אָדער פון פּאַלעסטיין?

— כ׳האָב לאַנגע יאָרן געלעבט אין פוילן, און פּאָר איצט פון ארץ־ישראל, כדי זיך אומצוקערן שפּעטער צוריק אהיים. פון וואַנען קומסטו?

— פון אַריזאָנאַ.

— איך קען אַריזאָנאַ. איך האָב אַנומלטן באַזוכט דעם גרענד־קע־ניאָן אויף אַריזאָנאַ. פון די וואונדערלעכסטע ערטער אין דער וועלט, פּונקט ווי די ראָקי־מאָונטענס אויף וועסט קענעדע.

— קומסטו פון פּאַלעסטיין? ווי זענען דאָרט די באַציאונגען צווישן יידן און אראַבער?

— צווישן יידן און אראַבער איז אייגנטלעך איצט שטיל. האָסט גאָרנישט געלייענט וועגן צוזאַמענשטויסן צווישן די דאָזיקע פעלקער, הגם מען האָט שוין פון לאַנג איינגעלאַדן קאָרעספּאָנדענטן פון אויסלאַנד צו זיין עדות פון די בלוטיקע יידיש־אראַבישע קאַמפן. דערווייל איז דער ספּעקטאַקל אָפּגעלייגט געוואָרן, און ס׳איז אַ געראַנגל צווישן בריטיש מיליטער און יידישע אַרבעטס־מענטשן.

— וועגן וואָס איז דער קאַמף? מיר ווילן נישט מפקיר זיין אונד־זערע געראַטעוועטע רעשטלעך פון מאַידאַנעק און טרעבלינקע. מיר ווילן זיי געבן אַ פּלאַץ אין אונדזער היים. מיר האָבן גאָרנישט קעגן דעם ברי־טישן פאָלק און אַוודאי נישט קעגן — בריטישע זעלנער, וואָס זענען יאָרן נאָכאַנאַנד געגאַנגען צוזאַמען מיט אונדזערע העכער דרייסיק טויזנט פריי־וויליקע קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. מיר האָבן געמיינזאַם באַקעמפּט דעם פיינט. מיר ווילן כאָטש עפּעס געניסן פונעם נצחון. מיר קאָנען זיך נישט פאַרלאָזן אויף פרעמדער שוץ. האָסטו געלייענט וועגן מצרים און וועגן טריפּאָלי? מיר ווילן זיך נישט לאָזן שעכטן. מיר ווילן נישט זיין הפקר. מיר ווייסן צו שעצן דאָס מענטשלעכע לעבן. אונדזער געווער איז פון תמיד ריין. מיר זענען געקומען אין אונדזער היים צו ב ו י ע ן און זענען גרייט אָט דאָס רעכט צו פ א ר ט יי ד י ק ן, קעגן אַלעמען.

אין געשפּרעך האָט זיך אַריינגעמישט אַ פּריש צוגעקומענער אַמע־ריקאַנער:

— קומסט פון תּל־אביב? מ'זאָגט, אַז ס'איז אַ פּרעכטיקע שטאָט פון דורכויס יידן. שפּאַנסט איבער די גאַסן און טרעפסט בלויז יידן.

— אמת, אַלץ איז דאָרט געבויט דורך יידן. די גאַס, דער טראָ־טואַר, דער בנין, די פאַבריק און די וואַסער־לייטונג. מאַטעריעל און גייסטיק. אַ סך אַמעריקאַנער פון קאַירע און אויך פון איטאַליע קומען צו אונדז פאַרברענגען זייער אורלויב.

— טאַקע? זיי דערציילן זיך אַז וואונדער וועגן די יידן און וועגן דעם לאַנד. חידושים און וואונדער אין מדבר. כ'וואָלט אַליין געדן געגאַנגען זען תּל־אביב. אָבער מען האָט אונדז פאַרוואָרנט צו פאָרן אַהין. צוריקגערופן די דערלויבענישן. זענען די אַראַבער טאַקע באמת קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג?

— אַזוי זאָגן זייערע פירער. די זעלבע זענען געווען קעגן יידישער איינוואַנדערונג אויך מיט 35 יאָר צוריק. אויך מיט 25 יאָר צוריק. מיט 15 יאָר צוריק. ווען עס זענען געווען 50 טויזנט יידן אין לאַנד און ווען ס'זענען 600 טויזנט יידן. ס'איז די זעלבע טענה. נישטאָ כלומרשט קיין פּלאַץ פאַר נ י י ע איינוואַנדערער. קעגן די ביז איצט איינגעוואַנדערטע האָט מען שוין נישט קיין טענה. קיינעם פאַלט נישט איין צו פאָדערן, מען זאָל באַטש אַ קליינעם טייל פון די, וואָס זענען שוין אין לאַנד, צווינגען אַ ר ו י ס פ אָ ר ן, מחמת ס'איז פאַר זיי נישטאָ כלומרשט קיין אָרט. זאָגן מיר: אַלע יידן האָבן די זעלבע רעכט איינצוואַנדערן און לעבן אין ארץ־ישראל, ווי די איצטיקע 600 טויזנט יידן. ס'איז נישט אויסן חשבון פון די אַראַבער, פון וועמען עס איז. דאָס לעבן און די לאַגע פון די אַ ר אַ ב י ש ע מ א ס ן האָט זיך געבעסערט אַדאַנק דער יידישער איינוואַנדערונג.

— יידן ווילן און זענען גרייט צו באַזעצן די ווילדע וויסטע שטחים

— העלפט מיר אונטער דער פריש צוגעקומענער מיטשמועסער, און כ'זע, אַז זיינע אויגן ווערן אַלץ מער יידישער.

— ריכטיק. אייערע אַמעריקאַנער געלערנטע, ווי פּראָפעסאָר לאָוּ־

דערמילק, שטעלן־פעסט, אַז דאָס לאַנד קאָן נאָך, ביי געהעריקער אירי־גאַציע, אויפנעמען מיליאָנען נייע זידלער. און דאָס ווילן מיר.

— זענען דען די ענגלענדער אויף דער זייט פון די אַראַבער?

— היינט, ווייל זיי ווילן זיי אויסנוצן קעגן די יידן. מאַרגן קאָן די פּאָליטיק דיקטירן אַן אַנדער טאַקטיק. דער פּרינציפּ איז שטענדיק דער זעלבער: צעטייל און הערש.

— ווי זעסטו איצט אייראָפּע? וואָס וועט דאָ זיין?

— געראַנגל און קאַמף.

— און ווער וועט האָבן די נאָענטסטע יאָרן די השפעה דאָ?

— דער ראַטנפאַרבאַנד. איך זע אין בערלין הויפּטזעכלעך די רויטע פאָן.

— אמת, איך האָב געזען דאָס זעלבע אין ווין, — באַשטעטיקט דער אַריזאָנער, — בילדער פון זשוקאָוו און סטאַלין.

— פּונקט ווי דאָ אין בערלין.

— אָבער דאָס מיינט דאָך איינפלוס פון קאָמוניזם. איז עס גוט?

— דאָס וועט זיך אַרויסווייזן מיט דער צייט. דערווייל בויט אַט די אידייע. זי האָט געמוטיקט אין מלחמה. זי מאָנט אין טעג פון שלום, פילט איר נישט ווי אייראָפּע איז אויפגערודערט און אויפגעטרייסלט? די מאַסן פאָדערן זייערס. אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך, אין בעלגיע און אפילו אין די לאַנדערן און אין געוועזענעם אונטערערד.

כ'זע, אַז מיין אַעראָפּלאַן איז שוין פאַרטיק צום אָפּפלי. עס רוישן שוין די מאָטאָרן.

— אַ שאָד, וואָס מיר קאָנען נישט העלפן דיר בנוגע דעם בריוו. אפשר האָסטו מיט זיך אַ בילד פון תל־אביב? מיר וואָלטן גערן געבראַכט אהיים אַ געדענקעניש פון אָט דער שטאָט נאָך דיין גרוס. מיר וועלן זיך נאָך טרעפן אַמאָל.

באַלד וועלן מיר זיך לאָזן אין וויטערן וועג. ווער ווייסט, ווען איך וועל ווידער זיין אין דייטשלאַנד? ווער ווייסט, אַ וועלכע וועט דאַן זיין דייטשלאַנד פּאָליטיש? אַוועלכע וועלן דאַן זיין די דייטשן מיט זייער פּסיכאָלאָגיע און אַוואָסערע וועט זיין די באַציאונג צו זיי פון דער וועלט, וואָס האָט באַזיגט דעם נאַציזם?

מיין בליק כאפּט־אויף אַן אויפשריפט איבערן טואַלעט־צימער: פ אַ ר ד ײ ט ש ן ד ע ר אַ ר ײ נ ג אַ נ ג פ אַ ר ב אָ ט ן. אַזוי איז גוט. ס'הייסט, אין בערלין גופא, אין זייער הויפּטשטאָט, איז פאַרווערט פאַר די דייטשע „איבערמענטשן" פונעם „הערן פאָלק" אַריינצוגיין אין קלאָ־זעט, וועלכן אַנדערע קולטורעלע מענטשן באַנוצן, כדי אים נישט צו פאַר־שמוצן און פאַראומרייניקן...

וועט כאָטש אָט די סאַניטאַר־היגיענישע פאַראָרדענונג גילטן אויך אין ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל ע כ ן לעבן ביז די דורכן נאַציזם פאַרפּעסטעטע אומה וועט זיך ווי געהעריק דעזינפעקציאָנירן?

...דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַ לאָז־געטאָן מיט אימפּעט, גיכער פון בערלין. דער ווינט יאָגט פון הינטן. אין צוואַנציק מינוט זענען מיר שוין ביי דער נייער גרענעץ פון פּוילן,ביים טייך אָדער. די סאָוועטישע פּילאָטן פליען נידעריק, זעט מען די פּאַנאָראַמע ווי אויף דער האַנט. ס'יאָגט דער אַעראָפּלאַן און עס יאָגט דאָס האַרץ. אָט איז פּויזן. וועלכע שטעט קומען איצט? גיכער, געשווינדער. צי וועל איך אויסהאַלטן דאָס מאָל? איין שעה מיט דריי פערטל זענען מיר געפלויגן פון בערלין קיין וואַרשע. דער פּילאָט האָט געשלאָגן רעקאָרד. מיר זענען אין אָקענטשיע. דער ווינט רייסט ממש דעם קאָפּ. גרענעץ־באַאַמטע, וואַך. פּוילישע און סאָוועטישע. העפלעך. פּשוט. איך לאָז זיך פירן אין וואַרשע. אַ בלאָטע, נאָכן שניי און פראָסט, וואָס האָט געלאָזן ערשט די טעג. בלאָטע און צעשטערונג. כ'עפן האַרץ און מוח. כ'עס זיך איין אין דעם חורבן, וואָס שפּאַנט מיר אַנטקעגן.

אָט באַלד וועל איך זען. צי וועל איך האָבן ו ו אָ ס צו זען, צי איז דאָ ו ו ע מ ע ן צו זען?

III

## „שווער צו זיין אַ פּאָליאַק"

איך קאַן נאָך ביז איצט צו זיך נישט קומען. כ'מיין, אַז כ'וועל קיינ־מאָל נישט קומען צו זיך. אין דעם איז אפשר אַ שטיקל טרייסט און „באַ־פרידיקונג". ס'איז אַן עוולה לגבי זיך און אַ חטא, אויב מ'זאָל זיין בכוח צו פאַרגעסן דאָס, וואָס מ'זעט און, דער עיקר, וואָס מ'לעבט־איבער ביים באַזוכן וואַרשע.

איך בין אַהער געקומען צו פליען פון בערלין נעכטן אַרום 2 בייטאָג. קיינער האָט נישט געוווּסט געווי די צייט פון מיין אָנקום, האָב איך זיך איינער אַליין אומגעקוקט. איך קאָן נאָך אַלץ נישט באַנעמען, אַז איך בין טאַקע אין וואַרשע. אין וואַרשע — אַלס גאַסט? ! אין אַ האָ־טעל? נישטאָ קיין היים, קיין יידישע אַרבעטער היים אין וואַרשע. איך הויב אָן חושד צו זיין, אַז ס'איז נישטאָ קיין יידישע היים דאָ.

אין די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע, ווי לאָנדאָן, בריסל, פּאַריז, טרעפט מען שוין ווידער אויף שריט און טריט פּוץ און אויפגעוואַכטן לוקסוס. בפרט איז עס ריכטיק בנוגע פרויען. אָפּט שאָקירט די איבערטרייבונג, די אויפגעריסנ־קייט און שרייערישקייט, פּונקט ווי ס'וואָלט באמת אין אָט די שטעט און מיט די־אָ מענטשן גאָרנישט פאָרגעקומען און זיי האָבן לגמרי נישט גע־זען די גרוילן און שוידערס...

אין וואַרשע פעלט אינגאַנצן דער מין פּוצן זיך. ווי די מענטשן וואָלטן געשפּירט, אַז אויף רואינעס גייט מען נישט ־ איז עסיק און אין

האַניק״. די פרויען זענען איינגעהאַלטן אין זייער קליידונג. נישט נאָר דערפאַר, וואָס עס פעלט, און אויב מען קריגט, איז פאַר גרויסע געלטער. ניין, עס איז אַן אינערלעכע באַשיידנקייט, ווי מ׳וואָלט נישט וועלן מחלל זיין די חורבות...

דער גאַנצער פּאָן פון וואַרשע איז אַצינד גרוי. אייננטלעך איז עס דער פּאָן אויך פון אַנדערע שטעט, פון גאַנץ פּוילן. די מענטשן שטערן נישט דער פאַרבן־האַרמאָניע און זיי פּאַסן זיך אַריין אין דער אַלגעמיי־נער לאַנדשאַפט פון צעשטערונג און פאַרוויסטונג.

האָטעל „פּאָלאָניאַ״ איז באַ היינטיקן טאָג דער איינציקער מאָדער־נער גרויסאַרטיקער האָטעל, וואָס איז געבליבן גאַנץ אין וואַרשע און וואָס איז איצט טאַקע דער צענטער פאַר די אויסלענדישע געסט. די־פּלאָמאַטן און קאָרעספּאָנדענטן, דעלעגאַטן און מיסיע־מענטשן. דאָ איז אויך דער פּראַקטיק איינגעאָרדנטער רעסטאָראַן, וווּ מ׳קריגט כלערליי מאכלים, ווי אין די אַלטע פאַר־מלחמה־צייטן. מוזיק שפּילט, קעלנער זענען אויסגעשטעלט און וואַרטן אויפן ווונק. געטראַנקען אַלערליי ביז צו שאַמפּאַניער. באַקאַנטע ציען זיך דורך, ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ. כאָטש בענטש גומל נאָכאַנאַנד און מאַך שהחיינו. עס שטייען־אויף מענטשן פון קבר און גריסן דיך, הגם דו האָסט זיי שוין לאַנג מספּיד געווען און אָפּ־געריכט אבלות נאָך זיי. הערסט אַלערליי שפּראַכן: פּויליש, רוסיש, ענג־ליש, פראַנצויזיש, חוץ י י ד י ש, כאָטש ס׳איז צו שווערן, אַז די גרעסטע צאָל געסט זענען אחינו בני ישראל. זיי טראָגן אויך פרישע, נייע נישט־יידישע נעמען. זיי רעדן־אַרויס דעם נאָמען מיט אַ שמייכל פון טרויער און שעמעוודיקייט. מ׳גיט־צו האַלב־שפּאַסיק, האַלב־ערנסט: „ז׳דאַמו״ אַזוי און אַזוי. ס׳הייסט, דער יידישער נאָמען, בעתן יידישן גלגול, איז געווען אַזאַ און אַזאַ. אַ נייער טיפּ אַ ר י ע ר. איינער קען דעם צווייטן און ווייס זיין „אמתן״ נאָמען. אָבער קיינער וועט עס נישט געבן צו דער־קענען און צו דערפילן. אַמאָל איז אין דעם געווען סכנת נפשות. היינט איז עס מער טראַדיציע, געוווינהייט. און אפשר עפּעס מער? באַוואָרע־ניש און פאַרסטראַכירונג לגבי מאָרגן? מ׳איז דאָך, נאָך אַלעמען, נישט זיכער מיטן מאָרגן, צי וועט נישט אויסקומען ווידעראַמאָל זיך צו פאַר־

גרימירן. ס'איז אין דעם פּאַראַן ביי אַ געוויסן טייל, ספּעציעל ביי פּרויען, בראַוואַרישקייט, מ'וויל אָנהאַלטן דעם פריערן נוסח, ווייל היינט זעט ער אויס עטוואָס העלדיש... אַ פּאָזע פון העלדישקייט, על כל פּנים.

דער גאַנצער גרים אָבער שיילט זיך אַראָפּ און ס'ווייזט זיך אַרויס פון הינטער אים אַ שרעקעוודיק יידיש געזיכט, יידישע אויגן, וואָס ס'איז שווער אין זיי צו קוקן רואיק. אפשר ווייסן זיי, די באַזיצער פון די אויגן, אַליין נישט, וואָס עס דריקן־אויס זייערע בליקן. וואָס אַן אמת, די מענטשן באַמיען זיך לגמרי נישט צו ענדערן דעם בליק און מאַכן אָנשטעל, קוים האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, צוליב וועלכער עס איז סיבה, דער גרים. אין אַזאַ רגע עפנט זיך אויף דער קוואַל, און ס'רעדט זיך. אָן אויפהער, נישט געשטאַמלט, קלאָרע דיבורים, פון וועלכע עס גייט־דורך אַ סקרוך איבערן לייב און עס ווערט קאַלט אויף דער נשמה.

איידער עס זענען צו מיר געקומען חברים און באַקאַנטע, האָט זיך צו מיר צום טיש צוגעזעצט איינער אַזאַ, אַן אַריעריזירטער מאַראַן, און פּאַרפּירט מיט מיר אַ שמועס. באשר בכן, איך קען אים נישט, אָבער ע ר קען מיך. ס'הייסט אייגנטלעך קענען מיר זיך ביידע, דען מיר זענען צוזאַמען געפאָרן אויף אַ שיף קיין ארץ־ישראל. נאַטירלעך קאָן מען נישט געדענקען אַלע פּאַסאַזשירן, מיט וועלכע מ'טרעפט זיך בשעת די נסיעות. י ע נ ע רייזע דאַרף איך זיך דערמאָנען: עס זענען געפאָרן אַ סך חלוצים, און מ'האָט געוואָלט הערן פון מיר וועגן ארץ־ישראל. א י י ד ע ר די שיף קומט־צו צו די ארץ־ישראלדיקע ברעגעס. ער איז טאַקע דעמאָלט געפאָרן אַלס חלוץ. ער איז גרייכעך פון גאָר פּאַרמעגלעכע עלטערן, געהאַלטן אינמיטן שטודיום. אָבער ער האָט זיך אַריינגענומען אַן „אידעע פיקס" און איז אַוועק אַרבעטן. ער האָט געוואָלט פּערזענלעך רעאַליזירן דעם אידעאַל. האָט ער געאַרבעט אין עמק־חפר און אין אַנדערע ערטער אַ פּאָר יאָר. דעם קיבוץ פּאַרלאָזט, אין שטאָט נישט געוואָלט בלייבן, — איז ער אַוועק צוריק און דאָ זיך איינגעאָרדנט. ביז ס'איז געקומען דער קריג.

נישטאָ זיך צו באַקלאָגן. ער האָט זיך געראַטעוועט. יאָ, געווען אין געטאָ און מיטגעהאָלפן. אָבער אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַרישע פּאַפּירן, איז ער געבליבן עטוואָס אָן דער זייט. ער קען רוסיש, האָט ער מיטגע־

ארבעט שפעטער מיט די רוסן און זיך גאָר פיין איינגעאָרדנט. נאָר איצט, נאָך דער באַפרייאונג, פילט ער, אַז ס׳איז נישט גוט.

מ׳ווייס נישט, אַז ער איז אַ ייד און מ׳דערגייט אים נישט חלילה די יאָר, און מ׳שטעלט אים נישט אונטער קיין פיסל. אָבער ס׳איז נישט אין אָרדענונג. ס׳איז אים נישט צום הארצן דער גאַנצער ענין. עס איז אים נ מ א ס. עס קערט די גאַל. האָדיע. אַ סוף זאָל עס נעמען.

וויל ער בלויז וויסן, צי איז טאַקע פאַראַן אַ וועג קיין ארץ־ישראל? ער וואָלט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ ביסל געלט און אריין אין אַן אונ־טערנעמונג. ער האָט נישט מורא פאַר ארבעט. ער וויל נאָר נישט לאָזן זיך אין וועג אריין סתם. בלייבן שטעקן ערגעץ אין דייטשלאַנד. דאָס — נישט!

מ׳האָט זיך אָנגעהויבן זאַמלען ביי מיר, און דער פּריש־באַקאַנטער האָט זיך אָפּגערוקט; נישט כדאַי, מען זאָל אים דאָ זען אין אָט דער סביבה, הגם ער קען זיך מיט זיי אַלע און איז מיט די פריער אַנומלטן געווען אדרבא־ואדרבא. איצט איז געזונטער, ער זאָל זיך האַלטן פון דער זייט.

דער ערשטער „ברוך־הבא" אין וואַרשע האָט מיך צעטומלט. דאַרף מען נאָך א י צ ט, נאָך דער באַפרייאונג, ביי א ז א רעגירונג שפּע־קולירן און מאַכן קאָמבינאַציעס בנוגע דעם יידישן נאָמען און אָפּשטאַם? איז דער ענין ארץ־ישראל פאַרקראָכן אַזוי ווייט, אַפילו צו די, וואָס האָבן זיך איינגעאָרדנט אַלס אַריער און זענען פעסט אין זייערע „אַרישע" פּאָ־זיציעס?!

שפּעטער האָב איך געהאַט מערערע באַגעגענישן מיט די „אַריער". זיי האָבן מיך אויסגעזוכט און אויסגענוצט די פאַרשידנסטע אויסריידן, כדי צו כאַפּן אַ שמועס „אויג אויף אויג", קיינער זאָל חלילה נישט באַ־מערקן, אַז זיי זענען אַריין צו מיר. און דער עיקר — קיינער זאָל נישט צוזען זייער „שוואַכקייט" און נישט שטערן זיך „אויסצורעדן". אין משך פון יאָרן האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבן גאָר אַ סך, וואָס דריקט אויפן געמיט און ווערגט אין האַלדז. זענען זיי, ווי יענער ייד ביי שלום עליכמן, געקו־מען צו מיר, כדי „אָראָפּצורעדן זיך פון האַרצן" און געוואָלט, איך זאָל אויסהערן ז יי א ל יי ן, און נישט זייער קראַנקהייט. עס איז אפשר

די אייגנאַרטיקסטע פאָרם פון דער יידישער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע ביים יחיד ביי היינטיקן טאָג. זי איז כלל וכלל נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר פּוילן דווקא. די זעלבע דערשיינונג טרעפט מען אויך אין בעלגיע און אין פראַנקרייך. דאָרטן איז זי נאָך ערשט אין עמבריאָן, בעת דאָ איז זי שוין צוגעקומען צום שפּיץ פון דער אַנטוויקלונג. ס'איז שוין ווייטער שווער, כמעט אוממעגלעך צו ציען און שלעפּן די לאַסט.

„שווער צו זיין אַ פּאָליאַק!" ס'האָט מיך ממש אַ ברי־געטאָן דאָס ווערטל. אין ערשטן מאָמענט האָב איך פשוט נישט תופס געווען זיין מיין. צענדליקער יאָרן האָבן מיר אָנגעקוואָלן פון שלום עליכמס טרעפלעכן אויס־דרוק „שווער צו זיין אַ ייד". מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דער סוף פּסוק און אַז אין דער יידישקייט שטעקט די שווערקייט, נישט צום דערטראָגן. אָט האָט אַ גוי געפּרוווט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ייד און האָט אַרויפגעוואָלגערט אויף זיינע ברייטע גויאישע פּליי־צעס די לאַסט בלויז פון דער אויסערלעכער יידישקייט, און ער בייגט זיך אין דרייען אונטער דער משא, וואָס דער אויסגעדווווערטער יידישער גוף שלעפּט אויף זיינע שמאָלע אַקסלען טויזנטער יאָרן. האָט ביי אונדז געקלעקט געבוג הומאָר „אַריינצוגיין אין דער לאַגע" פון דעם קריסטלעכן סטודענט און מיר האָבן גוטמוטיק געלאַכט: „לאָז־אָפּ, ברודערל, נעם זיך נישט אונטער קיין טרחה, וואָס ס'איז נישט פאַר אייערע גויאישע כוחות".

איצט הער איך זיך צו צו די רייד פון דעם ייד, וואָס האָט זיך יאָרנ־לאַנג פאַרשטעלט פאַר אַ פּאָליאַק און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר יידישע טראַגישקייט פון אַ נייעם מין: די טראַגעדיע פון אַרישער יידישקייט. מיין באַזוכער איז אַ מאַן אין די פרי־מיטעלע יאָרן, פון אַן עכט־אַרישן אויסזען. ער אַנטשולדיקט זיך, הלמאי ער באַאומרואיקט מיך אין אַזאַ פריער שעה, כאָטש ער האָט זיך מיט מיר נישט באַשטעלט. די שעה איז פאַר אים גרייכלעך די באַקוועמסטע, כדי אויסצומיידן אומגעוווּנטשענע באַגעגעניש. מען ווייס נישט, אַז ער איז אַ ייד, הגם ער אַרבעט שוין לאַנגע יאָרן אויף זיין הויכן פּאָסטן. פון פאַרן קריג נאָך איז ער געווען אַן אייגענער אין דער משפחה אַריער. ער האָט זיך אין זייער געזעלשאַפט געפילט גאַנץ היימיש, פלעגט לייכט אַראָפּ־שלינגען די געוויינלעכע פּאַרציע „יידישע וויצן", פון וועלכע ער האָט זיך

לגמרי נישט געפילט געטראָפן. אָבער לעצטנס ווערט עס אַלץ שווערער און פיינלעכער, נישט אויסצוהאַלטן. עס שטיקט אים ממש די לופט. נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. פאַר אים זשענירט מען זיך נישט: ער איז דאָך אַ פּאָליאַק. הערט ער אַזעלכע רייד און אַזעלכע מיי־נונגען וועגן יידן און גראַד פון אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן בשום אופן נישט געטאָרט אַזוי טראַכטן, ווי זיי רעדן.

די דאָזיקע סיטואַציע איז מחייב צו עפּעס. ווי קאָן מען דאָס אַלץ אויסהערן און נישט פּלאַצן. ניין, ס'איז איבער זיינע כוחות. שווער צו זיין אַ פּאָליאַק!

ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט דער ערך מער שווער איז פאַרן ייד צו שלעפּן די פּוילישקייט. אַ סך האָבן עס געמוזט. אָן דעם האָט מען זיך נישט געקאָנט ראַטעווען. דאָס אַליין פאַר זיך איז נאָך אויך נישט געווען קיין תרופה קעגן נאַצישן מלאך־המות. אין די הונדערטער טויזנט־טער זענען אומגעקומען פּאָליאַקן, כשרע אַריער, מחמת זייער פּוילישקייט. געווען אָבער מאָמענטן, באַשטימטע אומשטענדן, ווו דער גע־יעג איז געווען אויסשליסלעך און אויסדריקלעך קעגן יידן. אין אַזאַ פאַל האָט געראַטעוועט די אַרישקייט. אַרישקייט אין שפּראַך, אין אויס־זען, אין גאַנג און קודם־כל אינעם נאָמען. אַרישע דאָקומענטן, אַרי־שע פּאַפּירן, זיי זענען שטאַרק צונוץ געקומען כלפּי דייטשן. אָבער נישט כלפּי פּאָליאַקן. יענע איז געווען שווערער אָפּצונאַרן. זיי איז לייכטער געווען צו דערקענען די פאַרשטעלטקייט און זי אַראָפּרייסן. דעמאַסקירן די פאַרגרימירטע יידן. פונדעסטוועגן האָבן זיך טויזנטער יידן געראַטעוועט אַלס אַריער. בפרט קינדער. האָט מען זיך צו דעם צושטאַנד צוגעוווינט און געהאַפּט, מען זאָל זיך אין דער נייער פעל עלטערן.

האָט זיך אָבער לעצטנס געשאַפן אַזאַ פּסיכישע, גייסטיקע אַט־מאָספער, אַז ס'האָט זיך פון ערגעצווו אַרויסגערוקט אַט יענע באַשע־פעניש, וואָס מ'האָט זי געהאַט פאַרגעסן און באַוווסטזיניק געווייכט פון איר, און דאָס געוויסן האָט אָנגעהויבן פּלאָגן: סטייטש און

סמייטש, פּאַרוואָס לעבסטו זיך דוּאיק אונטער דער כלומרשט פּ ו י ל י־ש ע ר פּעל, בעת אויף דיינע אייגענע ציטערט כסדר י י ד י ש ע פּעל. ווילאַנג רעכנסטו נאָך צו באַנוצן זיך מיט דער אַנטליענער פּוילישקייט?! וואַרטסטו טאַקע, אַז עמיצער זאָל זי פון דיר אַרונטעררייסן בייזוויליק? צי איז נישט קיימישער, ניין, בפירוש מער י י ד י ש ע ר, אַז דו זאָלסט נישט וואַרטן און אַ ל יי ן באַווייזן דיין אמתן פּרצוף־פּנים, דיין יידי־שע צורה?!

ס'איז אַ נייער געפיל פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ח ר פּ ה און ח ר ט ה. כ'האָב זיך אויף אים אָנגעשטויסן אומצאָליקע מאָל אין פאַר־שידענע קרייזן. נאַטירלעך האָט עס אַ שייכות, דער עיקר צו דער אַ י נ־ט ע ל י ג ע נ ץ. גראָד צו יענעם טייל יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָט קיינמאָל נישט באַדינט די יידישע מאַסן און איז געווען פון תמיד־אָן פרעמד און ווייט צו דער יידישער גאַס, צו אירע נויטן און באַדערפענישן. די דאָזיקע אינטעליגענץ איז געווען זיכער, אַז זי וועט אויסקעבן אירע יאָרן אין איר פּוילישער סביבה. ס'האָט געמיינט נישט נאָר ש פּ ר אַ ך, נאָר אויך סאָציאַלע ס ב י ב ה. זי האָט זיך איינגעלעבט מיט יענע פּוילישע מ ע נ ט ש ן און זי האָט זיך נישט געקענט אויסמאָלן, ווי אַזוי וועט זי קאָנען לעבן אונטער איין דאַך מיט די יידן פון קאַזשמיעזש, פון באַלוט, פון סמאָטשע.

עס האָט לאַנג געדויערט, אָבער די געטאָ־ווירקלעכקייט האָט גורם געווען צו אַן איבערקערעניש אין דער פּסיכיק פון די יידישע אַריער. ס'איז געקומען דער אַ י ב ע ר ב ר ו ך. צוערשט האָט זיי דאָס געטאָ נישט געאַרט. דאָס ג ע ט אָ איז געווען אויסגערעכנט אויף אַנדערע, אויף אַ מ ת ע יידן. די יידישע „אַריער" האָבן זיך צוגעקוקט פון ווייטן, ווי נישט זיי מיינט מען. זיי האָבן אַפילו פאַרמאָגט ציווילקן מוט צו ק ר י־ט י ק י ר ן ווי זייטיקע צוקוקער, די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין געטאָ, וואָס זענען כלל נישט געווען אַזוי ווינציק. זיי האָבן מיט שוים אויף די ליפּן גערעדט וועגן דער „אומאַנשטענדיקער אויפפירונג" פון די געטאָ־יידן, באשר זיי זענען אומבאַרמהאַרציק און האָבן נישט קיין רחמנות אויף אייגענע אָרעמע ברידער און לאָזן זיי אויסגיין פון הונגער, בעת אַליין

הוליען זיי, זויפן און פרעסן און הולטאַיעווען אין ביר־שענקן און קאַוויאַר־ניעס, ווו מען באַקומט „4 מאָל אַ טאָג פרישע טשאַסטקעס"...

ביז ס'האָט זיך אויף זייער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט דער „יידישער מזל". מ'האָט זיי אָנגעהויבן „דערקענען". ערגער ווי דאָס — זיי אַליין האָבן אָנגעהויבן ד ע ר ק ע נ ע ן ז י ך און דערשפּירט, אַז מ'איז אויסן טאַקע זיי גופא. זיי געלינגט אַרויסצודרייען זיך פונעם יידישן גורל, נאָר אַזוי לאַנג ווי מען ווייס נ'שט, וו ע ר זיי זענען. איז מילא, אַנדערע ווייסן נאָך נישט דערוויילע. אָבער ז יי אַליין ווייסן דאָך יאָ דעם אמת. זיי זענען דאָך פון דערזעלבער אָפּשטאַמונג, פון זעלבן יחוס, פון זעלבן פלייש און בלוט...

די נאַצים האָבן אונטערגעצונדן דעם געטאָ נאָך דעם וואונדערלעכן אויפשטאַנד, וואָס האָט איבעראַשט אויך די יידישע „אַריער". אומפּאַר־שטענדלעך פאַר זיי, האָט זיך ביי זיי דערוועקט אַ געפיל פון באַפרידי־קונג און זיי האָבן זיך אין האַרצן איבערגענומען מיט דער נייער „אויפ־פירונג" פון די געטאָ־יידן. די פייער־צונגען האָבן זיך געוויקלט איבערן געט־טאָ און אין די פלאַמען זענען אויסגעגאַנגען מאַרטירער און העלדן. און די הערצער פון די „אַריער" מחוצן געטאָ האָבן שטיל געקלאַפּט און באַווײנט דעם פייער און די פאַרברענטע. דאָס געוויסן האָט זיי גענומען פּלאָגן.

אין דער זעלבער צייט האָבן אמתע אַריער מסביר געווען, וואָס מיינען די וואָלקנס רויך, וועלכע הייבן זיך איבערן געטאָ: „זשידקי שיען סמאַ־זשאָן" — דאָס פּרעגלען זיך יידעלעך!

און ס'איז געקומען דער איבערברוך. פון די געהיימסטע טיפענישן איז אויפגעשטיגן די דורותדיקע ירושה פון עלטער־זיידעס און דאָס בלוט האָט אויפגעקאָכט אין די נעכטן פרעמדע און פאַרפרעמדטע: דאָס מיינט מען א ו נ ד ז, בפירוש א ו נ ד ז — ווי קאָן מען נאָך שלעפּן די לאַסט פון פּוילישקייט?!

זעסטו און הערסט, ווי פון די נשמה־אָפּגרונטן און פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון געמיט רייסט זיך און שפּאַרט זיך אַ געלייטערטער און באַ־רואיקנדיקער זיפץ פון דערלייכטערונג ביים אַריעריזירטן ייד:

שווער צו זיין אַ פּאָליאַק!

IV

# באַרג חורבן

...מיר פאָרן צום געטאָ!

עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן אין האַרצן. אָט־אָט, נאָך אַ רגע, און כ'וועל דערזען דאָס נייע געטאָ פון 20סטן יאָרהונדערט, אין האַרץ פון אייראָ־פּע — דאָס געטאָ װ אַ ר ש ע, דורך וועלכן עס האָט געפירט דער דער־נער־וועג מיליאָנען יידן — אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, פרומע און הײנטוועלטיקע — צו די טויט־לאַגערן און גאַז־קאַמערן פון אָשוויענ־טשים, מאַידאַנעק און טרעבלינקע; דאָס געטאָ, צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן מיט ציטער און שרעק די געדאַנקען און געפילן פון דער גאַנצער יידישער וועלט, אָבער באַזונדער פון ארץ־ישראל, וואָס האָט געהאַט אין יידישן פוילן איר מאָראַלישן אָנשפּאַר און אומאויסשעפּלעכן חלוצים־קוואַל. וועל איך טאַקע שפּאַנען איבער די ערטער, ווו ס'זענען אַנומלטן, ערשט פאַרן קריג, געווען פעסטונגען פון יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען, ווו ס'האָט זיך געפורעמט דער רעוואָלו־ציאָנערער אַרבעטער־געדאַנק און ס'האָט זיך געשטאַלט דער קאַמפּס־ווילן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס אין זיינע רייפקייט־יאָרן? וועל איך נאָך אויפ־כאַפּן אַ אָפּהילך פון דעם יידישן וואָרט, וואָס האָט זיך געטראָגן דורך יידי־שע שולן און קולטור־איינריכטונגען פאַר יידישע קינדער און יוגנט? וועל איך אויסגעפינען אַ שפּור פון די אַנשטאַלטן און הייזער, ווו עס האָט זיך געלייטערט די יידישע מחשבה און ס'האָט זיך געשטאַלטעט דער יידישער קינסטלערישער נוסח? וועל איך ענדלעך זוכה זיין צו טרעטן איבער די

גאסן, ווו ס'האָט זיך וואָכנלאַנג געפירט דער אומגלייכער געראַנגל פון די געטאָ־אויפשטענדלער קעגן דער טעווטאָנישער אַרמיי און די רעשטלעך „גלות־יידעלעך” האָבן געמאַכט פאַרבליפן די ביז ציין און נעגל באַוואָפנטע הונגען־וועלט דורך זייער אומגעאַנטער גבורה און וואונדערלעכן העראָאיזם, וועלכער האָט אונדז דערמאָנט די פאַרקלונגענע עפּאָכע פון די העלדישע קאַמפן פון יידישן פאָלק פאַר זיין זעלבסטשטענדיקייט אין ארץ ישראל?!

ווער איך נאָך אַליין מיט אייגענע אויגן זען דאָס געטאָ וואַרשע, ווו ס'איז געחתמעט געוואָרן דער גורל פון יידישן פוילן און דורך דעם אפשר אויך דער גורל פון גאַנצן יידישן גלות?

...מיר פאָרן אין ג ע ט אָ   ו ו א ר ש ע!

כ'ווייס נישט, ווי איך זאָל אים זיך אויסמאָלן און פאָרשטעלן, און ווי וועט ער מיך מקבל פנים זיין — מיך, וואָס איז אוועק פון פוילן און קומט פון ארץ־ישראל?

בין איך אינגאַנצן אויג און אויער. ס'האַרץ האָט זיך פאַרטאַיעט און איז פול דערוואַרטונג.

ציען זיך חרובע גאַסן: מאַרשאַלקאָווסקאַ, קרולעווסקאַ, פּילסודסקי־פּלאַץ, טעאַטער־פּלאַץ; פּשעיאַזד... אַן אויסשטעלונג פון צעשטערונג און פאַרוויסטונג. קיין טראָטואַרן נישט געבליבן; בלויז אַ מיטן־גאַס. בלינ־דער האָס קוקט פון די חורבות, עקשנות פון פאַרטיידיקער און גבורה פון באַשיצער. אַ דענקמאָל פאַר דורות וועט בלייבן דער שטאָט־ראַט, ווו ס'איז צו דערקענען די פאַרביטערונג און אויסדויער, מיט וועלכע די זין פון וואַר־שע האָבן געקעמפט פאַר יעדער טרעפּ און ציגל. אפילו אַז ס'זאָלן אָט אַזוי ווי איצט בלייבן אויף ווייטער, וועלן די רואינעס פון וואַרשע דערציילן וועגן גרויסע טעג און טאַטן, ווי ס'דערציילן וועגן דעם די רואינעס אין אַלע אַנדערע חרובע שטעט אין דער וועלט. די סימנים — אָפּגעהאַקטע, אָפּגעריבענע — רעדן און שילדערן מיט דער פאַרשטענדלעכער שפּראַך פון איבערבלייבעכץ.

ביז מיר זענען צוגעקומען צו זאַמענהאָף.

אַ בליק אויף רעכטס, און ס'איז אין מיר אַלץ אָפּגעשטאָרבן אינע־ווייניק.

סאַראַ פּלוצימדיקער גוואַלדיקער קאָנטראַסט, דערשיטערט צו ווערן!

דאָ הערט אויף די „נאָרמאַלע", „בלינדע" צעשטערונג און עס הייבט זיך אָן עפּעס אַזוינס, וואָס דו האָסט נאָך דערווײַל פאַר דעם נישט קיין נאָמען, אָבער דו פילסט שוין מיט אַלע דײַנע חושים, אַז ד אָ ס איז עס, דאָס פּאַטאַלע, וואָס האָט צו טאָן מיט אונדז און נ אָ ר מיט אונדז... ווי ווײַט דאָס אויג גרייכט, זעסטו אָנגעהויפט און אָנגעוואַלגערט חורבן. שטיינער און ציגל, מיסט און שברי כלים, שמאַטעס, כלערליי פאַרדאָסטעטע און צעקאַרדאַשעטע חפצים פון שטובן און קראָמען, אַלקערס און אַלמערס. שפּאַנסט און קריכסט אויף אַלע פיר און פּלאָנטערסט זיך אין כל המינים אַלטוואַרג פון בלעך און אײַזן; ווערסט געשטרויכלט אין פלעשער, וויגן און וועגעלעך, מאַטראַצן און קישנס, פודעלעך, קעסטעלעך, קוישן און געשיר, צונויפגעמישט און צעבראָקט — סיסטעמאַטיש, פּלאַנמעסיק, גרינטלעך.

ד אָ ס — אַ ל ץ ? !

ווו איז פּאַוויע און ווו איז דזיעלנע און ווו איז נאָוואָליפּקי און ווו איז קאַרמעליצקע?

געפּלעפּטע, געטראָפּענע, שטייען מיר אָן לשון. אינעווייניק שטיקט און דריקט, און עס פרעסט אַ משונה מאָדנע אומבאַקאַנטע עמפּינדונג. נישטאָ פאַר דעם קיין וואָרט און קיין אויסדרוק. ס'איז עפּעס נייעס, וואָס קומט פאָר אין דער טיפעניש פונעם וועזן. טרערן פליסן איבער די באַקן — זאָלן זיי! אַלץ אין מיר וויינט: אויגן, האַרץ, מוח.

ד אָ ס — אַ ל ץ ?

קיין הויף, קיין הויז, קיין בנין; קיין וואַנט, קיין פּאַרקאַן, קיין טויער, קיין טיר, קיין פענצטער, קיין ביימל, קיין גרעזל, קיין שפּור, קיין זכר, קיין סימן, אַז דאָ — אָט־דאָ איבערן גאַנצן ריזיקן שטח, וואָס האָט נישט קיין גבול און קיין ברעג — האָט געשטראָמט און פולסירט היים־צאַפּלדיק ייִדיש לעבן.

אי, שלום עליכם, מײַן טײַערער שלום עליכם, ווי האָסטו ליב געהאַט צו שפּאַסן: „איך זע, אַז מ'זעט אייך נישט".

ס'האָט זיך אויפגעריסן פאַר מיר אַ תהום, און כ'האָב שאַרף, שניידיק, מיטן גאַנצן וועזן דערזען, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו זען. אָפּט איז שווער צו זען, וואָס עס איז דאָ צו זען.

טראַגיש ביז נישט צום איבערטראָגן און אויסהאַלטן איז צו זען, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זען.

דאָס קאָן מען זיך אַליין נישט געבן צו פאַרשטיין און „אויפקלערן". ס'איז אַזאַ עמפּינדונג, וואָס אין דער שטאָקפינצטערניש דערזעסטו אַזוי קלאָר און העל: אויס, נישטאָ!

זענען מיטאַמאָל ארויסגעשוואומען און אָנגעהויבן דעפּילירן גאַסן מיט ברוייזנדיקן לעבן און צעשטורעמטער יידישער ענערגיע: נאַלעווקעס און קאַרמעליצקע; האַנדל־וואַנדל, שאַפנדיקע אַרבעט און רעוואָלוציאָנערע התלהבות. קינדערשע הילכיקע שטימעלעך טרילערן יידישע לידער. צע־כוואַליעטע רויטע פענער וויגן זיך איבער פיל־טויזנט־קעפּיקע דעמאָנסטראַנטן, וואָס ווערן באַגלייט דורך ליבע־צורופן פון יידישער אָרעמקייט און רוגז־בורטשען פון פּחדנותדיקע קליינבירגער. אַ געפּלעכט פון לויטערן יידישן בטחון און פלאַמיקן סאָציאַליסטישן גלויבן, פון טיף־רעליגיעזן קידוש השם און רעוואָלוציאָנערער געלייטערטער מסירת נפש. אַלע זענען זיי דאָ אומגעקומען, און מער נישטאָ.

העכער דריי מיליאָן פּוילישע יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן. זייערע תליות און ברען־אויוונס זענען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, זייערע קברים זענען נאָך ווייט נישט אַלע אויסגעפונען געוואָרן. אָבער שטייענדיק ביים תהום פון געטאָ וואַרשע, האָב איך געהאַט די עמפּינדונג, ווי אַהער זענען אַלע אונדזערע מתים זיך צונויפגעקומען, מעיד צו זיין און מעלדן יעדן איינעם פון די איבערגעבליבענע יידן, אַז זיי זענען טאַקע נישטאָ, אַז זיי זענען איצט נישט מער ווי „מיליאָנען טויטע יידן" און מיר מוזן זיי אין אונדזער האַרצן אַריינגעמען אויף תמיד, אויף אייביק.

אַ געפּלעפטער בין איך געשטאַנען און געקוקט טיף, און נאָך טי־פער אינעווייניק, אין די געדיכטעניש פון די ציגל און שטיינער, און פון די געדערים פונעם אָפּגרונט האָט זיך לאַנגזאַם, דראָענדיק און וואָרגענ־דיק, געהויבן און געשטיגן העכער און העכער אַ באַרג: באַרג חורבן.

אין דעם מאָמענט איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס אַזוינס עס האָט אונדז געטראָפן, און כ'האָב באַנומען, אַז אָט דאָס איז ער, דער יידישער נאַציאָנאַלער בראָך, וואָס ענדערט אין תוך דעם גאַנג און אינהאַלט פון אונדזער ווייטערדיקן קיום.

### באַרג חורבן

## ס׳איז דער בראָך פון גלות!

כ׳האָב בשעת מעשה גוט געוווּסט, אַז ס׳זענען נאָך פונדעסטוועגן פאַראַן שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, וווּ ס׳האָבן זיך אויפגעהיט יידי־שע הייזער, הייף און בנינים. כ׳האָב געהערט, נאָך איידער איך בין דאָרט געווען, אַז דאָ טאַקע דערנעבן, אַ האַלבע שעה רייזע פון דאַנען, אויף דער צווייטער זייט ווייסל, אין פּראַגע, זענען פאַראַן לעבעדיקע אַ פּאָר טויזנט יידן. און דאָך האָב איך אין יענעם מאָמענט אויפן סאַמע דייטלעכסטן אופן דערשפּירט און עמפּונדן, אַז דאָ זע איך דעם ס ו ף פּ ס ו ק פון אַ גאָר לאַנגער תקופה אין דער יידישער געשיכטע:

ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַפּיטל פּוילן פאַרן יידישן פאָלק.

נישט פון ספרים און נישט על פּי שכל און פאָרשונגען בין איך דערגאַנגען וועגן דעם אָרט פון פּוילן אין יידישן לעבן און דער ראָל פון פּוילישן יידנטום אין אונדזער יידישער גלות־געשיכטע. דורך טויזנטער אומגעזעענע פעדים און קאַנאַלן האָט צו מיר געערדט אין משך פון אַ פּאָר צענדליק יאָר די מיליאָניקע מאַסנהאַפטיקייט פון יידן אין פּוילן און איך האָב זיך מיט איר פאַרפלאָכטן און פאַרוועבט, ווי אַן אייגענער, אַ היימישער. געפיבערט אירע אויפשטייגן און אַראָפּזינקען, געשפּירט אויף זיך איר הייסן ליידנשאַפטלעכן אָטעם און געוואָרן דערהויבן אין איר פּאַ־טאָס. איר אומאויפהערלעכע טאָגטעגלעכקייט און די בענקשאַפט צו די העכסטע אַנטפּלעקונגען פון אמת און שיינקייט אין אַלגעמיינעם און יידישן לעבן. איר קאַמף אָן אַ מאָס און אָן אַ גרענעץ פאַר די פולע רעכט דאָ אויפן אָרט און איר בלוט־ און האַרץ־צושטייער פאַרן אויפגעריכטן נאָר־מאַליזירטן לעבן אינעם אַלט־נייעם פאָטערלאַנד. קריכערישער שפּלדיקער „מה־יפית” און עכטער שטאָלץ פון דורותדיקער קולטור אַריסטאָקראַטיע. בטלנותדיקער יאָגן־זיך נאָך נישט־געדאַכטע גליקן און מיזאַמער רודערן צום ווייטן, אָבער זיכערן ציל. פאַרחלומטע ראָמאַנטיק פון פּאַסיוון פּאַ־טאַליזם און רעוואָלוציאָנערער אויפמאַרש פון אַקטיווע מאַסן. כ׳האָב עס געלעבט אין שטוב און אין גאַס, אין קלוב און אין וואַרשטאַט, אין פאַראיין און אונטערן פרייען הימל.

אין דעם אַלעם איז פּוילן נישט צופעליק געווען דער סימבאָל פון יידישן ג ל ו ת, ווי ער ראַנגלט זיך, וועגעטירט און גייט־אויף, פּאַלט

און שמײַיגט־אױף, װערט באַשפּיגן און געשענדט און דערשײַנט אין דער פּױלער פּראַכט פֿון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן הערָאיזם. די מיליאָ־ניקע מאַסנהאַפּטיקייט פֿון פּױלישן ישוב איז געװען די נאַטירלעכע באַזע און ראַם, װוּ עס זאָלן זיך אַנטפּלעקן און אױפֿקומען די אַלע אײגנטימ־לעכקײטן און אײגנאַרטיקײטן פֿון דער ײדישער שאַפֿונגס־קראַפֿט. די סטימולירנדיקע איניציאַטיװ און אימפּעטפּולע אַנטװיקלונג פֿון דער ײדי־שער אַקטיװיטעט אױף אַלע געביטן, אין אַלע צװײַגן און אָפּשניטן פֿון טעמיקײט און האַנדלונג: װירטשאַפֿטלעכער, קולטורעלער, קינסטלערישער און פּאָליטישער. פֿון דאַנען האָט זיך די דורך דורות אָנגעזאַמלטע און אומ־אױפֿהערלעך־װירנדיקע נאַציאָנאַל־ײדישע ענערגיע פֿונאַנדערגעפּליצט איבער אַלע תּפוצות און אומעטום אַרױסגעבראַכט די רעאַליזירטע דינאַ־מיק פֿון אַ פֿילמיליאָניקן ײדישן קאָלעקטיװ — ד י ג ל ו ת ־ ד י נ אַ־ מ י ק.

רעליגיעזע גאונים און גיגאַנטן פֿון מאָדערנער װעלטלעכער קולטור האָבן געװירקט און משפּיע געװען דעם ײדישן ישוב. אָבער זײ גופֿא, די אױסנאַם־פּערזענלעכקײטן, האָבן זײער יניקה געצױגן פֿון אַ שפּרודלדיקער דינאַמישער ײדישער מאַסנהאַפּטיקײט, געװען איר אױסדרוק און אױפֿ־פּלאַקער. אױסשטראַלונג פֿונעם קאָלעקטיװן שאַפֿונגס־כּוח, זײַנע שפּײַזער און דערנערער.

פּלוצים האָט דער נאַצי־תּלין מיט גורלדיקער גרױזאַמקײט אָפּגעהאַקט דעם פּראָצעס פֿון װערן, און — אָ ו י ס, אַ ס ו ף!

ס'זענען פֿאַראַן און ס'װעלן נאָך װײטער זײַן ײדן דאָ און דאָרט אין פּױלן צענדליקער און צענדליקער, צי גאָר אַפֿילו אַ פּאָר הונדערט טױזנט. עס איז אָבער נישטאָ מער און ס'װעט נישט זײַן קײן פּ ו י ל י ש ײ ד נ ט ו ם, קײן קאָנצענטרירטער קאָלעקטיװער אָרגאַניזם, װאָס מיט זײַן עצם עקזיסטירן און זײַן איז ער אַ קװאַל, אַן אומאױסשעפּלעכער, פֿון נײַע, כּסדר זיך איבערחזרנדיקע פֿאַקטן און דערשײַנונגען פֿון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

ס'האָט פּאַסירט נישט אײנמאָל אין דער ײדישער געשיכטע, אַז עס זאָלן זיך אַריבערטראָגן די צענטערן פֿון אײן געאָגראַפֿיש־פּאָליטישן פּונקט אין אַ צװײטן. זענען דאָך פֿאַר די לעצטע עטלעכע הונדערטער יאָר אױף־



אויף די חורבות פון ווארשעווער געטאָ.



ביים איינגאנג פון א בונקער.

(דעצעמבער, 1945)

געקומען נייע גרויסע יידישע מאסן־צענטרען אין אייראָפּע און אין די ביידע אַמעריקעס. אַפילו אַזאַ באַדייטנדיקער צענטער ווי אין צפון־אַמע־ריקע איז אויפגעקומען אַדאַנק דעם, וואָס אַהין האָבן אַריבערגעוואַנדערט מיליאָנען יידישע עמיגראַנטן פון פריערדיקע היימען.

אַט די געשיכטע וועט זיך איצט נישט איבערחזרן.

דאָס פּוילישע יידנטום האָט אַצינד אַריבערגעוואַנדערט קיין אַשוויענ־טשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע און „ליקווידירט" געוואָרן. דאָרט איז נישט געשאַפן געוואָרן קיין נייער יידישער צענטער, נאָר ס'איז אויפגעקומען דער ריזיקער בית־הקברות פון פּוילישן יידנטום. נישט נאָר פון פּוילישן. מען האָט קיין פּוילן „דעפּאָרטירט" עטלעכע מיליאָן יידן פון אייראָפּע און זיי דאָ, צוזאַמען מיט די אָרטיקע, ל י ק ו ו י ד י ר ט. האָבן זיך געראַטעוועט הונדערטער, טויזנטער, עטלעכע צענדליק טויזנט. ס'זענען אָבער בלויז אָפּגעסמאַליעטע האָלאָוועשקעס, אָפּגעשריגענע רעשטלעך. דער קערן, דער יאָדערדיקער יידישער ישוב אין גלות אייראָפּע איז נ י ש ט אָ. ער איז אומגעקומען און דעריבער וועט קיין נאַציאָנאַלע תקומה נישט האָבן דאָס, וואָס ס'איז געבליבן בירושה נאָך אים.

נישטאָ  ו ו ע ר  עס זאָל איבערנעמען די ירושה, ווער עס זאָל ווייטער שפּינען דאָ אויפן אָרט די גאָלדענע קייט! אַז ס'פעלט דער עיקר, דער יסוד: די יידישע מאַסנהאַפטיקייט, די קאָלעקטיווע דינאַמישע ווירקלעכ־קייט.

כ'בין געשטאַנען פאַרן ב א ר ג  ח ו ר ב ן און געוווסט, אַז דאָס איז דער גזר דין. אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז כ'האָב געזען אַלץ. ס'איז נישט קיין נפקא מינה, צי וועל איך באַזוכן נאָך אַ סך שטעט, צי וועל איך זיין אין קליינע שטעטלעך און אין די אַמאָל וויכטיקע צענטרען. עס וועט נישט ענדערן דעם עיקר, וועלכן כ'האָב תופס געווען אַט דאָ, אין וואַרשע, ווו ס'איז אַנומלטן געווען דאָס יידישע געט־טאָ: נ י ש ט אָ!

וואַרשע גופא איז צעשטערט געוואָרן און איז צעניזוקט ווי קיין שום שטאָט אין אייראָפּע. אַ סברה, אַז אויב מען וועט אַפילו אויפבויען צוריק וואַרשע, וועט מען די שטאָט געאָגראַפיש איבעררוקן ווייטער. נישט אויפן זעלבן פּלאַץ. אָבער וואַרשע וועט צוריק זיין וואַרשע, די הויפּט־שטאָט פון

פוילן. עס זענען געבליבן פאליאקן. עס איז דא פוילן. זי קומט אייגנט־לעך ערשט אצינד אויף, ווייל עס האבן זיך אוועקגעשטעלט ביים רודער פון נייעם אויפגייענדיקן לעבן די אמתע שעפערישע פאלקס־כוחות, די פוילישע ארבעטער און פויערים.

דאס יידישע ווארשע וועט נישט אויפגעבויט ווערן. על כל פנים נישט אין דער נאענטער היסטארישער תקופה. נ י ש ט א ד י י י ד י ש ע מ א ס ן, וואס זאלן מסוגל זיין זי אויפצוריכטן. נישטא די געהעריקע ארומיקע אטמאספער, וואס זאל סטימולירן, דערמוטיקן און דערמעגלעכן יידן אין גרויסע מאסן זיך קאנצענטרירן אין פוילן און צוריק אויפבויען זייער מאסנהאפטן לעבן דארט.

דאס איז ריכטיק נישט נאר בנוגע פוילן. דאס איז גענוי אזוי ריכטיק אויך לגבי פראנקרייך, בעלגיע און אנדערע לענדער, ווו ס׳קאן זיך ווען דוכטן. אז די יידן, וואס קערן זיך אום פון דעפארטאציע, פון לאגערן, פון וועלדער, פון באהעלטענישן, וועלן צוריק אויפריכטן זייער אייגענע קולטור, שפראך, קונסט. די אלע פיינע גייסטיקייטן מוזן זיך נערן פון פעסטער שווארצערד, פונעם מאסן־לעבן. און אזוינע פעלן און וועלן מער נישט זיין אין די דאזיקע לענדער. דווקא ווייל מיר זענען נאכן קריג און ס׳איז אויפגעקומען א מעכטיקער געזונטער און פראגרעסיוו-פאטריאטי־שער געפיל ביי די ברייטע מאסן צו בויען זייער לעבן זעלבסטשטענדיק, נ א צ י א נ א ל, פאר זיך. יידן וועלן זיך ארומפלאנטערן צווישן די אויפ־וואכנדיקע פעלקער, ווי דער א י נ צ י ק ע ר נ א צ י א נ א ל־ה ײ מ ל א ז ע ר מ י ע ו ט, און זיי וועלן נישט גערולדעט ווערן. ס׳האנדלט זיך נישט וועגן גלייכבארעכטיקונג אויפן פאפיר, לויטן פאר־מעלן געזעץ. צום נעגאטיוון מאמענט קומט־צו א פאזיטיווער: ביי יידן גופא איז אויך אויפגעקומען נאטירלעכערהייט דער זעלבער פארלאנג צו בויען דאס אייגענע נאציאנאלע לעבן מיט אייגענע כוחות אויף אייגענער אחריות, אין אייגענעם אינטערעס.

אבער דאס איז דאך שוין דער היפוך פון גלות.

ק א פ י ט ל ג ל ו ת ו ו ע ר ט א פ ג ע ה א ק ט.

האב איך געקוקט אין תהום, אן אויפגעציטערטער פון דעם קאטאק־

ליזם, וועלכער האָט מיט דעם וואָרצל אויסגעריסן דאָס איינגעפונדעוועטע זינט דורות יידישע גלות־לעבן: נ י ש ט אָ ! און ס'האָט געגבערט טיף אין הארצן און אין מוח די פראגע: צי וועט קלעקן כוח און אחריות ביי די רעשטלעך, זייער אָפּגעראַטעוועטע ענערגיע און לעבנס־קראפט צו פאַר־וואנדלען פאַרן נייעם קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע, דעם ארץ־ישראל־דיקן?!

V

## אין האַרץ פון געטאָ

אין האַרץ פון געטאָ איז געבליבן אַן אינדזל, כמעט אַ נישט־געניזוק־
טער. אַנומלטן איז דאָ געווען די מיליטערישע תפיסה אויף דזשיקע קעגן
גענשע. שפּעטער, אונטער דער נאַצישער הערשאַפט, איז דאָ געווען דער
„יודנראַט". עס זענען נאָך אויפגעהיט די שילדן איבערן טויער, ביים
אַריינגאַנג, ביי די פענצטערלעך. מ'קאָן נאָך אין הויף געפינען געניוג
סימנים און איבערבלייבענישן, וואָס דערמאָנען די צייט פון
גרויל און אויסראָטונג. אין ווינקל פון הויף וואַלגערן זיך טויזנטער קאָפּ־
סולן פון אויסגעשאָסענע קוילן. דאָ פלעגט מען ארויספירן יידן און זיי
איינס־צוויי, אויפן נאָרמאַלן „קולטורעל - איינגעשטעלטן" וועג „ליקווי־
דירן". דאָ האָט מען פאַרברענט קערפּערס.

איך טרעט איבער בערגלעך, הויפנס אַש. אַ פאַרגליווערטער קוק איך
אויפן שוואַרצן אַש, נעם אים אין האַנט, גלעט אים אין די פינגער. און
כ'האָב דאָס געפיל, ווי כ'וואָלט געצערטלט אַ נאָענטן, כאָטש איך קען
נישט און וועל שוין קיינמאָל נישט דערקענען זיין פּרצוף. איך האַלט אין
האַנט ביינער, אויסגעטריקנטע, פון רעגנס אויסגעוואַשענע ביינער. מענטש־
לעכע, יידישע ביינער. כ'זאַמל אַ קאָלעקציע שאַרבנס.

עס ברענט די ערד אונטער די פיס און די קני שטרויכלען: איך ווייס,
אַז דאָ איז געווען טעטיק יידישע פּאָליציי. געשטאַנען צום באַפעל
פון די נאַצים און אויסגעפילט איר שליחות טריי און „ערלעך". געהאַט
אויפטראָגן, צוצושטעלן יעדן טאָג אַזויפיל און אַזויפיל „קעפּלעך". נישט

נאָר ק ע פּ פון דערוואַקסענע. דאָס איז געווען אַ באַזונדערער חשבון. ס'איז געווען נאָך אַ צווייטער חשבון: די נאַציס האָבן געוואָלט האָבן אויך אַ ק י נ ד ע ר ש ן חשבון און זיי האָבן געפאָדערט טאָג־איין טאָג־אויס כך וכך קינדערשע ק ע פּ ל ע ך. און יידן האָבן אויך אָט ד ע ם חשבון געצאָלט.

געווען צווישן זיי, צווישן אָט די ברואים, טאַטעס. זיי פלעגן גיין צו זייער „דינסט" טאָקע דערפאַר, ו ו י י ל זיי האָבן געהאַט אייגענע קינדערלעך און מחמת זיי האָבן ליב געהאַט אָט די קינדערלעך. נאַכט נאָך נאַכט פלעגן זיי מסתמא גלעטן די קעפּלעך פון אייגענע קינדער, זיי צערטלען און קושן און פילן זיך גליקלעך. און טאָג נאָך טאָג האָבן זיי געניִשטערט און געזוכט און אויסגעפישט אַנדערע יידישע קינדערלעך, כדי ז י י ע רע קעפּלעך אונטערטראָגן די נאַצישע קינדערפרעסער צום מאָל־צייט.

כ'וויל זיך איצט נישט אויספרעגן, ו ו י אַ ז ו י האָבן עס י י ד ן געמאַכט. אָבער איך ווייס אויף זיכער, אַז זיי ה אָ ב ן עס געמאַכט.

וויל איך, אַז אויך מיר אַלע, אומעטום, זאָלן עס וויסן און געדענקען. ס'איז אונדזער י י ד י ש ע חרפּה. דאַרפן מיר וויסן אונדזער חרפּה און טראָגן די פולע אחריות פאַר איר. מיר זענען מחוייב צו טראָגן די אחריות: די אינערלעכע, די מאָראַלישע. זאָל זי אונדז נישט לאָזן זיך באַרואיקן ביז מיר וועלן וויסן אָפּצורעכענען זיך מיט די שולדיקע און אייסברענען זייער זכר פון דער געשיכטע. מיר האָבן אין אונדזער ווייטקייט די גאַנצע צייט געהערט עפּעס וועגן יידן, וואָס האָבן „מיטגעאַרבעט" מיט די נאַציס. אָבער מיר האָבן זיך נישט געוואָלט גלויבן. זיך געטרייסט: איינצלנע פאַלן. נישט כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן. ווייזט זיך אַרויס, אַז די דערשיינונג פון „מיט־אַרבעט" איז געווען פון גרעסערן פאַרנעם: מ'האָט זיך אָן איר אָנגעשטויסן אין פאַרשידענע ערטער און געגנטן. ס'קורסירן פאַרשידענע אויסטייטשונ־גען. געווען פּחדנים, וואָס האָבן דורכדעם געוואָלט פאַרהיטן זייער אייגן לעבן און דאָס לעבן פון זייערע נאָענטע. אַנדערע, ווידער, האָבן געהאַט די אילוזיע, אַז מ'וועט אזא „מיטאַרבעט" באַוויזן אויסצונוצן גרייַלעך פאַר דער טובה־וועגן פון דעם כ ל ל. עס זענען אָבער אויך געווען געגנוג פאַר־דאָרבענע עלעמענטן, וואָס האָבן עס געטאָן אויסגערעכנט צוליב געמיינע,

פערזענלעכע צוועקן און געמאכט געשעפט, געהאנדלט מיט דעם לעבן פון זייערע אייגענע ברידער, אָן אונטערשיד פון עלטער און געשלעכט, און טאקע געלעבט אַ צייט לאנג אַ „גוטן טאָג", ביז... ס'איז געקומען זייער ריי. און זיי זענען אוועקגעשיקט געוואָרן דורך די, וואָס האָבן „זוכה" געווען צו פאַרנעמען זייער אָרט.

די יידישע אונטערערד־באַוועגונג האָט נישט אָפּגעלייגט אויף חשבון אויף שפּעטער און זי האָט משלח געווען אויף יענער וועלט אַ היפּש ביסל פון די דאָזיקע פאַרשווינען, וואָס האָבן אונדז פאַרמיאוסט אין אונד־זערע אייגענע אויגן. ס'איז אָבער כדאי, מיר זאָלן וויסן, אַז עס איז גע־לונגען אַ געוויסער צאָל פון יענע נפשות דורכצוהאַלטן און אויסבאַהאַלטן זיך די ווייסטע צייט. איצט האָבן זיי זיך צוריק אַריינגעשמוגלט אין דער יידישער סביבה אין אייראָפּע. זיי זענען צוגעקומען ביז ארץ־ישראל. מוז מען זיי אויפזוכן און שטעלן צו אונדזער משפּט. זייער פאַרברעך שרייט נאָך צו אונדז. זיי מוזן באַשטראָפט ווערן, און וואָס פריער.

ס'איז געווען פיינלעך דאָס געפיל, אַז יידישע מענטשן האָבן דאָ, אין געטאָ ווארשע, געטאָן נאַצישע אַרבעט, סיסטעמאַטיש, פּלאַנמעסיק, קאַלט און ניכטער אומגעבראַכט זייערע ברידער און שוועסטער. כ'האָב זיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן די עטלעכע באַגלייטער, וואָס צווישן זיי זענען געווען לאַנגיאָריקע בירגער פון... בערגען־בעלזען, אַ פּאָר פון די, וואָס האָבן דאָ טאַקע, אין געטאָ, אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, און איינער אויך פון יענע, וואָס האָט מיט רעוואָלווערן אין האַנט געפּייערט איבער די דייטשן אין די טעג פון אויפ־שטאַנד. אגב, ער האָט אַליין אַוועקגעלייגט אויך אייגענע פאַררעטער...
כ'האָב זיך געשעמט פאַר דער יידישער געפאַלנקייט אין די טעג פון גרויסן נסיון. עס איז געווען אַ מאָמענט־שוואַכקייט; ס'איז הפּנים נישט פון די גרינגע זאַכן, צו קריגן דעם ריכטיקן צוגאַנג צו דעם, וואָס עס האָבן פּסיכיש דורכגעמאַכט די מענטשן אונטערן נאַצישן רעזשים. עס איז נייטיק אָנצווווענדן גאָר אַן אַנדערע מאָס. עס זענען דאָך פאָרט געווען דער־שיינונגען, וואָס קיינער פון אונדז האָט זיך זיי נישט געקענט ווען עס איז, ביי דער משונהדיקסטער פאַנטאַזיע, אויסמאָלן: ווייזט־אויס, אַז די מענטשלעכע פּסיכיק האָט זיך אויך צו זיי צוגעפּאַסט און זיך אויסגע־

לערנט זיי אויפנעמען אויף אַ נייעם אופן, נישט ווי מיר, „נאָרמאַלע" מענטשן וואָלטן עס געטאָן. מען האָט דערצו געדאַרפט דורכגיין אַ שול פון נסיונות. נישט פון אַבסטראַקטער טעאָרעטישער דערציאונג, נאָר פון אַ נייער, קיינמאָל נישט־געאַנטער, נאַצישער טאָגטעגלעכקייט, ביז עס זאָלן זיך איבעראַנדערשן די נאָרמאַלע מענטשלעכע חושים און זיי זאָלן אָנהייבן אַ נ ד ע ר ש רעאַגירן.

די מענטשלעכע געפאַלנקייט איז געווען דער עיקר אַ רעזולטאַט פון מעכאַנישער, אינסטינקטיווער רעפלעקסיע. דאָ האָט דעצידירט די איינפאַכע נאַטירלעכע מורא פאַר פיזישן ווייטיק. די נאָרמאַלע רעפלעקסיע איז געווען נישט קיין איבערגעשפיצטע, אָן „איבעריקע חכמות": אויסמיידן דעם קלאַפּ, לפּחות געווינען אַן אָטעם־פּויזע. אָבער, אַז דער ענין פון אויסראַטונג האָט זיך פאַרצויגן; אַז נישט נאָר דער כלל האָט געהאַט צו וואַרטן אויפן אומקום, נאָר אויך דער יחיד האָט יאָרנלאַנג געוואַרט אויפן טויט, וועלכן מען האָט אין אים אַריינגעשפּריצט טראָפּנווייז, צו „טיי־לעפעלע" וואָך נאָך וואָך, חודש נאָך חודש — איז דער פּיזישער ווייטיק אַנטרונען און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אויספורעמען אַן אייגענע גייסטיקייט, אַן אייגענע פּסיכישע וועלט, וואָס האָט א י נ גאָ ד י ר ט דעם פיזישן קלאַפּ. אָנשטאָט דעם האָט זיך גענומען שפּינען אַ געדאַנק, וואָס האָט דעם יחיד צוריקפאַרבונדן מיטן כלל, וועלכער האָט פאַר אים מאַטעריעל שוין געוועסט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די צוריקפאַרבינדונג מיטן כלל האָט געשטאַרקט און אַריינגעזאַפּט פרישע לעבנס־זאַפטן, אויפגעבראַכט אַ פרישן פאַראַנטוואָרטלעכקייטס־געפיל, וואָס האָט קאָנטראָלירט אויפפירונג און האַנדלונג. די אחריות פאַרן גורל פון כלל.

...איך האָב פּלוצים דערזען, ווי פונעם אַש אַרויס בלינצלען יידישע אותיות; דאָרטן וואַלגערן זיך צעזייטע בלעטער, אָפּגעריסענע העפטן, ספרים. אַ פאַרצאַפּלטער האָב איך אויפגעהויבן אַ בינטל בלעטער און אַ פאָר ספרים, וואָס די שער־בלעטלעך זענען שוין געווען פאַרראַסט און עטוואָס צעפוילט פון פייכטקייט. כ'קוק אַריין, אָט איז אַ באַנד „השחר" פון פרץ סמאָלענסקין, ווו עס זענען דאָ ערשטע אויפבליצן פון ערשטער פרייהייט־פּובליציסטיק. און אָט איז אַ ספרל „באחרית הימים". פּונקט,

ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט עס אונטערגעוואָרפֿן און אַ געניטער רעזשי־
סאָר וואָלט עס קונציק מיר אונטערגערוקט אַט די בלעטער, דאָ אינעם
הויף פֿון „יודנראַט", ווו ס'איז דעמאָנסטרירט געוואָרן יידישע געפֿאלנ־
קייט און קידוש־השם. איך האָב געהאַלטן די בלעטער קעגן הימל, וואָס
האָט זיך אויפֿגעהעלט און אויסגעלייטערט אין פּראַסטיקן טאָג איבערן
געטאָ וואַרשע, און כ'האָב געלייענט:

„הצרות והפּרעות שעברו על עמנו בתקופה האחרונה לא שברו את
רוחו, ולא ערערו את בטחונו, כי בוא יבוא יום הגאולה"... („די פּלאָגן
און פּאָגראָמען, וואָס האָבן געטראָפֿן אונדזער פֿאָלק די לעצטע צייט, האָבן
נישט צעבראָכן זיין גייסט און נישט דערשיטערט זיין בטחון, אַז עס וועט
פֿאָרט קומען דער טאָג פֿון אויסלייזונג".

איך בין געבליבן אַ דערשיטערטער, צוגעשמידט צום אַשיקן באָדן;
מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס רעדט צו מיר אַ שטים פֿון דאָרטן, פֿון
אונטן. דאָס ספֿרל איז געשריבן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק און
עס איז אויסן געווען גאָר אַן אַנדער תקופה אין יידישן לעבן. איז דאָך
לגמרי נישטאָ קיין פֿיזישער, מאַטעריעלער פֿאַרגלייך צווישן די פּאָגראָ־
מען פֿון אַמאָליקע תקופות און דער אויסראָטונג אין דער היטלער־צייט.
אָבער עס איז יאָ דאָ צו ציען די פֿאַרגלייך־ליניע פֿון גייסטיקן נסיון, פֿון
פּסיכישער קראַפֿט, וועלכע האַלט־אויס און ווערט נישט געבראָכן, טראָץ
אַלעמען. דער יידישער בטחון, די טיפֿע אמונה, אַז דאָס פֿ אָ ל ק וועט
איבערקומען און איבערלעבן דעם אָנגרייפֿער, דעם צורר, אפֿילו היטלערן.
„כ'וועל אויף היטלערס קבר טאַנצן — איך בין אַ ייד!" — אַזוי האָט
מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געזונגען איציק פֿעפֿער. נאָך אין יענע צייטן,
ווען ווייניקע האָבן פֿעסט געגלייבט אינעם נצחון איבערן נאַציזם. דאָ,
אינעם געטאָ וואַרשע, האָט דער גלויבן אינעם ענדגילטיקן נצחון געפֿירט
צו די העלדנטאַטן פֿון די אונטערערדלער, פֿון די אויפֿשטענדלער.

מיר זענען צוגעקומען צום באַרימטן „אומשלאַגפּלאַץ" ביים ראָג
פֿון ניזקע. אַהער האָט מען עס געפֿירט די יידן פֿון וואַרשע און אַנדערע
ערטער און פֿון דאַנען האָט מען זיי, געלאָדענע אין וואַגאָנען, דורכן דאַנ־
ציקער וואָקזאַל טראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק. אַט איז
די גרויסע געביידע און הויף פֿון „אומשלאַגפּלאַץ". דאָ זענען די ווענט און



בײם „אומשלאג - פּלאַץ" אין װאַרשע. אַ גרופּע אונטערערדלער און געטאָ - אױפשטענדלער מיט זרובבלען : (פון רעכטס צו לינקס) : אלעק, זאַמיעטשקאָװסקי, גיטלער - באַרסקי און באַשע בערמאַן.

טויערן נאָך פאַראַן. עס זענען דאָ אויך וואַגאָנען. אפשר דיזעלבע, אין וועלכע מען האָט די צום־טויט־פאַרמשפּטע געפירט. שאַ, האַלט־איין דעם אָטעם, עס הענגט נאָך דאָ אין דער לופט דער לעצטער געשריי און לעבנס־רוף פון די מיליאָנען.

וואָס טראַכט איצינד און וואָס לעבט־איבער אָט די באַגלייטערין מיינע, חברטע באַשע, וואָס מ'האָט זי דאָ אהער געבראַכט און זי האָט שוין גע־וואַרט, מען זאָל זי אַריינשטופּן אין אַ טרעבלינקע־וואַגאָן? וואָס לעבט זי איבער איצינד, בעת זי דערציילט מיר, ווי אַזוי זי האָט אַרויסגעקוקט צו איר נאָענטסטן חבר און לעבנסבאַגלייטער, וואָס איז געשטאַנען פון דער אַנדערער זייט פּאַרקאַן און איר געמונטערט, אַז ס'ווערן געמאַכט באַמיאונגען, זי אָפּצוראַטעווען און זי האָט זיך געשעמט צו פאַרלאָזן די קריסטלעכע שטוב־אַרבעטערין, וועלכע האָט זיך נישט געוואָלט ראַטעווען מיט איר אַרישקייט, ווייל זי האָט געהאַט אַ מיסטישע מורא פאַר די דייטשן און אַ טויט־שנאה צו זיי?

אהער, אין דעם „אומשלאַגפּלאַץ”, האָט מען צונויפגעשלעפּט און צונויפגעבראַכט די שטאָלץ און פּראַכט פון וואַרשעווער און פּוילישן יידנ־טום; זיינע שריפטשטעלער און קינסטלער, זיינע דענקער און וואָרט־פי־רער; דאָ האָט מען געריסן קינדער פון די מאַמעס און מאַמעס פון קינדער; פון דאַנען האָט געפירט דער וועג, דער לעצטער וועג צום נאַצי־אויסגע־פּלאַנטן טויט.

אהער האָט מען געטריבן און געיאָגט דורך אונטערשיסן און טויט־דראָונג; אהער האָט מען זיך געלאָזט פאַרנאַרן דורך ספּעציעל פאַרפירע־רישע הבטחות וועגן פרידלעכע אַרבעטס־וואַרשטאַטן און גאָלדענע גליקן אין די איינוואַנדערונגס־געגנטן; אהער איז מען געלאָפן, רעזיגנירטע און פאַרחלשטע, באַלעקנדיק און שלינגנדיק אין קראַנקהאַפטן דמיון די פאַר־שפּראָכענע מאַרגאַרינע און ברויט פאַר די, וואָס וועלן זיך פרייוויליק צושטעלן צום עשאַלאָן...

איצט דרייען זיך דאָ אַרום עטלעכע דייטשע געפאַנגענע, וואָס אַר־בעטן שווערע אַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישע פּאָליציאַנטן. ווייסן זיי באַטש, אָט די דייטשן, וואָס זיי האָבן געטאָן? אין זייער בליק דערקען איך נישט גאָרנישט, קיין שום מענטשלעכע איבערלעבונג. בלויז

אַ טעמפּקייט קוקט אַרויס פון זייער גאַנצער האַלטונג. זיי זענען גרייט אַפילו צו בעטלען ביי אונדז אַ פּאַפּיראָס...

און אַנטקעגנאיבער דעם „אומשלאַגפּלאַץ" ווידער חורבן און חורבן. דאָ זענען געווען די בונקערס, ווו יידן האָבן זיך לאַנגע חדשים אויס־באַהאַלטן. אין משך פון חדשים און יאָרן האָט זיך דאָ אויסגעבויט און פאַרכאַפּט אַלץ גרעסערע שטחים די בונקער־וועלט. אַן אייגנאַרטיקע וועלט פאַר זיך. אין די טויזנטער האָט געגרייכט איר באַפעלקערונג. ס'האָט זיך אין לויף פון צייט ביי איר איינגעווינערשאַפט אויסגעפאָרמירט אַן אייגענע ספּעציפישע פּסיכיק פון אונטערערדלער. זיי האָבן בכיוון אויסגע־מיטן די ליכטיקע שיין און געוויכט פון פרישער לופט. מ'האָט זיך איינ־געלעבט אין פינצטערניש און געאָטעמט טוכלעקייט. און גראָד אין זייער קראָטישער איינגעגראָבנקייט און געדעמפטער לופט האָט אויפגעלעבט די שענסטע בלום פון האָפענונג און גלויבן און ס'האָט זיך פונאַנדערגע־שטראַלט אַ מעכטיקער ווילן צו לעבן, צו קעמפן פאַר יעדן שפּור לעבן און צווינגען דעם שונא צו צאָלן פאַר יעדער עוולה און שאַנדטאַט.

קריכן מיר אַרום איבערן חורבן און קוקן אַריין אין די עפענונגען, וואָס זענען גוט פאַרמאַסקירט: אָט־דאָ האָבן עס געוווינט די קוראַזשירטע, די געוואַגטע; די, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן דעם בלינדן גורל, נאָר געהאַט די העזה צו ראַנגלען זיך מיט אים און פאַרמאָגט אַ מעכטיקן גלויבן, אַז זיי וועלן אים איבערקומען און דאָך בלייבן לעבן. יעדנפאַלס, אויב נישט אַליין איבערלעבן, איז אַנדערש שטאַרבן. שטאַרבן מיט געווער אין האַנט, כדי צו בלייבן אין געדעכעניש פון פאָלק. ווי אַ דערמונטערונג. דאָס פאָלק וועט דאָך זיכער בלייבן. דאָס פאָלק וועט נישט אונטערגיין קיינמאָל.

כ'ווייס נישט ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט און צוליב וועלכע מאָטיוון האָבן די נאַציס נישט צעשטערט דעם גענשער בית־עולם. כמעט אַלע בית־עולמס אין פּוילן זענען חרוב געוואָרן. על כל פּנים זענען זיי אַלע פאַר־אומרייניקט און פאַראומווירדיקט געוואָרן סיי דורך דייטשן, סיי דורך פּאָליאַקן. כ'האָב אַליין געזען טראָטואַרן, וואָס זענען געפּלאַסטערט פון יידישע מצבות. פון די ווינציקע, געציילטע בית־עולמס, וואָס זענען איי־בערגעבליבן און נישט גערירט געוואָרן, איז דער בית־עולם אין וואַרשע

אויף גענשע. דאָס איינציקע, וואָס איז געבליבן אַלס זכר פון י י ד י ש ן וואַרשע. מיר שפּאַנען איבער דער צענטראַלער אַליע. דער הויפּט־אַריינגאַנג איז חרוב, דאָס טהרה־שטיבל איז נישטאָ, ס׳פילט זיך אָפּגעלאָזנקייט און פאַרנאַכלעסיקונג. אָבער די אַלייען זענען דאָ. און די סטעזשקעס פירן צו באַקאַנטע קברים.

אָט איז דער וועג צו יענעם קבר פון די דריי: אַנסקי, דינעזאָן, פּרץ, וווהין עס פלעגן זיך יאָר־יערלעך ציען צענדליקער טויזנטער יוגנט און אַרבעטערשאַפט, פשוטע יידן, האַרעפּאַשניקעס און אַ היפּש ביסל אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן מיט דרך־ארץ און יראת־הכבוד געקוקט צום מערקווירדיקן „אוהל פּרץ". אין משך פון דער מלחמה זענען געווען פאַרשפּרייט כלערליי קלאַנגען וועגן דעם דאָזיקן אוהל. איצט שטייען מיר, אַ גרופּע פּועלי־ציון פון פּוילן און ארץ־ישראל, ביים אוהל, און לייענען זיינע אויפשריפטן און פּסוקים אויף די ווענט. אַן אומפאַרשטענדלעך געפיל פון דערמוטיקונג און טרייסט פּלייצט פון „אוהל" און פילט־אויס דאָס גאַנצע געמיט, ווען מיר לייענען הויך אויפן קול פּרצעס ווערטער פון דער „גאָלדענער קייט" וועגן די „שבתדיקע, נשמה־יתירהדיקע יידן", פאַר „וועמען וואָלקן שפּאַלטן זיך" און „הימלען עפענען זיך אויף" און זיי שטייגן ביז צום זיבעטן הימל, ביז צום כסא־הכבוד און דאָרטן טרעטן זיי אויף מיט זייערע פאָדערונגען...

גראָד דאָ, אויפן גענשער בית־עולם, קעגנאיבער דעם חורבן פון דער גאַנצער יידישער וואַרשע, ווו ס׳איז נישט געבליבן אַ שטיין אויף אַ שטיין און קיין לעבעדיקער ייד נישט, גראָד דאָ פלאַטערן איצט אַזוי פייערלעך די אותיות פון פּרצעס צוואה, וואָס זאָגט־צו אייביק לעבן און פולע אַלגעמיין־מענטשלעכע און יידישע גאולה:

„אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט!"

כ׳הויב זיך אויף די שפּיץ־פינגער, צו זען וואָס ווייטער דעם גטאָ־חורבן, ווי כ׳וואָלט געוואָלט זיך איבערצייגן, צי עס הערן די נבואה־ווערטער אַלע יענע מיליאָנען, וואָס זייער לעבן האָט דאָ אַנומלטן געיווירט און געברויזט. אָט זענען די מצבות פון ביינוש מיכאַלעוויטש און יוסף לעשצינסקי, די פאָרזיצערס פון ציש״אָ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן), וועלכע האָט צענדליקער טויזנטער יידישע קינדער באַהעפט צו דער יידי־

שער קולטור און געגרייט צום לעבן, איינגעוועבט אין דער יידישער אייגנ־
ארטיקער מאסנהאפטיקייט.

קנאפע צוויי צענדליק יאר בין איך געווען וויצע־פארזיצער פון ציש״א,
איר שליח אין תפוצות ישראל צוזאמען מיט די פארשטארבענע. געטראגן
די בשורה פון מאדערנער יידישער דערציאונג, וועלטלעכער קולטור, פון
אויפגעוואכטן שטאלצן זעלבסטבאוווסטן געטא־ייד, וואס וויל א פריי
נאציאנאל לעבן.

איצט בין איך געקומען פון ארץ־ישראל צו די צופעליק פארשוינטע
קברים ראפארטירן וועגן אונדזער אומפארגלייכלעכן בראך: די שולן צע־
שטערט, די היימען און גערטנער פארוויסט, די גאנצע קולטור־ארבעט
חרוב און — דאס שוידערלעכסטע — די קינדער גופא אומגעקומען און
פארשניטן.

אבער נישט ווי א פארשעמטער שטיי איך פאר די קברים. כ'בין ביי
זיך נישט געפאלן. די איבערגעבליבענע שטיינער פון ווארשע און ביא־
ליסטאק און א סך אנדערע שטעט דערציילן מיט התפעלות וועגן ציש״א־
מוער און תלמידים, לערער און לערערינס, עלטערן און קינדער, וואס האבן
געלאזט שאלן איבערן ברענענדיקן געטא דאס ליד פון נייעם ייד, דאס
ליד פון נאציאנאלער גאווה און סאציאלן פאטאס.

אט איז די מצבה פון ה. ד. נאמבערג, דעם אייגנטימלעכסטן שריפט־
שטעלער פון פוילישן יידנטום, וואס האט פארשטאנען צו באזינגען דעם
וואונדערבארן שאפונגס־כוח פון די נאלעווקער יידן און סימבאליזירט די
פעסימיסטישע אויסגאנגסלאזיקייט פון די באדנלאזע, אויסגעווארצלטע
יידישע האלב־אינטעליגענטן; אט איז די מצבה איבערן קבר פון אסתר־
רחל קאמינסקא, די מאמע פון יידישן טעאטער, וואס האט ערשט נישט
לאנג אויסגעפילט אלע ווינקעלעך פון יידישן פוילן און איז אצינד אינ־
גאנצן אנטשטומט געווארן; און צוויי טריט פון איר — דער קבר פון די
„דריי", פועלי־ציון־העלדן: פאליע עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו
ערליך, אקטיווע געטא־אויפשטענדלער, וועלכע זענען געפאלן מיט געווער
אין האנט א סך שפעטער, בעתן אלגעמיינעם אויפשטאנד אין ווארשע.
ס'איז דער ערשטער באקאנטער קבר פון געפאלענע יידישע העלדן; ער
איז געגראבן געווארן שוין נ א ך דער באפרייאונג. די לוויה איז פייער־



זרובבל מיט א גרופּע פּאַרטיי-חברים ביים קבר פון די דריי העלדן פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד: פאַליע עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו ערליך.
(דער קבר געפינט זיך אין דער הויפּט-אַלעע פון וואַרשעווער בית-עלמין, נעבן דעם קבר פון אסתר-רחל קאַמינסקי. אין הינטערגרונט די מצבה אויפן קבר פון איטע-גיטל טורקאָוו).

לעך דורכגעפירט געווארן אויפן חשבון און אין אויפטראָג פון דער נייער דעמאָקראַטישער פוילן. רעגירונגס־פאַרשטייער האָבן זיך אין איר באַ־מייליקט. די יידישע אונטערערד־באַוועגונג האָט געלייגט אַ קראַנץ און די פרייהייט־פאָן האָט געפלאַטערט איבער די הרוגים, ווען מ׳האָט זיי באַ־גלייט צו זייער אייביקער רו.

פרץ, אסתר־רחל, פאָליע — רינגעלעך אין דער „גאָלדענער קייט"; פאָלקסטימלעכע געשיכטן וועגן מסירת־נפש.

יידישע פאָלקס־קונסט, וואָס דערהויבט און לייטערט.

געטאָ־אויפשטענדלער און רעוואָלוציאָנערן, וואָס דורך יחידישן טויט פאַרפליכטן זיי דאָס פאָלק צו אייביקן לעבן.

VI

# סטאַטיסטיק און דינאַמיק

ס׳האָט נישט קיין שום זין און קיין שום טעם צו אָפּעריִרען ביי היינטיקן טאָג מיט סטאַטיסטישע ציפערן, ווען מען רעדט וועגן דער יידישער באַפעלקערונג פון פוילן. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט דער דעלעגאַציע פון די פוילישע יידן, מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן, נאָך אין לאָנדאָן, בעת דער מערב־אייראָפּעאישער קאָנפערענץ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. דאָרט איז געווען אין אומגאַנג די ציפער פון איבער 100 טויזנט. דריי חדשים שפּעטער בין איך געווען אין פוילן גופא און געהאַט זיצונגען סיי מיטן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, סיי מיט די וואָיעוואָדישע קאָמיטעטן אין לאָדזש און אין קראָקע, געשמועסט לאַנג און אויספירלעך מיט די קאָמיטעטן אין לובלין און אין קאַטאָוויץ. סאַראַ מהלך פון לאָנדאָן ביז לאָדזש! אויב אין לאָנדאָן איז אין סעפּטעמבער אָנגעגעבן געוואָרן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש 23 טויזנט, האָבן אין דעצעמבער די אָפּטימיסטן אין לאָדזש גופא נישט געוואַגט צו באַנוצן אַ ציפער מער ווי 9—10 טויזנט, בעת די מער פּאַרזיכטיקע האָבן גערעדט וועגן 7 און אַפילו בלויז 6 טויזנט! דיביידע ציפערן, סיי די לאָנדאָנער און סיי די לאָדזשער, זענען ריכטיקע. עס האָט זיך ג ע ע נ־ד ע ר ט אין משך פון דריי חדשים. דאָס, וואָס איז ריכטיק בנוגע לאָדזש, קאָן און דאַרף אָנגעווענדט ווערן בנוגע אַלע אנדערע י י ד י ש ע ציפערן אין פוילן.

נישטאָ כמעט קיין ס ט אַ ב י ל ע, שטאַנדהאַפטיקע, פעסט־איינגעוואָרצלטע און באַזעצטע יידישע באַפעלקערונג אין איצטיקן פוילן. זי איז אין עצם אַ פ ל ו ק ט ו א י ר נ ד י ק ע, אַ פליסנדיקע. זי איז אינגאַנצן ד י נ אַ מ י ש. היינט אַ ז ו י און מאָרגן אַ נ ד ע ר ש. ס'איז כמעט נישטאָ דער מין אָ ר ט י ק ע יידן, ס'הייסט אַזעלכע, וואָס זענען די אַלע אָקופּאַציע־יאָרן געווען אויף א י י ן אָרט, אויפן ז ע ל ב ן אָרט. אַלע האָבן ע ו ק ר געוועזן. פון דער שטאָט, על כל פנים — פון דער ד י ר ה, אַריבערגעצויגן זיך ערגעצוווּ אַנדערש, ווו מען קאָן זיין אונטער אַן אַ נ ד ע ר ן נאָמען, צווישן אומבאַקאַנטע, אַ פ אַ ר ש ט ע ל־ ט ע ר. די איצטיקע יידישע באַפעלקערונג איז א ו מ ע ט ו ם הויפּטזעכלעך אַ צ ו ר י ק ג ע ק ו מ ע נ ע און נישט אַ פ ר י ש ־ געקומענע. יידן קומען צוריק: פון באַהעלטעניש, פון דער אַרישער זייט, פון וועלדער, פון לאַגערן, טיילווייז אויך פון ראַטנפאַרבאַנד. אָבער אָט די, וואָס קומען, איז נאָך דערמיט נישט געזאָגט, אַז זיי בלייבן. זיי בלייבן נישט ביי זיך אין פריערדיקער שטאָט אָדער שטעטל. זיי בלייבן נישט על פי רוב אין פוילן בכלל. מען פאָרט ווייטער. דערפאַר קריגן מיר אַזעלכע משונהדיקע, אין פלוג סתירהדיקע ידיעות פון די זעלבע פונקטן. פלוצים הייבט־אָן אויפצוקומען אַ יידישער ישוב, די יידישע באַפעלקערונג וואַקסט ווי אויף הייוון. און אָקערשט דו קוקסט זיך אום, איז פרחה נשמתו פון דעם ישוב. נישטאָ קיין מנין, און די איבערגעבליבענע קלייבן זיך אויך די נאָענטסטע טעג צו פאַרלאָזן דעם אָרט.

אַז מ'קערט זיך אום צוריק, לויפט מען קודם כל אַ ה י י 'ם צו זיך. טאַקע, אמת, געלייענט אין די צייטונגען, געהערט פון מענטשן, באַקומען בריוו פון זייטיקע, אָפט פון קריסטן, און אַלע טענהן זיי אין איין קול: ס'איז ג אָ ר נ י ש ט נישט געבליבן. ס'איז ק י י נ ע ר נישט פאַראַן. די גאַנצע משפחה איז אומגעבראַכט. פונדעסטוועגן קאָנסטו עס ביי זיך נישט פועלן. שייך — נישטאָ?! ע פ ע ס ־ וו אָ ס איז דאָך פאָרט געבליבן. אַ סימן, אַ רמז, אַ שפור. וויל מען זיך אַליין איבערציייגן, זען מיט אייגענע אויגן. פאָרט מען זען. ציט מען זיך פון טיף דייטשלאַנד. און פון טיף ראַסיי צו זיך, אין דעם פאַרלעגענעם שטעטל. ערשט אַז מ'קומט און מ'וויל אָנקוקן, ווערט פינצטער אין די אויגן. נישט אַזוי דאָס

הערן, ווי דאָס זען. ווײַ צו די אויגן, וואָס זעען, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זען. פון ווײַטן האָט מען נאָך געקאָנט האָבן אַ שטיקל אילוזיע, אַן אײַנרעדעניש: ס'איז אַ גוזמא, מ'טרײַבט איבער. אָבער די אייגענע אויגן קאָנסטו דאָך נישט אָפּנאַרן. דו זעסט בחוש, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זען. אָט אין דעם איז דער בראָך. דער דאָזיקער באַשײַנפּערלעכער בראָך טרײַבט די ייִדן אַוועק פון טויטן אָרט — מ'אַנטלויפט. אַלע לויפן. ס'איז געפּלאַנטע, אויסגעשכּלטע אויסוואַנדערונג. מען אַנטלויפט. זיי ברויכן נישט צו זײַן מיסטיקער און דאַרפן זיך נישט אָפּגעבן מיט ספּיריטואַליזם, כּדי עס זאָל זיך זיי דאַכטן, אַז עס יאָגט זיי נאָך אין מיטן העלן טאָג אַן עדה מתים נישט דווקא פון בית־עולם, נאָר פון יעדן שפּאַן ערד, וואָס איז אָנגעזאָפּט געוואָרן מיטן בלוט פון מיליאָנען ייִדישע קרבנות. גיי ווייס, ווו איז געווען וועמענס קבר!

עס רעדט זיך אַזוי לײַכט און עס שרײַבט זיך אַזוי גלאַטיק: אין פּוילן זענען אומגעקומען דרײַ און אַ האַלב מיליאָן ייִדן! ס'איז אָפּנים איבער די מענטשלעכע גײַסטיקע כּוחות און נישט ווערדליק דער נאָרמאַלער מענטשלעכער פּסיכיק, אויסצומאָלן זיך קאָנקרעט און באַנעמען מיטן גאַנצן וועזן דעם אומקום פון דרײַ און אַ האַלב מיליאָן ייִדן. אַ סך לײַכטער און צוגענגלעכער איז פאַרן יחיד צו באַנעמען זײַן פּערזענלעכן אומגליק, אויב ער רירט אָן אײנעם אָדער העכסטנס עטלעכע געציילטע מענטשן. דעם פּערזענלעכן, קאָנקרעטיזירטן צוגענגלעכן אומגליק נעמט־מיט מיט זיך דער צוריקגעקומענער ייִד. ער נעמט אים מיט און איר ווערט בשום אופן נישט פּועלן, ער זאָל מיט אים בלײַבן דאָ, אויפן זעלבן אָרט. גאַנץ פּוילן איז פאַרן ייִד אַ ריזיקער בית־הקברות. ווו ער שטייט און ווו ער גייט, ווו ער קערט זיך און ווענדט זיך — קוקן צו אים מתים. צו אים און צו זײַן פרײַנט און צו זײַן באַקאַנטן. אַ לאַנד מיט בר־מיננס. ווי קאָן מען דאָ פרײַ אָטעמען, ווי קאָן מען דאָ אָנהויבן אַ נײַ לעבן?

די אַרומיקע פּוילישע סביבה האָט זיך נישט געענדערט צום בעסערן. מ'מוז אָפּטיילן און פונאַנדערשיידן צוויי לגמרי פאַרשיידענע אָפּגעזונדערטע עלעמענטן: דאָס אָפּיציעלע פּוילן פון דער נישט

אָפיציעלער דורכשניטלעכער פּוילישער  מ אַ ס ע.  אין דער פּוילישער מאַסע איז דער אַנטיסעמיטיזם  פ אַ ר ע ר ג ע ר ט  געוואָרן אין משך פון די אָקופּאַציע־יאָרן. כ׳וועל זיך נישט קווענקלען צו זאָגן, אַז אויך אין אַנדערע לענדער אין אייראָפּע איז דער אַנטיסעמיטיזם איצט מער אָנ־גרייפערישער, ביטערער און גאַליקער, איידער פריער. פאַרן קריג איז ער מערסטנטיילס געווען „אָן ציין״. געבילט און נישט געביסן. אַפילו אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן פון „אָזאָן״ און „נאַראַ״, פון יידישע בענק אין אוני־ווערזיטעט און איבערפאַלן אין באַנען. דעמאָלט האָט מען געפילט מער די אָרגאַניזירטע „אידעאָלאָגישע״ כנופיא, וואָס האָט געבושעוועט, און מ׳האָט אָפט מורא געהאַט זיך איר אַנטקעגנצושטעלן. האָט מען געקרומט מיט דער נאָז: ס׳איז נישט קולטורעל, נישט אייראָפּעאיש צו מזיקן און שלאָגן. באַיקאָט — אדרבא! אויב מען זאָל זיך באַנוצן מיט סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקים געפליגלט ווערטל פון יענער תקופה.

אין דער הינזיכט האָט היטלער געגעבן גוטע אָנשוילעכע לעקציעס, ווי צו רעאַליזירן און  פּ ר אַ ק ט י צ י ר ן  אַנטיסעמיטיזם. פּוילן איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס שעכט־פּלאַץ דערפאַר, ווייל ס׳איז דאָרט גע־ווען פון פאַרצייטנס אַן אַנטשפּרעכנדיקע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער. אָבער מען מוז צוגעבן, אַז פּוילן האָט אויך  ג ע ל ע ר נ ט.  נישט נאָר פּוילן. מיר וועלן לײדער האָבן אין אַ סך לענדער צו פאַרצייכענען אַפילו פאַר דער קורצער צייט זינט דער באַפרייאונג אַ היפּש ביסל ממשותדיקע רעזולטאַטן פון דעם, ווי די זיגער האָבן איבערגענומען היטלערישע מע־טאָדן און ווענדן זיי אָן גאַנץ געשיקט מיט דער געהעריקער מאָס געניט־קייט און דערפאַרונג. רעדן מיר וועגן פּוילן, איז נייטיק צו נעמען אין אַכט, אַז דער צוריקגעקערטער ייד פילט זיך דאָרט אומזיכער, ווי אַ נישט־גערופענער און נישט־געווונטשענער. „נאָך אַלץ נישט פּטור גע־וואָרן פון זיי!״  צו אָפט הערט ער אַזאַ מין באַמערקונג אויף זיין חשבון, קוים האָט מען אין אים דערקענט דעם  ייד. ס׳איז אַ מין פאָרוואורף היטלערן, נאָכסאָל ער האָט זיין מלאכה נישט פאַרענדיקט.  ס׳איז אַ פאָרוואורף דעם ייד, הלמאַי ער איז איבערגעקומען היטלערן  און  נישט פאַרטיליקט געוואָרן איינמאָל פאַר אַלעמאָל.

באַמיט זיך דער ייד איינצוקורטשען און צונויפצודרייען זיך, ער

זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, מען זאָל אים נישט באַמערקן. על כל פנים זאָל ער זיך נישט מיט עפעס אויסשיידן פונעם כלל. נישט מיטן געזיכט, נישט מיטן הילוך, נישט מיט דער שפּראַך. כ׳האָב געפּרובירט אויסרעדן העכער אַ יידיש וואָרט אין גאַס, האָבן מענטשן אויסגעדרייט דעם קאָפּ, איינצוקוקן זיך, ווער רעדט עס פּלוצים יידיש? נישטאָ קיין איסור אין גאַס. אָבער קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו רעדן הויך יידיש. ס׳איז שוין געוואָרן אַזאַ געוווינהייט, אַ שאַבלאָן. נישט ווייל מען מיאוסט זיך מיט דער שפּראַך, נאָר אַזוי איז עס ב אַ ק ו ע מ ע ר. מענטשן ווילן אַביסל באַקוועמלעכקייט. נאָך אַזויפיל יאָרן ענגשאַפט און געענגטקייט, וויל מען זיך דערלויבן אַ קאַפּיטשקע באַקוועמלעכקייט און רו. אָ ן יידיש אין גאַס איז רואיקער און... זיכערער.

מ׳בענקט נאָך אַ יידיש וואָרט נאָך אַ יידישן קלאַנג. אָבער מען פאַר־גינט זיך אים נישט. עס איז דער יום־טוב, וועלכן מען קוקט אוים. אַזוי ווינציק יום־טוב איז איצט אין יידישן לעבן! איז מען ציטעריק איבער דעם ביסל. איז מען שפּאָרעוודיק נישט צו צעטרענצלען מיטאַמאָל.

מ׳זוכט קרובים, מ׳פרעגט זיך נאָך. מ׳רעגיסטרירט זיך און מ׳קוקט־נאָך די רשימות פון די רעגיסטרירטע. אין אָט די רשימות זענען פאַראַן העכער 100 טויזנט. מ׳טאָר דער רשימה נישט טרויען. מענטשן האָבן זיך רעגיסטרירט אונטער אַנדערע נעמען. נישט געווען זיכער אין דעם נאָמען, וואָס ס׳איז כדאי אויפצוהיטן. מען האָט זיך רעגיסטרירט און באַלד אַוועקגעפאָרן ווייטער. פאַראַן אַ סך נ י ש ט ־ רעגיסטרירטע. זיי ווילן זיך נאָך נישט דעקאָנספּירירן. גילטן זיי נאָך אַלס אַריער פאַר די סאַמע נאָענטסטע. ס׳האָבן פּאַסירט טראַגי־קאָמישע קוריאָזן. אין ביוראָ פון יידישן קאָמיטעט טרעפן זיך צופעליק מאַן און פרוי און ערשט דאָ דערוויסן זיי זיך, נאָכפרעגנדיק זיך אויף קרובים, אַז ב י י ד ע זענען ז י י י י ד ן. אין אינפאָרמאַציע־ביוראָ איז יעדער געגאַנגען באַזונדער, בשתיקה, דער צווייטער זאָל נישט וויסן, אַז ער זוכט אַ יידישן קרוב... זיי האָבן זיך געטראָפן ביים זעלבן באַאַמטן, זיך באַגעגנט מיט די בליקן, און זיך... פאַרשעמט.

עס איז שווער זיך איינצואָרדענען. עס קלעקט נישט די חלה אויף דער המוציא. ס׳קומען גרויסע טראַנספּאָרטן פּוילישע רעפּאַטריאַנטן. מענטשן

פון לאַגערן. איצט — אויך פון ראַטנפאַרבאַנד. די רעגירונג שטיצט די ייִדישע קאָמיטעטן מיט היפּשע סומעס. ווי מען פאַרזיכערט, שטייגט אַרי־בער די ייִדישע סובסידיע די פּוילישע סובסידיע. די רעגירונג ווייס, אַז די ייִדישע צוריקקערער זענען אין אַ סך אַן ערגערער לאַגע ווי די פּאָ־ליאַקן. יענע, ס׳רוב קערן זיך אום אין זייער דאָרף. די ע ר ד איז גע־בליבן. נישט זעלטן — אויך די כאַלופּע, דאָס הויז און עפּעס פון דער ווירטשאַפט. עס זענען געבליבן אייגענע. דער ייִד איז אָן אַ רינד און אָן אַ הויזגעזינד. נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ העמד צום לייב. די סובסידיע גענוגט אים נישט. און ער איז אָנ־געוויזן אויף ה י ל ף, ספּעציעל אויף י י ד י ש ע ר הילף. אינדרויסן טומלט זיך גאָר אַ סך וועגן אָט דער הילף. קאָמיטעטן אַלגעמיינע און לאַנדישע און אָרטיקע און ספּעציעלע. דער רעטונגס־קאָמיטעט פון ארץ־ישראל, דער „דזשאָינט” און „אָרט” און דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמי־טעט און דער ייִדישער קאָנגרעס, און דרום־אַפריקע און דרום־אַמעריקע, און דענעמאַרק און שוועדן און פינלאַנד און נאָך און נאָך. אָבער אין די קאָמיטעטן אין פּוילן פייפט דער דלות. אין וואַרשע און אין קאַטאָוויץ און אין קראָקע און אין לובלין — אומעטום האָב איך בייגעוווינט פיינלעכע סצענעס, ווי צענדליקער מענטשן האָבן באַלאַגערט דעם קאָמיטעט און גע־בעטן זיך רחמים די מינדסטע שטיצע, און דער ענטפער איז געווען אַ סטערעאָטיפּישער אין די אַלע פּונקטן: נישטאָ קיין געלט. אָבער מיר האָבן דאָך געלייענט אין די צייטונגען, אַז פון דאַנען איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַזאַ סומע און פון דאָרט — אַזאַ, און פון דריטן אָרט אַזאַ און אַזאַ. טאָ ווו איז דאָס געלט? געלט איז אין די בענק, און ביז מען וועט זיי פון דאָרט אַרויסקריגן, איז נאָך דאָ אַ פראַגע וועגן וואַליוטע און אויסטויש. חשבון אַהער און חשבון אַהין, און צו קיין ברויט קומט עס נישט און צו קיין מזומן — אוודאי נישט.

וואַרפט מען זיך צו לייכטע פאַרדינסטן, גליטשט מען זיך אַוועק אויף אַלטע אויסגעטראָטענע וועגן. אויסגעטראָטענע דורך אַנדערע, דורך אַלע־מען. דורך אַלע פעלקער, וואָס האָבן אַ חלק אין דעם ניצחון. אַלע האַנדלען. אַלע שפּעקולירן. אַלע שאַברעווען.

עס זענען אויך היינט דאָ אין פּוילן ייִדישע אַרבעטער און באַלמע־

לאָבעס — נישט זיי זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן סאָציאַל־עקאָנאָמישן בוי פון דער יידישער געזעלשאַפט און נישט זיי זענען דער רוב מנין ובנין פון דער יידישער באַפעלקערונג. מען איז קאָנצענטרירט אַרום די כלערליי געזעלשאַפטן, חברות און עפנטלעכע אינסטיטוציעס. אַ זייער קנאַפער פּראָצענט איז אין די אויפגעשטעלטע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון.

פאַראַן געזעלשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס, בפרט דער צענטראַלער קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן און זיינע וואַיעוואָדישע אָפּטיילונגען — זיי אַלע מיינען ערנסט און טראַכטן ווי אַריינצוברענגען דעם עלעמענט פון פּראָדוקטיוויטעט אינעם יידישן לעבן, וואָס דאַרף איצט אויפגעריכט ווערן. פאַראַן פּראָגראַמען און קאָנקרעטע פּלענער, פאַראַן ווילן און אפילו התלהבות.

ס'פעלן אָבער בעלנים. נישטאָ קיין מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס זאָלן ערנסט וועלן בלייבן אויף אַן אָרט און אָנהייבן זיך צוריק איינגלידערן אין דער ווירטשאַפט פון לאַנד.

די מערהייט איז א ו נ ט ע ר וו ע ג ס. ווי האָט מיר געזאָגט אַן אָנגעזעענער טוער אין קאַטאָוויצער וואַיעוואָדישן קאָמיטעט: אונדזער וויכטיקסטע אויפגאַבע איז פּ ר אָ ד ו ק טי וו י ז אַ צ י ע. טאָ אדרבא, גייט פּראָדוקטיוויזירט אַן עולם, וואָס היינט איז ער דאָ און מאָרגן איז ער שוין אויף יענער זייט גרענעץ. דער מענטשן־מאַטעריאַל צעקריכט דיר אונטער די הענט. פּראָדוקטיוויזיר אים!

VII

# באַנקראָט...

אויף אַ באַגעגעניש פון יידישע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער אין לאָדזש האָט מען זיך געפּרובירט דורכשמועסן וועגן דער לאַגע פון די יידן און זייער פּערספּעקטיוו אין פּוילן. עס זענען געווען בלויז אייגענע מענטשן. און הגם די מערהייט האָט געהערט צו פּאָליטישע פּאַרטייען, האָט מען, ווי מיט אַ כיוון, אויסגעמיטן צו באַרירן פּאָליטישע פראַגן. מ׳האָט נישט געוואָלט קיין ד י ס ק ו ס י ע. מ׳האָט געוואָלט האָבן אַ פרייען, אומגעצוווּנגענעם שמועס, מ׳זאָל זיך נישט דאַרפן צוימען און קרעמפּירן אין די רייד. איז עס געווען אַ מין אינטימער חשבון־הנפש. מער מיט זיך, ווי מיט אַנדערע. אַן אַריינבליק טיפער אין זיך, ווי ס׳טרעפט מיט אַ קינסטלער, וואָס וויל פאַרשטיין און באַנעמען דאָס געשעענע.

עס האָט געווירקט דאָס געפיל און באַוווּסטזיין, אַז די מסיבה איז נישט קיין פולע, אַז עס פ ע ל ן אין איר, אייגנטלעך, די, וואָס האָבן באַדאַרפט און געהאַט דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון דער יידישער אינטעליגענץ אין פּוילן. זיי פעלן, נישט מחמת זיי האָבן פאַרשפּעטיקט צו קומען, אָדער ווייל די איינלאַדונג איז צו זיי נישט דערגאַנגען צייט־לעך. זיי זענען אין ערגעץ נ י ש ט אָ. נו, געוויס, אייניקע זענען די יאָרן געווען אויסבאַהאַלטן אין אויסלאַנד. יחידים וועלן נאָך אפשר קומען. מער אָדער ווינציקער. דאָס וועט נישט ענדערן דעם חשבון. עס פ ע ל ט די אינטעליגענץ, וואָס איז געווען איינגעוועבט אין דעם יידישן לעבן און וואָס וואָלט געדאַרפט אַצינד מאַכן דעם אמתן סך־הכל.

עס זענען געזעסן אין דורכשניט מענטשן פון מיטעלן עלטער. מענטשן, וואָס האָבן כמעט אַלע דורכגעמאַכט די היטלער־יאָרן אין לאַנד, אין געטאָ, אין וואַלד, אויף דער אַרישער זייט, אָדער גאָר אין לאַגער. חלילה, זיי זענען נישט קיין פּנים חדשות. אָבער זיי זענען אַנומלטן נישט געווען אין דער פּאָדערשטער ריי. זיי זענען פּלוצים איצט אַרויסגעשווומען, אַרויפ־געשווומען אויף דער סאַמע אויבערפלאַך און פאַרנומען דעם אויבן־אָן. זיי האָבן זיך דערצו בכלל נישט געריסן, און זיי שעמען זיך אפשר אינע־ווייניק מיט דער ראָל, וואָס איז זיי צופעליק צוגעטיילט געוואָרן. אַז זיי זענען מיט זיך אַליין, האָבן זיי פּאַר איר מורא; די לאַסט און די אחריות איז איבער זייערע כוחות.

האָט זיך איצט געוואָלט אויסנוצן אַ געלעגנהייט און אַראָפּרעדן פון האַרצן. ס'איז געווען פאַרנאַכטלעך. עטוואָס טונקל. געווען אַ שאָד אַריינ־צוברענגען מער ליכט. בעסער אַזוי, ווען מ'זעט נישט גענוג דאָס געזיכט פון דעם רעדנער, נאָר מען הערט זיך איין אין זיין שטים. ווי די שטים וואָלט געקומען פון אינעווייניק, פון דער טיף, ממעמקים.

באַנקראָט! — דאָס וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן גריילעך פון איינעם, וואָס האָט געערדט צווישן די לעצטע. אָבער אין אמתן איז עס געהאַנגען אין דער לופטן די גאַנצע צייט און זיך געריסן פון די ליפּן ביי די אַלע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט. דאָס יידישע לעבן דאָ האָט מער נישט קיין פעסטן אָנשפּאַר און ס'פעלט אים פּערספּעקטיוו; די יידישע אינטעליגענץ דאָ איז באַנקראָט. מ'האָט זיך געוועסט פאַררעדט. נישט דווקא די יידישע אינטעליגענץ און נישט בלויז דאָס יידישע לעבן. דער מענטש איז באַנקראָט. די מלחמה איז געווען אַ שגעון. אַזאַ מלחמה האָט קיינער נישט פאָרויסגעזען, און ס'וועט זיין אַ ליגן, אויב עמיצער וועט קומען און וועט וועלן דערווייזן דורך מאַרקסיסטישע אותות־ומופתים, אַז עס האָט געמוזט זיך אומקערן די קאַניבאַלישע תקופה און אַז די גאָרע דערגרייכונג פון דער וויסנשאַפט זאָל פאַרווענ־דעט ווערן צוליב איין און איינציקער זאַך — פאַרניכטן און פאַרטיליקן דעם מענטשלעכן מין. אָבער אַז מען זאָל זיך נישט וועלן אַריינלאָזן אין פילאָזאָפישע חקירות וועגן דער מענטשהייט בכלל און דער לעקציע, וואָס זי האָט באַקומען פון דעם קריג, מוזן מיר אָבער, אַלס יידן, זיך זאָגן, אַז

די גאַנצע תוכחה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף א ו נ ד ז און מ י ר זענען געווען דער האַלדז, וועלכן עס האָט געשניטן דער משוגע־געוואָרענער דור.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ סך אָרגאַנישער, ווי מ׳האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אין די נאָרמאַלע יאָרן. מען טאָר נישט פאַרשרייבן אַלץ אויף היטלערס חשבון. ס׳איז נישט ריכטיק צו רעדן בלויז וועגן נאַציס; ס׳איז זעלבסט־אָפּנאַרעריי, אויב מען טייטלט מיטן פינגער נאָר אויף דייטשן. אין דער פאַרטיליקונג פון מיליאָנען יידן האָבן זיך באַטייליקט הונדערטער טויזנטער, אויב נישט מיליאָנען מענטשן. דעם אויבן־אָן האָבן פאַרנומען ד י י ט ש ן. זיכער זענען עס געווען קודם כל די ס. ס. — ספּעציעל דרעסירטע און אויסגעמושטירטע פּסיכיש און גייס־טיק. אָבער מיר ווייסן פון דערפאַרונג, פון דעם, וואָס מיר האָבן געזען באַשיינפּערלעך, אַז די „אַקציעס" פון אויסראָטונג זענען דורכגעפירט געוואָרן אויך דורך אַנדערע. דורכגעפירט געוואָרן נישט נאָר אויס מורא און נישט נאָר מחמת געהאָרכזאַמקייט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מין אינטערנאַציאָנאַלע שותפות־חברותא פון אויסראָטער, פון ברואים, וואָס האָבן זיך געיאָגט אין אַ פאַרמעסט ביים דערנידעריקן דעם ייד, ביי פאַר־שפּייען אים און פאַרברודיקן. אַ גאָר גרויסן חלק האָבן געהאַט די אוק־ראַינער, נישט ווינציקער די פּאָליאַקן, גאַנץ באַדייטנדיק איז געווען דער אַנטייל פון די ווייסרוסן, פון אונגאַרן, פון אַנדערע פעלקער.

אמת, מען האָט געפּייניקט און געמאָרדעט אויך אַנדערע נאַציעס. בפרט די סאָוועטישע פעלקער, די רויטע אַרמיי. אָבער דאָרט איז תמיד געווען אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר מאָטיוו און אויסרייד. ס׳איז געווען אַן אָפּרעכענונג, אַן אויסרעכענונג וועגן דעם מאָרגן; אָפּצושוואַכן דעם קעג־נער, פאַרמינערן די צאָל קאָנקורענטן און פּרעטענדענטן אויף מאַכט און הערשאַפט.

צו יי ד ן איז געווען אַן אַנדער מין באַציאונג. נישט צוליב פּאָ־ליטישע טעמים און נישט צוליב מאַכט־אויסרעכענונגען האָט מען זיי געזוכט צו „ליקווידירן". דאָ האָט געווירקט איין איינציקער מאָטיוו: זייער י י ד י ש ק י י ט, זייער אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. נעכ־טיקע שכנים, גוטע פריינט, מיט וועלכע מען האָט יאָרנלאַנג געלעבט צו־זאַמען, נישט שפּירנדיק קיין שום נאַציאָנאַלע מחיצה, זענען פּלוצים

געוואָרן פרעמד און פיינטלעך. אויב זיי האָבן זיך אַליין נישט געבאָדן אין אונדזער בלוט, האָבן זיי על כל פּנים זיך צוגעקוקט לגמרי גלייכ־גילטיקע צו אונדזער אומקום: ס׳האָט זיי נישט געפּלאָגט דאָס געוויסן.

דאָס האָט זיך אין אונדז נוקם געווען אונדזער נאַציאָנאַלע אומגאָר־מאַלקייט און שטאַטלעכע אויסנעמלעכקייט צווישן אַלע פעלקער אויף דער ערד אין משך פון באַלד צוויי טויזנט יאָר. איינשטיין האָט אַנומלטן געזאָגט, אַז מ׳האָט אונדז פיינט און מ׳רודפט אונדז צוליב אונדזער גאוניש־קייט. אין דעם איז פאַראַן אַ טראַגישער אמת. וואָלטן מיר נישט פאַר־מאָגט אָט די גאונות, וואָלט מען אונדז נישט גערודפט און נישט דער־גאַנגען אַזוי די יאָרן. ס׳וואָלט געווען גענוג דער ביטול צו אונדז, די פאַר־אַכטונג. אָבער יעדעס מאָל שטויסט מען זיך אָן אויף אונדזער שאַפונגס־קראַפט, און ד אָ ס דערנערוווירט, רעגט־אויף, וועקט דעם צאָרן און מאַכט ווילד. מ׳קאָן דורך דערקרעטן פאַרטרייבן דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער אויבערפלאַך, אָבער א ו י ס ו ו אָ ר צ ל ע ן אים וועט מען קאָנען נאָר אין משך פון דורות, דורכדעם, וואָס מיר וועלן ע נ ד ע ר ן א ו נ ד־ז ע ר ל אַ ג ע א ל ס פ אָ ל ק צ ו ו י ש ן פ ע ל ק ע ר, און די קומענדיקע דורות וועלן זיך מיט אונדז באַגעגענען, ווי גלייכע מיט גלייכע.

פאַראַן איינער פון די צוויי וועגן פאַר אונדז, האָט געזאָגט איינער פון די לעצטע רעדנער: פולשטענדיקע אַסימילאַציע, מען זאָל אינגאַנצן נישט וויסן, אַז מיר שטאַמען אפילו פון יידן. אַזוינס איז נישט מעגלעך, יעדנפאַלס — פאַר די נאָענטסטע תקופות. דער צווייטער וועג איז — ציוניזם. אייגענע יידישע מלוכהשקייט אין ארץ־ישראל. בין איך זיך מודה ומתוודה — האָט ער באַטאָנט אויפריכטיק — מיין גאַנצע פּסיכיק און אידעאיש לעבן איז ב אַ נ ק ר אָ ט. איך האָב געלעבט צווישן אַריער, מיט פּאָליאַקן, געאָטעמט פוילישע קולטור, געהאַט אויך מיין באַשיידע־נעם חלק אין שאַפן זי. איך האָב קיינמאָל נישט געליטן צוליב מיין יידי־שער אָפּשטאַמונג און מען האָט עס מיר נישט געגעבן צו פילן. איצט זאָג איך אָפן: איך בין באַנקראָט. איך האָב נישט פאַרלאָרן מיין גלויבן אינעם מענטש אויך נ אָ ך דער מלחמה, הגם עס וועט מוזן קומען אַ גרינט־לעכע רעוויזיע פון די מענטשלעכע באַגריפן וועגן גוט און שלעכט. אָבער אויף וויפל מיך אינטערעסירט אַצינד יידיש לעבן, זע איך נישט קיין

אנדער וועג, ווי ארץ־ישראל. און מיך אינטערעסירט איצט י י ד י ש
לעבן, מער ווי ווען עס איז. מיך אַ ר ט אונדזער קיום, אונדזער גורל.
פריער האָט עס מיך נישט געקימערט. היינט, נאָך דעם, וואָס איז פאָר־
געקומען, און גרייזלעך אויף מיינע אויגן, אין מיין פוילן, פאַרשעלט איך
די רואיקייט און „אָביעקטיווקייט". איך וויל נ ק מ ה נעמען פאַר די
מיליאָנען טויטע. איך דורשט נישט נאָך בלוט פון אַנדערע און איך
באַגער נישט דעם חורבן פון אַנדערע. איך זע אָבער אַ נייע, אַ י י ד י־
ש ע  א ח ר י ו ת פאַר אונדזער פאָלק און זיין גורל.

אַ דיכטער האָט געטענהט, אַז ער קען נישט שאַפן פון דורכאויסיקן
חורבן. אמת, חורבן גופא איז שטאָף פאַר אַ טעמע. איז אָבער אַ סברא,
אַז מ'טאָר זיך נאָך נישט צורירן צו דעם. נישט י ע ד ע ר מעג זיך צו
דעם צורירן. עס דאַרף זיין דער גאון, כדי נישט צו צעטרענצלען און נישט
אויסבייטן אויף קליינמינץ דעם נאַציאָנאַלן בראָך. דער חורבן, וואָס מיר
האָבן דורכגעמאַכט, דערהויבט נישט און דערמוטיקט נישט צום שאַפן.
ער דערדריקט און דערשטיקט די שאַפונגס־כוחות. איז דאָך אַ פאַקט, אַז
ביז איצט איז דאָ ביי אונדז נישטאָ קיין גרויס ווערק, הגם מיר אַליין
האָבן אַלץ דורכגעמאַכט און מיטגעלעבט. פאַראַן אַ סך, וואָס שרייבן אויף
דער טעמע פון חורבן. איז בעסער וואָלט געווען, זיי זאָלן נישט שרייבן.
מען קאָן עס זעלטן דרוקן און פאַרעפנטלעכן. די ווירקלעכקייט איז געווען
מער ווי עס איז די היינטיקע קונסט. איך מיין, אַז די וויכטיקסטע אויפ־
גאַבע פון אונדזערע פען־מענטשן וואָלט איצט געדאַרפט זיין: ז אַ מ ל ע ן.
זאַמלען פאַקטן, פ אַ ר צ י י כ ע נ ע ן געשעענישן אַזוי ווי זיי זענען
געווען, אָן באַפּוצונגען און פאַנטאַזיע־צוגאַבן. קיין שום דיכטער, פון די
גרעסטע, אויב ער איז אַליין נישט דורכגעגאַנגען אונדזערע שבעה מדורי
גיהנום, וועט נישט זיין בכוח צו שאַפן דאָס, וואָס זאָל כאָטש וויפל עס
איז, אין דער מינימאַלסטער מאָס, שילדערן דעם אמת פון אונדזער גרויל
און שוידער. דעריבער שווייגט אונדזער ליטעראַטור דאָ. מיר ווייסן, אַז
מיר זענען נישט דערוואַקסן און נישט ראוי צו זיין די „דיכטער פון אונד־
זער צייט". אַזאַ צייט פאָדערט אַנדערע מענטשן, אַנדערע דיכטער. אפשר
וועלן זיי אויפקומען פון צווישן די, וואָס זענען געקאַטעוועט געוואָרן
אין די לאַגערן און דאָך לעבן געבליבן. זיכער זענען פאַראַן אַזעלכע יחידים.

אָבער ליטעראַטור נייטיקט זיך אין כּלַלישער אַטמאָספער. אונדזער יידיש לעבן דאָ צערינט צווישן טאָג און נאַכט, צווישן יאָ און ניין. נישטאָ קיין שטענדיקייט, קיין גרינטלעכקייט, נישטאָ דאָס געפיל און איבערצייגונג, אַז עס ווערט געבויט אויף אַ פעסטן פונדאַמענט.

דערפאַר זעען אויס אַזוי נעבעכדיק און ע ל נ ט אונדזערע שולן. די קינדער אַליין זענען דאָך אויך נישט נאָרמאַלע. אגב בלייבן זיי נישט לאַנג אין דער שול, אויף וויפל זיי האָבן עלטערן. יענע טראַכטן און באַמיען זיך וועגן אריבערפאָרן אין אַן אַנדער לאַנד. ס'פעלט דער פּאָזיטיווער מאָמענט, וואָס זאָל באַגייסטערן, דערהויבן און דערמונטערן, בעת מ'שפּירט, אַז ס'איז פאַראַן די געלעגנהייט פונאַנדערצוּוויקלען אַלע פעאיקייטן און שאַפונגס-כּוחות. זיך אַליין, אין אַן אינטימער מסיבה, מעג מען דאָך זאָגן אָט דעם אמת: אַזאַ אַטמאָספער פאַר אונדזער שאַפן איז דאָ נישטאָ. מעגן פּאַרטיי-מענטשן רעדן מיט אַ האָפערדיקער שפּראַך. פאַר זיך ווייסן זיי, אַז הינטער זיי שטייט נישט דאָס פאָלק. אויך דאָס ביסל פאָלק, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט.

...איך האָב שפּעטער געטראָפן אַ יידישן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט זיך געדאַרפט דעמאָביליזירן. ער איז צו מיר צוגעגאַנגען אין גאַס. זיין ברוסט איז געווען באַהאַנגען מיט מעדאַלן און אויסצייכענונגען. ער האָט שטיל צו מיר גערעדט, זיך באַקלאָגט: די מעדאַלן וועלן מיר נישט פאַרגיטיקן די פאַרטיליקונג פון מיין פאָלק. די אויסצייכענונגען וועלן מיך נישט איינאָרדענען אַלס פרייען באַוווסטזיניקן ייד. די בליקן שטעכן מיך, די ערד ברענט אונטער מיינע פיס, די לופט איז אָנגעגליט מיט שנאה. איך גלייב דער רעגירונג. מיר האָבן זיך נישט געקאַנט פאַרשטעלן קיין בעסערע אין אידעאָלאָגיש, פּאָליטישן זין. איך ווייס אירע גוטע כוונות. אָבער איך קען דאָס פאָלק, איך בין דאָ אויפגעוואַקסן און זיך אויפגעכאָוועט צווישן די פאָלקס-מענטשן, און כ'האָב נישט קיין געדולד צו וואַרטן יאָרן און דורות ביז אַלץ וועט זיך איבעראַנדערשן אויף אַן אמת. כ'האָב זיך באַטייליקט אין אַ סך שלאַכטן, געווען עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט — דערפאַר זענען אָט די מעדאַלן. אָבער קען מען דען לעבן פון מעדאַלן אין אַ צייט פון פרידלעכן אויפבוי? און א י ך — וויל ל ע ב ן. אויב איך האָב דורכגעמאַכט אָט די שווידערלעכע צייט,

און אַרוים גאַנץ, נישט צעקאַליעטשעט, ווײַל איך איצט לעבן. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, פאַרוואָס זאָל איך נישט טאָרן לעבן פרײַ, אינגאַנצן פרײַ, אין נאַציאָנאַלן זין, ווי איר דאָרט, אין ארץ־ישראל?!

נאָך יעדער פאַרלעזונג פלעגן צו מיר צוקומען מענטשן פון פאַרשי־דענע פּאַרטייען און שטילערהייט דריקן די האַנט: הונדערט פּראָצענט איינשטימיק. זיי זענען גרייט צו פאָרן און באַטייליקן זיך אינעם אויפ־בוי פון נײַעם יידישן לעבן. עס זאָל נאָר זײַן דער וועג.

כ'האָב געפרעגט אײנעם אַן עלטערן אַרבעטער, אַ שײנער טיפּ פון אַן ערלעכן יגיע־כפּיימניק, אַ פאָלקס־מענטש, וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג געהאָרעוועט און געקעמפט אונטער דער רויטער פאָן פון זײַן פּאַרטיי, דעם „בונד": וווהין ווילט איר פאָרן? האָט ער מיר געענטפערט פּראָסט־פּשוט: אַהין, וווּ אַלע יידן פאָרן, אין פּאַלעסטינע. האָב איך ווידער געפרעגט: ווי געשיקט זיך עס, אַ בונדיסט זאָל וועלן פאָרן דווקא אין ארץ־ישראל? זענט איר דען געוואָרן אויס בונדיסט?

— חלילה — האָט ער מיר געענטפערט בתמימות, — מיך האָט דער „בונד" געלערנט צו ק ע מ פ ן ד אָ ר ט, ו ו ו א י ך ב י ן. נו, וועל איך ז ײַ ן אין ארץ־ישראל, וווּ אַלע יידן זענען, און וועל ד אָ ר ט קעמפן.

VIII

# צווישן יידישע קינדער

איך האָב זיי געוואָלט זען, די יידישע קינדער, און מורא געהאט פאַר דער באַגעגעניש מיט זיי. זיך געשעמט צו קוקן אין זייערע אויגן. נאָך איידער איך האָב זיי געטראָפן, האָב איך געזען אין זייערע אויגן פראַגעס און קשיות אָן אַ סוף: פאַרוואָס און פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט מען אומגעבראַכט אַזוי פיל, הונדערטער טויזנטער קינדער, זייערע חברימלעך, און פאַרוואָס האָט מען זיי אַזוי אכזריותדיק ברוטאַל געריסן אויף צווייען, געקלאַפּט און געשמעטערט זייער קעפּלעך אין דעם ברוק פון הויף און אין וואַנט פון מויער און געשליידערט אין דער לופט, ווי אַ ציל־באַלעם פאַר אַ גוטן שיסער? פאַרוואָס האָט מען זיי געלאָזן הפקר אין פרעמדע, גישט־יידישע היימען, און פאַרוואָס האָט מען זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט די אַלע יאָרן פון אָקופּאַציע און פאַרניכטונג? און פאַרוואָס אינטערעסירט מען זיך אויך איצט אַזוי ווייניק מיט זיי? פאַרוואָס לאָזט מען זיי נאַקעט אין אָנהייב ווינטער און פאַרוואָס איז אַזאַ קאַרגע זייער דערנערונג אפילו איצט, ווען ס'איז אָפן דער וועג צו זיי און ס'איז דערלויבט די הילף פאַר זיי?

דעם אמת געזאָגט, איך האָב מורא געהאט פאַר זייער בליק נאָך איידער איך האָב זיך באַגעגנט און פאַרבראַכט מיט זיי שעהן און טעג. איך האָב געהאט דאָס געפיל, אַז זיי זענען עלטער פון מיר, דעם 60־יעריקן; אַז זיי קענען בעסער די וועלט און האָבן מער דערפאַרונג פון

די דערעפענונג פונעם קינדער-הויז אין אָטוואָצק.



פארשטייער פון צ. ק. פון די יידן אין פוילן צוזאמען מיט די לערער און דערציער

מיר, הגם איך האלט דאָס גאַנצע לעבן אין ארומפאָרן און בין אויסגעוועזן אַ וועלט. ווי נעבעכדיק זע איך אויס מיט מיין גאַנצן באַגאַזש לעבנס־דערפאַרונג אין פאַרגלייך מיט אָט דעם 11־יעריקן יינגל אין אָטוואָצקער קינדער־הויז, וואָס אויף זיינע אויגן האָט מען אומגעבראַכט זיין טאַטע, זיין מאַמע, זיין שוועסטער, זיין ברודער. אויך אים האָט מען געוואָלט פאַרנאַרן און „ליקווידירן", נאָר ער האָט זיך נישט געלאָזט און איז אַנט־לאָפן אין וואַלד אַריין! וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן מיין טרייסט־וואָרט וועגן זאָרג און הילף ביי אָט דעם 12־יעריקן מיידעלע, וואָס איז צוויי יאָר נאָכאַנאַנד געווען אויסבאהאלטן אין אַ קבר אויפן בית־עולם, בעת איך, אַ סך עלטער ווי אין אירע יאָרן, האָב מורא געהאט דורכצוגיין ביינאַכט דעם בית־עולם, ווייל מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מתים אין ווייסע תכריכים וועלן מיך נאָכיאָגן און נישט אָפּלאָזן מער פון זיך, וויבאַלד זיי וועלן מיך פּאַקן. ווי קאַן איך קוקן אין די אויגן אָט יענעם 14־יעריקן מיידל, וואָס איז אַן אינסטרוקטאָרקע פאַר די איבעריקע קינ־דער און דערציילט זיי שוין מעשיות וועגן מענטשן און לעבן, בעת איך הייב נאָך אָן צו פאַרשטיין נישט די מענטשן און נישט דאָס לעבן נאָך דעם אַלעם, וואָס מען האָט געטאָן אָפן פאַר דער וועלט, אויף די אויגן פון דער מענטשהייט מיט מיליאָנען פון מיין פאָלק, די עלטערן פון אָט די קינדערלעך, זייערע ברידער און שוועסטער?!

זיי זענען געבליבן ווינציקע, זייער ווינציק. בלויז די פעסטערע און שטאַרקערע. קערפּערלעך און גייסטיק. איך מייד כמעט אויס דעם שמועס מיט זיי, ווייל איך פיל, אַז זיי גלויבן נישט. דאָס איז דאָך דאָס ערגסטע, וואָס זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם גלויבן אין מענטש, אין מענטשלעכע רייד. זיי האָבן אַ סך געזען. יאָ, זיי האָבן געזען אַ ל ץ. זיי האָבן געזען די געטאָס, די אַרבעטס־לאַגערן, די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, די וואַגאָנען און באַראַקן און די בעדער און די גאַז־קאַמערן. זיי האָבן געזען די נאַציס — די דייטשן, די פּאָליאַקן, די אוקראַינער, די ווייסרוסן, — זיי האָבן גע־זען אַלץ און אַלעם און זיי פ אַ ר ד ע ב ט י ק ן. זייער יונגע נשמה איז אינגאַנצן צעלעכערט און עס עסט זי נאָכאַנאַנד אַ וואָרעם פון אומ־צוטרוי, פון אומגלויבן. זיי איז קאַלט, זיי שוידערן און פיבערן אינע־

ווייניק, אין הארצן. עס ווירקט אויף זיי נישט דאָס צאַרטע וואָרט, דער ווייכער גלעט. דאָס איז דאָך ביי זיי אָפּט געווען דער אריינפיר, די פּרע־לודיע צו דעם ברוטאַלסטן אַקט מצד די סאַדיסטישע מערדער.

אַפילו צו אייגענע עלטערן זענען זיי נישט אינגאַנצן און נישט שטענ־דיק צוגעלאָזן. ווייסן זיי דאָך, ווי עלטערן האָבן אָפּגעשטויסן פון זיך קינדער, וועלכע האָבן זיך אָן זיי געקלאַמערט, בעת מען האָט די קינדער געשלעפּט אין קרעמאַטאָריע. אָבער זיי ווייסן אויך, ווי מוטערס זענען נאָכגעשפּרונגען די קינדער אין גאַז־קאַמער אריין, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט בלייבן לעבן אָן די קינדער. זיי ווייסן, ווי די מוטערס און פאָ־טערס האָבן זיי אויסבאַהאַלטן אונטער דער ערד, אין בונקערס, אין חזיר־שטאַלן; אין וואַלד און אין פעלד; איינגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן, אַבי צו קריגן פאַר זיי עפּעס עסן און צודעקן זייער נאַקעט לייב. זיי ווייסן עס, און פונדעסטוועגן זענען זיי פול חשד און טרויען נישט קיין דער־וואַקסענע. זיי זענען פאַרביטערט פון לעבן און פאַרביסן. זיי זענען אַנט־שלאָסענע און ריקזיכטלאָזע. זיי האָבן נישט מורא, זיי ווייסן נישט פון פּחד. זיי האָבן אים לאַנג גובר געווען און איבערוואונדן. זיי האָבן דורכ־געמאַכט דאָס ערגסטע און ווערן נישט נתפּעל פון שטראָף־דראָאונגען. קען דען זיין אָן ערגערע שטראָף, ווי דאָס טראַגישע יונגע לעבן זייערס?!

זיי זענען פעאיק, טאַלענטירט, אין דורכשניט. הפנים, אַז גרייל־עך די טאַלענטירטע האָבן אויסגעהאַלטן און אַלץ בייגעקומען. זיי לערנען זיך געשמאַק. היפּערן קלאַסן און רופן אַרויס שטוינונג ביי די קריסטלעכע לערער. אָבער אויך קנאה ביי די קריסטלעכע קאָלעגן. יענע זענען בכלל אויפגעבראַכט, נאָכמאָל זענען נאָך דאָ „זשידעס". באַפאַלן זיי און מזיקן די יידישע קינדער. אוודאי לאָזן זיך די קינדער נישט שפּייען אין קאַשע. זיי קענען און ווילן אָפּענטפערן. אָבער עס איז אין זיי וואַך דער כלל־ישער אחריות־געפיל — פרעגן זיי דערלויבעניש ביי די אויפזעער. זיי וואַרפן זיך אונטער, פאַרבייסן די ליפּן און פאַרשווייגן. וואַקסט דער כעס און צאָרן אינעווייניק און דריקט אויפן קינדס האַרץ און מוח: ווען, ווען וועלן מיר שוין מ ע ג ן, ווי אַנדערע אויפפירן זיך פריי און ווירדיק און ענט־פערן, ווי גלייכע, מיט אַ קלאַפּ אויף אַ קלאַפּ און נישט זיין געצוווּנגען אַראָפּצושלינגען אַ באַליידיקונג?!

ווינציק קינדער זענען אונדז געבליבן אין פוילן. אויך אין אנדערע לענדער פון אייראפע זענען נישטאָ קיין סך יידישע קינדער. אָבער אין פוילן גרוילט דיך, ווען דו באנעמסט מיטן שכל און באגרייפסט דעם נאַקעטן פאקט, אַז עס זענען דאָ נישטאָ קיין יידישע קינדער. האָבן דען אַ גרויסן ווערט און קען מען דען ערנסט זיך רעכענען מיט 5—6 טויזנט קינדער אין גאַנץ יידיש פוילן? אינדעראמתן זענען פאַראַן אַ סך מער. אפשר נישט אַ סך מער. אָבער נאָך טויזנטער קינדער דארפן געוויס זיין אַזעלכע, וואָס די עלטערן האָבן באַוויזן זיי אויסצובאהאלטן אין לעצטן מאָמענט ביי נאָענטע און גוט־באקאנטע קריסטן. אין אנשטאַלטן, קלויסטערס און מאָנאסטירן. עלטערן, וואָס זענען שוין „ליקווידירט", קערן זיך נישט אום פון יענער וועלט אָפּצונעמען זייערע קינדער־פּקדונות. נישט ווינציק זענען די פאלן, ווען די באהאלטערס זענען אליין אומגעקומען, אָדער יעדנפאלס אריבערגעפירט געוואָרן אין נייע ערטער, און זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט און אפשר אויך נישט דעם חשק, אָנהויבן זיך צו מיען, כדי אויסצוזוכן די עלטערן פון די קינדער, א ו י ב די קינדער זענען אונטערוועגס נישט אומגעקומען... אייניקע נעמען זיך יאָ די טרחה. סיידן עס איז פאַראַן אַן אַנדער אויסזיכט. עס מערקט זיך אַ טענדענץ אַזאַ, צו באַהאלטן ווייטער די פאַרמשכנטע קינדער און פּרובירן ארויספּרעסן אויסלייז־געלט פון די מער פאַרמעגלעכע עלטערן, צי פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

די איבערגעבליבענע קינדער זענען פיזיש הינטערשטעליק. אייגנטלעך איז די מערהייט איצטיקע קינדער אין פוילן בכלל ראַכיטיש, קראַנק אויף שווינדזוכט. דאַרף מען דען באַטאָנען, אַז י י ד י ש ע קינדער זענען אין דעם פּרט נ י ש ט קיין אויסנאַם? גליקלעך איז דאָס קינד, וועמענס מאַמע עס האָט זיך אָפּגעזוכט און האָט אים, דאָס קינד, אויסגעפונען. פאַראַן מאַמעס, וואָס זוכן ארום זייערע קינדער זינט דער באַפרייאונג. אין די יידישע קאָמיטעטן אין אַלע שטעט טרעפט מען מודעות, ווו מאַמעס ווענדן זיך צו גוטע מענטשן, זיי זאָלן אויסזוכן אַ קינד, וואָס זעט אויס „אַזוי און אַזוי". זיי מיינען, אין זייער דערשלאָגנקייט, אַ די קינדער זעען טאַקע אויס „אַזוי און אַזוי" אויך איצט, אַ פּאָר יאָר שפּעטער, נאָך דער צעשיידונג מיט די עלטערן. פאַראַן מאַמעס, וואָס פאָרן־ארום

זינט זיי איז געלונגען ארויסצובאַקומען זיך פונעם לאַגער און פון דער
דירעקטער סכנה, און נישטערן צו געפינען אַ שפּור פון זייערע קינדער.
וואָלטן זיי כאָטש געוווסט אויף זיכער, אַז יענע זענען שוין נישטאָ. זאָל
זיין אַפילו אומגעקומען... אָבער עפּעס זאָגט זיי דאָס מאַמעשע האַרץ,
אַז דאָס קינד לעבט און וויל צו דער מוטער.

פאַראַן קינדער, וואָס מ׳האָט אָפּגענומען פון מאָנאַסטיר, צי פון אַ
קריסטלעכער פאַמיליע און זיי ב ע נ ק ע ן צוריק. זיי האָבן זיך דאָרט
איינגעלעבט. קינדער זענען דאָך... קינדער. האָבן זיי זיך איינגעלעבט אין
דער נייער אַטמאָספער און געוואָרן אייגענע. אַפילו מיט דעם בילד, וואָס
הענגט אין ווינקל, פילן זיי זיך היימיש. פּלוצים האָט מען זיי אַוועקגע־
גזלט זייער מנוחה און צעשטערט דעם איינגעשטעלטן לעבענס־שטייגער. ווי
זענען צווישן „פרעמדע” מענטשן און מ׳וויל זיי אָפּגעווינען פון גע־
וווינהייטן. די קינדער ליידן דערפון. איך האָב געהערט וועגן קינדער,
וואָס זענען צוריק אַנטלאָפן, מחמת זיי איז שווער געווען אין אַ י י ד י־
ש ע ר סביבה. נאָך אין בעלגיע האָב איך געהערט וועגן אַ מיידעלע, וואָס
יעדע נאַכט שטייט זי אויף שטילינקערהייט, קוקט זיך אַרום, צי קיינער
זעט נישט: קריכט־אַראָפּ פון בעט, גייט־צו צום ווינקל, לאָזט זיך אַראָפּ
אויף די קני; הייבט אויף די אויסגעשטרעקטע הענטלעך און איז מיט
זודיקע טרערן מתפּלל צום „גוטן ישו”, ער זאָל זי ראַטעווען פון די יידן,
וואָס האָבן זיך אויף איר אָנגעזעצט... קינדער האָבן געשריבן בריוו אין
זעלבן גייסט צו די „שוועסטערס”. פון וועמען מען האָט זיי צוריקגע־
בראַכט צו זייערע עלטערן, זיך געבעטן, מען זאָל זיי צונעמען פון די
י י ד ן.

באמת, וואָס ווילן די יידן פון אָט די קינדער? קינדער נעמען נישט
אויף קיין סחם אַגיטאַציע. זיי אָטעמען־איין לעבן נאַטירלעכערהייט. זיי
נייטיקן זיך אין אַזאַ נאַטירלעכער נייער יידישער אַטמאָספער, וואָס זאָל
זיי דערוואַרעמען אינערלעך, פאַרהיימישן. אַזוינס טרעפן זיי נישט תמיד
אַפילו אין די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, ווו אַלץ, די גאַנצע דער־
ציאונג ווערט נאָך געפירט אין פּ ו י ל י ש. די דערציערס אַליין האָבן
זיך אויך נאָך נישט אומגעקערט צו יידיש, אָדער גאָר נישט געווען לכת־
חילה קיינמאָל פאַרבונדן מיט יידיש. עס פעלט די יידישע היים, די יידי־

שע מאַמע, די יידישע שפּראַך פֿון דער גאַס. נישטאָ קיין יידן אין דער עפֿנטלעכקייט, סיידן אין אַ יום־טוב, וואָס מען פּראַוועט אַזוי זעלטן און פֿאַרזיכטיק.

כ׳האָב באַזוכט קינדער־אַנשטאַלטן אין לאָדזש, אין קראָקע און אין אָטוואָצק. אַחוץ אין דער יידישער שול און קינדער־גאָרטן, רעדט מען אומעטום מיט די קינדער פּ ו י ל י ש. די אויפשריפטן אויף די ווענט — פּ ו י ל י ש. ס׳איז פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס? די קינדער האָבן נאָך נישט באַוויזן אויסצולערנען זיך יידיש. ווערט דערווייל אַלץ געפֿירט אין פּויליש. געווים. מען לערנט אַ יידיש לידל. אָבער מיט דעם אַליין קאָן מען נישט באַפֿרידיקן און אָנפֿילן דאָס פּסיכישע לעבן פֿונעם קינד. זיכער קאָן מען עס פֿאַרריכטן און מ׳וועט עס נאָך פֿאַרבעסערן. אָבער קיין נאַטירלעכע יידישע סביבה וועט שוין אַזוי גיך נישט געשאַפֿן ווערן. דאָס איז שווער פֿאַר די קינדער. די עלטערן ווילן זיך איצט באַוואָרענען און באַוווסטזיניק צוגרייטן די קינדער צו אַ גוטן פּויליש: מאַלע וואָס עס מאַכט זיך! דערציילט מיר אַ פֿרוי, וואָס האָט זיך געראַטעוועט מיטן קליינעם קינד איז אַ חזיר־שטאַל פֿון אַ פּויער אין שטעטל: דאָס קינד צוזאַמען מיט דער מאַמען זענען קנאַפּע שמעלקעס געווען מיט דער פּוילישער קולטור און דאָס קינד האָט געפּלאַפּלט יידיש. אַז ס׳האָט אים געצויגן דאָס הערצל, האָט עס זיך געבעטן: מאַמושי, כ׳וויל עסן. די מאַמעשי, האַלב טויט, האָט אים געשטיקט און געוואָרנט: מילטש; ניע מווו דאָ מניע פּאָ זשידאָווסקו. שוויג, רעד נישט צו מיר י י ד י ש. מ׳זאָל חלילה נישט דערהערן אינדרויסן דעם קלאַנג פֿון יידיש און מ׳זאָל נישט דערשפּירן, אַז דאָ באַהאַלטן זיך אויס יידן. די מאַמע איז קאַפּאַבל געווען צו דערשטיקן דאָס קינד, וועלנדיק עס ראַטעווען. דאָס קינד האָט זיך סוף־כל־סוף אָפּגעוווינט פֿון יידיש. איצט דאַרף מען זיך ביי אים נישט בעטן. פֿאַרקערט, זייט אַ בריה און פּועלט ביי אים, ער זאָל פֿאַרשטיין אייער יידישע ווענדונג צו אים.

כ׳האָב באַזוכט אין לאָדזש אַ יידישע שול. מ׳האָט מיך איינגעלאַדן צו זאָגן עפּעס די קינדער, דערציילן זיי וועגן ארץ־ישראל, אַריינטראָגן יום־טוב אין זייערע יונגע געמיטער! איך האָב געקוקט אויף די קינדער־

לעך און בשום אופן נישט געקאָנט פאַרטרייבן פון מיין דמיון דעם הענקער, וואָס האָט געשמעטערט קינדער־קערפּערלעך אָן דער וואַנט פון מאַידאַ־נעק, צי אָן דעם ברוק פון אָשוויענטשים. ס'האָבן פאַר מיר געצויגן רייען טאַטעס און מאַמעס אין די אויפפאַלנדיקע בגדים פון „קאַצעטן" און כ'האָב זיך באַלד דערוווסט, אַז די גרויסע מערהייט פונעם ביסל קינדער זענען האַלבע אָדער קיילעכדיקע יתומימלעך. טאָ ווי האָט מען אַ האַרץ, צו אָט די יתומימלעך רעדן וועגן זון און ליכט, וועגן שפּיל און פרייד אין ווייטן לאַנד, אין ארץ־ישראל?!

האָב איך גערעדט צו זיי וועגן זיי גופא, וועגן זייער יתומימשאַפט. וועגן אונדזער קינדערלאָזיקייט. מיר האָבן צוזאַמען געוויינט. אויף זייער קינדערשן מזל. אויף אונדזער נאַציאָנאַלן גורל. קינדער אָן אַ פאָלק. פאָלק אָן קינדער.

אָן אַ שיעור מאָל האָב איך געהאַט אין פאַרחורבנדיקן פּוילן דעם נחת צו באַטייליקן זיך אין קינדערשע פייערלעכקייטן, ווען אַן אויפגע־הייטערטער פון זייער צעכוואַליעטער לעבנסלוסטיקייט האָב איך געשטיי־גערט זייער פרייד און געעפנט די קוואַלן פון זייער אומגעצוימטן ענ־טוזיאַזם.

קינדער זענען... קינדער — זאָלן זיי געניסן פון זייער קינדערישער תמימות און טרינקען פון בעכער זאָרגלאָזיקייט. זיי וועלן האָבן צייט צו פאַרזוכן די ביטערקייט און גאַליקייט פון דער רעאַלערווירקלעכקייט.

איצט בין איך געוועזן אומברחמנותדיק צו די קינדערלעך, ווייל דאָס לעבן איז געוועזן אַזוי ברוטאַל און אכזריותדיק צו זיי. טאָר מען זיי נישט לאָזן זיך פּיעשטשען אין שוים פון אילוזיעס. די אויסניכטערונג קאָן קומען צו־שפּעט און דאַן קאָן זי גורם זיין צו טראַגישער אָפּהענטיקייט און פאַרצווייפלונג.

זאָלן זיי, אונדזערע יתומימלעך, וויסן וואָס פריער וועגן זייער יתומימשאַפט. נישטאָ שוין יענע אַלטע פּאַטריאַרכאַלע יידישע צייט, ווען זייער חברל, מאָטל פּייסי דעם חזנס, האָט אַזוי שטיפעריש זיך איבער־גענומען: „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום!"

ניין, היינט איז שלעכט, זייער שלעכט דעם יידישן קינד, ו ו י י ל ער איז אַ יתום.

# א באזוך אין דעם אָטוואָצקער קינדערהויז



צוזאמען מיט די אָרטיקע עסקנים און לערער געפינען זיך אויפן בילד: רובבל, א. מ. קייזערמאַן, און י. ליפשיץ. (די לעצטע צוויי זענען פאָרשטייער פון קאַנאַדער יידנטום)

שלעכט, אַ יתום אָן עלטערן, אָן קרובים, אָן אַ פאָלק!

מוז מען האָבן אָפענע אויגעלעך, האַרטע הערצעלעך, ביילן די פוים־טעלער באַצייטנס און זיך לאָזן אין ווייטן וועג פון קאַמף.

כ׳וועל נישט פאַרגעסן, ווי זיי, די קינדער פון דער יידישער שול אין לאָדזש, האָבן געזונגען דאָס פאַרטיזאַנער־ליד: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". אדרבא, זיי זענען גרייט צו נאָך און נאָך אַ גאַנג. זיי האָבן איבערגענומען בירושה די גוואַלטיקע גלוסטעניש צום לעבן, וואָס מ׳האָט ארויסגעזאַפט פון מיליאָנען פאַרטיליקטע יידן. שפּאַרט פון די קינדער אַן אומגעאַנטע וויטאַליטעט, און חיות שטראַלט אַרויס פון יעדן זייער קער.

איך האָב נישט געקאָנט אָפּרייסן דעם בליק פון דער דיריגענטין — טאַקע דאָס מיידעלע פון קבר — ווי זי האָט אָנגעפירט מיטן כאָר אין אָטוואָצק. איך בין זיך מודה: מיר איז נישט אָנגעגאַנגען דער גאַנצער כאָר, און האָב כמעט נישט געקוקט אין דער זייט פון די צענדליקער זינגענדיקע קינדער. איך האָב זיך איינגעגעסן מיט מיינע אַלע חושים אין איר, דער דיריגענטין. 12 יאָר און אפשר 13 יאָר, אַז זי לעבט אויף דער וועלט; פון דעם — 6 יאָר מלחמה, אָקופּאַציע און אויסראָטונג; פון דעם — 2 יאָר אין קבר אויפן בית־עלמין. דערפאַר טאַקע אירע אויסגע־קרומטע פיסלעך. טאָ וועט און ווו האָט זי געהערט מוזיק, געזען דירי־גענטן? און דאָך — זי אַליין, זי איינגאַנצן איז מוזיק. הערכסטע, נישט־דאַאיקע מוזיק. יעדע תנועה פון אירע הענטעלעך. יעדער ווונק פון אירע אויגן, דער ריטם פון איר מאָגערן אויסגעדאַרטן, ראַכיטישן קערפּערל — אַלץ זינגט. ס׳איז דאָס געזאַנג פון אונדזערע יידישע קינדער, וואָס האָבן דורכגעטראָגן דורך די היטלערישע פאַרניכטונגס־יאָרן דעם טייערסטן, אומשעצלעכן אוצר — דעם טאַלאַנט צו לעבן.

די יידישע קינדער אין פּוילן, אָט דאָס ביסל, וואָס איז אונדז גע־בליבן, מוז געראַטעוועט ווערן פאַרן יידישן לעבן. דאַרף עס וואַרעמקייט פון אַ מ אַ מ ע, פון אַ פ אַ מ י ל י ע, פון אַ פ אָ ל ק. ווער קאָן אַזוינס אונדזערע קינדער צושטעלן אין פּוילן? ווייס איך נישט ווי אַזוי און פון וועמען עס איז צו די קינדער דערגאַנגען, נאָר צענדליקער פון זיי,

ווו איך האָב זיי געטראָפן, האָבן זיך ביי מיר געבעטן, איך זאָל זיי מיט־נעמען קיין ארץ־ישראל.

איך האָב זיך לאַנג געקווענקלט, צי זאָל איך זיי דערציילן וועגן ארץ־ישראל און די קינדער אונדזערע דאָ. איך האָב עס געטאָן. אויף דער הייסער מינוט האָט עס אַרויסגערופן ביי די קינדער אַ פּאַרדרוס, אַ קנאה. אָבער איך האָב זיך פאַראכזרט: דאָס וועט זיי צונוצקומען. זיי וועלן זיך צו דעם ציען מיטן גאַנצן הארצן, און זיי וועלן קומען. אויב די עלטערן וועלן זיי נישט ברענגען, וועלן זיי אַליין קומען.

זייערע אויגעלעך, זייערע „כשרע יידישע אויגעלעך" האָבן אויפגע־לויכטן מיטן גלויבן, אַז זיי וועלן נאָך אַמאָל זיין צוזאַמען מיט יענע קינ־דער אין יענעם לאַנד. אפשר האָבן זיי זיך דערמאָנט אין אָט דעם מאָ־מענט דעם בונקער, דעם וואַלד, די טויט־פאַבריק און זייער בליק איז גע־וואָרן שטרענגער, געשפּאַנט, פאַרביסן, ווי זיי וואָלטן דערשפּירט דעם שונא, וואָס רוקט־אָן פון ערגעץ.

— ס'זאָל נאָר נישט זיין צו־שפּעט. דאָס האָט מיך אַ מיידעלע אין אַנשטאַלט געוואָרנט ביים געזעגענען זיך: מען זאָל זיי אוועקנעמען פון דאַנען וואָס גיכער, ווייל זיי קענען זיך נאָך חלילה אַסימילירן און שפּע־טער נישט וועלן פאָרן.

לגבי קינדער מוז מען זיך צואיילן.

## IX

# שאָטנס פון עבר

אבלדיק זענען די יידישע וועגן אין פוילן דער מדינה, וואָס רייסט זיך אין אַ מעכטיקן שטראָם צו איר נייעם נאַציאָנאַלן לעבן. ס'האָט זיך, אייגנטלעך, אָפּגעמעקט דער יידישער פּרצוף פון פוילן. ס'פעלט דאָס יידי־שע געזיכט, נישטאָ דער אָטעם פון יידישער מאַסנהאַפטיקייט. קאָנסט שפּאַנען איבער גאַסן און קוואַרטאַלן, וווּ ס'האָט אַמאָלטן געברויזט יידיש לעבן, און זאָלסט נישט אָנטרעפן קיין יידיש געזיכט. נישט אין די באַנען און נישט אין די אויטאָבוסן איז נישט צו דערקענען און נישט צו דער־פילן די אָנוועזנהייט פון יידן. געוויס זענען זיי דאָ, אָבער זיי באַמיען זיך, מען זאָל זיי נישט באַמערקן. זיי ווילן נישט ציען אויף זיך קיין אויפ־מערקזאַמקייט. אין עצם דעצידירט נישט דער אויסגערעכנטער מיין. די בכיוונדיקע האַנדלונג און אויפפירונג פון דעם אָדער יענעם יחיד. עס איז אונטערגעגאַנגען דאָס יידישע אין דער מדינה. אין אַ שטאָט, ווי קראָקע, איז דער ייד געווען אַ צענטראַלע פיגור. ער האָט שטענדיק געווירקט אויף יעדן באַזוכער און צופאָרער, ווי אַ טיף איינגעוואָרצלטער דעמב פון כמה דורות; אין זיין הילוך, אין זיין שטעל, אין זיין חיתוך־הדיבור איז געווען זיכערקייט און זעלבסט־באַוווסטזיין פון אַ תושב, וועלכער האָט אפילו נישט בדעה עמיצן צו דערווייזן און מיט עמיצן צו דיסקוטירן וועגן זיינע רעכט צו זיין און צו אָטעמען דאָ. די באַרימטע קראָקעווער „פּלאַנטעס" זענען אייגנטלעך געווען י י ד י ש ע אַלייען, ווו נישט נאָר שבת און יום־טוב, נאָר אין מיטן וואָך האָט זיך געפילט די יידישע היימישקייט. ריכטיקער: היימישקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, הגם קראָקע איז אַן אַלט־פוילישע שטאָט און פאַרמאָגט אַזאַ היסטאָריש־געהייליקטע מלוכה־שע סימבאָלישקייט, ווי דעם וואַוועל, דעם פּאַנטעאָן פון די פוילישע

מלכים. די יידישקייט פון קראָקע איז ביי זיך נישט געווען געפאַלן און האָט זיך געגרויסט מיט איר בית־הקברות און מיט איר יידישן קאַזש־מיעזש.

היינט באַגעגנט מען נישט דעם יידן אַפילו אויף די יידישע גאַסן; ערשט אויף סטראַדאָם 10, אַז מען הייבט־אָן קלעטערן איבער די טרעפּ פון דעם ריזיקן הויז, וואָס דינט ווי אַ היים פאַר היימלאָזע יידן, פאַלט מען אַריין אין אַ יידישער סביבה. סאַראַ שווידער דרינגט אייך דורך, ווען מ׳באַגעגנט זיך פּנים אל פּנים מיט דער איצטיקער יידישער נויט, וואָס וואַנדערט פון מדינה צו מדינה, און זוכט אַ וועג צו גאולה, אַ טעם פאַרן ווייטערדיקן קיום. נישט בלויז אין די שמועסן, נאָר אויך אין די בליקן פון די פאַרטרויערטע אויגן לייענט מען אָט די פראַגן, וואָס מאַטערן און פּייניקן די אומגליקלעכע: צו וואָס האָט מען איבערגעלעבט דעם היטלעריזם און מ׳איז אַרויס פונעם גיהנום? צי איז מען דען באמת אַרויס? ס׳איז נישט צו באַשרייבן דעם שמוץ און דעם ברוד, אין וועלכע עס באָדן זיך און וואַלגערן צענדליקער משפּחות פון יידישע היימלאָזע. פאַראַן דאָ אויך געוועזענע איינוווינער פון זעלבן קראָקע, וואָס זינט זייער אומקער האָבן זיי נישט, וווּ זיך צוצושפּאַרן. דאָס רוב זענען געקומענע פון ווייטן, פון טראַנסדניעסטריע, פון בעסאַראַביע, פון טיפערע געגנטן פון רוסלאַנד. גאַנצע געראַטעוועטע פאַמיליעס אָדער איינצלנע מיטגלידער פון אומגעקומענע און פאַרפּייניקטע משפּחות. זייער ציל איז: קומען צו זיך. קומען קיין ארץ־ישראל. קהל עקזיסטירט נישט אין דער אַלטער פאָרם, און די יידישע קאָמיטעטן האָבן נישט גענוג מיטלען אויסצוהאַלטן בכבוד די געראַטעוועטע ברידער און שוועסטער. עס פלאַמט דאָס פּנים פאַר בושה, ווען דו זעסט מיט אייגענע אויגן, אין וואָס פאַר אַ שווידערלעכע היגיענישע און סאַניטאַרע באַדינגונגען עס לעבן אָט די רעשטלעך פון אונדזערע מיליאָנען. ס׳נעמט־אָפּ דאָס לשון און עס גליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן, ווען דו דערזעסט, אין וואָס פאַר אַ שמאַטעס עס איז געוויקלט דאָס יידישע עופהלע. ס׳איז דאָך אַזוי טייער אַ יידיש קינד אין פּוילן, קוקסט־אויס די אויגן צו טרעפן אַזאַ איינעם. און אָט האָסטו: אַ דאַר, אויסגעמאָגערט נפשל, וואָס קוים עס זשיפּעט, איז אינגאַנצן אויס־געקרומט און האָט נישט קיין כוח אַפילו צו וויינען. פאַרשטייסט נישט

און באַגרייפֿסט נישט, דורך וועלכן וווּנדער האַלט עס זיך און ציט נישט אויס די פּיסלעך. און דאָס דאַרף דאָך פֿאַרזיכערן די פּראָזעצונג, דעם המשך פֿון אונדזער קיום, די אומאיבערגעריסענע קייט פֿון יידישער אייביקייט. שטייען אַרום דיר אָנגעכמורעטע דערוואַקסענע יידישע מענטשן און הויכן אויף דיר צאָרן. נישט קעגן די פֿרעמדע פּייניקער, נאָר קעגן די אייגענע פֿאַרלענדער און פּאַרטיליקער, וואָס זענען מפקיר די געראַטעוועטע פֿון דער שריפֿה. אין אַזאַ מאָמענט ווייסטו, אַז ס'קאָנען נישט גילטן און עס זענען נישט באמת גישט באַרעכטיקט קיין שום תירוצים און אויסריידן, פֿאַרוואָס ס'איז נישט געקומען און עס קומט אויך איצט נישט די געהעריקע, די פֿולע הילף. פֿאַרוואָס עס ווערט נישט געמאַכט די מאַקסימאַלע, הערויִשע אָנשטרענגונג פֿון פּ אָ ל ק, כדי צו דערוועקן אין אָט די שאָטנס פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער אויסראָטונג די קראַפֿט צו לעבן און, — וואָס ס'איז נאָך וויכטיקער, — דעם גלויבן אין אייגענעם פֿאָלק, אין דער מענטשהייט.

סאַראַ כעס פֿרעסט זייער נשמה. זיי האָבן דורכגעמאַכט בלעטליי גרענעצן, זיי ווייסן נישט פֿון מניעות און שטערונגען. זיי האָבן אויסגעהאַלטן די צייט, ווייל עס האָט אין זיי געפֿיבערט דער פֿאַרלאַנג צו נקמה און די עקשנות בייצוקומען די אכזריות. אָט איז דאָס מיידל, וואָס איז נאָר־וואָס מיט איר ברודערל צוריקגעקומען פֿון דער טשעכישער גרענעץ, ווו מ'האָט זיי געהאַלטן אין אַרעסט איבער אַ וואָך, מחמת זיי האָבן דערגרייכט אַהין „אומלעגאַל" אויפֿן וועג קיין ארץ־ישראל. נישקשה, זיי געמען זיך נישט צום הארצן. זיי וועלן ווייטער גיין און נאָכאַמאָל פּרוווּן. גאָרנישט קאָן זיי נישט צוריקהאַלטן. זיי זענען שוין געשלאָגענע און געשטראָפֿטע. זיי וועלן זייערס דורכפֿירן. דאָס זענען די יונגע.

ביי די עלטערע איז פֿאַראַן די זעלבע פֿאַרביסנקייט און פֿאַרהאַרטעוועטקייט. ס'איז נישט סתם געדולד און פּאַסיווקייט. ס'איז נישט קיין אונטערגעבן זיך דעם גורל און שלום־מאַכן מיטן בידנעם מזל. ניין, ס'איז אינערלעכע גבורה פֿון אויסהאַלטן, צו וועלכער מען איז דערצויגן געוואָרן אין משך פֿון די פֿאַרגאַנגענע אָקופּאַציע־יאָרן. אויסהאַלטן און גובר־זיין אַלע מכשולים. אויספֿירן. דאָ, אין די טיפֿערע געדערים פֿון יידישן עלנט און נויט זעסטו די יידישע אויגן, פֿילסטו דאָס יידישע האַרץ און פֿאַר־

נעמסט דאָס יידישע לשון. אין גאַס פעלט דאָס אַלץ. ווו איז אַהינגעקו־מען די יידישע טומלדיקייט, האַוועניש און שמייען? יידן האָבן זיך אויס־געלערנט זיצן שעהן־לאַנג אין באַן און נישט רעדן. זיין צונויפגעקוועטשט ווי הערינג אין דעם אויטאָבוס און נישט אַרויסברענגען קיין זילב, הגם די אַלע פאָרער, די פוילישע, מאַכן נישט צו דאָס מויל און רעדן גריילעך אויף קיצלדיקע טעמעס, וועגן וועלכן יידן האָבן עפעס צו זאָגן און צו באַמערקן.

אין לובלין איז פאַרשוווּנדן דער ייד. געוויס זענען פאַראַן אויך אין לובלין עטלעכע הונדערט יידישע משפחות, אפשר איבער אַ טויזנט יידישע נפשות. ס'איז אָבער נישטאָ קיין יידיש לעבן. דאָס אייציקע אָרט, ווו עס קלאַפּט אַ דופק, איז דער יידישער קאָמיטעט, אַהין ווענדן זיך אַלע מיט זייערע פראַגן, דאָ דערוואַרט מען הילף און אַן עצה. דאָ אָבער, דווקא דאָ, איבערצייגסטו זיך, אַז דאָס יידישע לעבן איז אונטערגעגאַנגען. נישטאָ קיין יידישע געזעלשאַפטלעכקייט. פאַראַן אָנגעשטעלטע, פאַראַן קאָמיטעטשיקעס, איבערגעגעבענע און טרייע טוער, וואָס ווילן עפעס אויפ־טאָן, זענען אָבער הילפלאָז, ווייל זיי ווייסן נישט, וואָס מ'קאָן טאָן אין אַזאַ לאַגע מיט אַזאַ צעשויבערטער און צעפאָרענער צופעליקער, צונויפ־געלאָפענער מאַסע.

לאָדזש האָט אויפגעהיט אין אַ היפּשער מאָס דאָס יידישע לעבן אין זיך. איז עס ווידער אַ ניי לאָדזש. נישטאָ דער באַלוט. הייזער זענען צע־שטערט און פאַרניכטעט געוואָרן שוין נ אָ ך דער באַפרייאונג, ווייל פּאָליאַקן האָבן געזוכט און גענישטערט אין די ווענט די כלומרשט באַ־האַלטענע יידישע אוצרות. נישט געלאָזן קיין שטיין אויף אַ שטיין. אָבער אַהער, אין געוועזענעם דייטשן ליצמאַנשטאַט, וואָס האָט, אַחוץ די יידי־שע געגנטען, כמעט אינגאַנצן נישט געליטן פון קריג, קלייבן זיך און זאַמלען זיך יידישע פּליטים. ס'מאַכט אָפּט דעם איינדרוק, אַז דאָ שפּרודלט אַ קרעפּטיק יידיש לעבן. פאַראַן דאָ אַ יידישע שול, אַ יידישע קינדער־היים. פאַראַן שוין אויך אַ העברעאישע שול. פאַראַן קיבוצים, פאַראַן די רעדאַקציע פון ערשטן יידישן אָרגאַן „דאָס נייע לעבן", די צייטונג פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן. פאַראַן דאָ די איינציקע יידישע דרוקעריי, ווו עס דרוקן זיך אַלע יידישע אויסגאַבעס פון פּוילן. פאַראַן



דערעפענונג פונעם ארבעטער-קלוב אין ווארשע.



דאָ די היסטאָרישע קאָמיסיע, וואָס טוט, אגב, א זייער וויכטיקע, נייטיקע זאַמל־אַרבעט און צוזאַמען מיט דער היסטאָרישער קאָמיסיע פון קראָקע, וועלכע האָט שוין אפילו אַרויסגעגעבן דאָקומענטן און אינטערעסאַנטע גבית־עדות פון דערוואַקסענע און קינדער, בילדן זיי דעם יסוד פאַר דעם גרויסן יידישן פּנקס, וואָס וועט מוזן אויפגעשריבן ווערן וועגן דער גרויזאַמסטער תקופה אין יידישן לעבן. פאַראַן און פאַראַן קאָמיטעטן און קאָמיסיעס אין לאָדזש. און דאָך איז עס נישט דאָס אַמאָליקע יידישע קולטור־לעבן, די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער פון אַמאָל. נישט נאָר ווייל עס פעלן מענטשן. דער עיקר, ווייל עס פילט זיך נישט די זיכערקייט פון איינגעזעצטקייט און באַפעסטיקטקייט. ווייל אויך דאָ, אפשר דאָ מער, ווי אין וועלכן עס איז אַנדער אָרט, זעסטו באַשיינפערלעך, ווי עס בייט און טוישט זיך דער עלעמענט, וואָס איז אָנגעוויזן אויף דער געזעלשאַפט־לעכער קולטור־השפעה.

איך האָב געהאַט די גרויסע זכיה צו טרעפן זיך אויף מיינע עפנט־לעכע פאַרזאַמלונגען מיט הונדערטער און טויזנטער יידישע מענטשן. די בּאָראָכאָוו־אַקאַדעמיע אין לאָדזש האָט בפירוש דערמאָנט די אַקאַדעמיעס פון די אַמאָליקע גוטע נאָרמאַלע צייטן. איבער צוויי טויזנט מאַן האָבן אָנגעפּראָפּט דעם ריזיקן זאַל און הונדערטער זענען אַוועק, ווייל ס'איז מער נישט געווען קיין אָרט פאַר זיי. אין לובלין זענען זיך צונויפגעקו־מען איבער 600 צוהערער, הגם וועגן דער פאַרזאַמלונג האָט מען געמאָלדן בלויז מיט דריי שעה פריער, אין מאָמענט, ווען כ'בין אַרויסגעפאָרן קיין מאַידאַנעק. אין קראָקע זענען געקומען הונדערטער אין מיטן העלן וואָכנ־טאָג, הגם מען האָט זיך דערוווסט ערשט אין דער פרי. אָבער דווקא אָט די פאַרזאַמלונגען האָבן געזאָגט עדות אויף דער אויסגעהונגערטקייט פון יידישן עולם, ווי זשעדנע ער איז צו הערן א יידיש וואָרט, און ווי ווייניק ער האָט די מעגלעכקייט און געלעגנהייט צו באַהאַנדלען און באַטראַכטן די עיקר־פראַגן פון זיין איצטיקן לעבן, די גורל־פראַגן פון יידישן פאָלק.

עס זענען פאַראַן פּאַרטייען, פונקט ווי אַמאָל. אַלע די, וואָס זענען געווען אַמאָל, פאַרן קריג. עס איז אָבער דאָ דאָס געפיל, אַז די פּאַרטייען שעפּן פון אַרכיוו, פון אַלטן אוצר, און לעבן אויפן חשבון פון אייגענעם עבר. דערפאַר קאָן געמאָלט זיין, אַז אויך היינט־צו־טאָג זאָלן נאָך עק־

זיסטירן פאַרטייען, וואָס לכל הדעות האָבן זיי קיין שום אָנהאלט און אָנשפּאַר נישט אין לעבן; נישט אין יידישן, אויך נישט אין אלגעמיינעם. געוויס, פאַרטייען קאנען זיך, דאַרפן זיך צופּאַסן צו דער צייט און ענדערן עפּעס אין זייער פּראָגראַם. דאָס איז אַ סימן, אַז זיי האַלטן זיך נישט ביי אַ טויטער דאָגמע, נאָר זענען עלאַסטיש און זאַפּן־איין אין זיך דעם לעבנס־עלעקסיר, דאָס חיות פון ניי־אויפגעקומענע דערשיינונגען.

ווי איז אָבער דער דין, אַז די נייע פּראָצעסן האָבן אונטערגעהאַקט דעם וואָרצל פון דער פּאַרטיי, אַוועקגענומען פון אונטער איר דעם י ס ו ד, אויף וועלכן זי האָט געבויט איר גאַנצן בנין און זי פאַרמאָגט נישט מער גאָרנישט אייגנס? אין אַזאַ פאַל איז עס אין עצם אַ פּאָליטישער פּאַראַזיטיזם, וואָס לעבט אויפן חשבון פון אייגענעם עבר, אָדער אויפן חשבון פון אידייען, וועלכע זענען סותר און מינירן־אונטער דעם זכות־הקיום פון נאָך אַ קערפּערשאַפט. ס'איז אַן איבעריקער באַלאַסט, וואָס שטערט און באַשווערט דער פרייער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלעכקייט. אַ פשיטא, אַז מ'ווערט גענערט פון דרויסנדיקע פאַקטאָרן, מאַטעריעלע, פינאַנציעלע, פּאָליטישע. איז מען אַ פאַרטיי אויף קעסט. מ'לעבט פון פאַרטיקן, פון פרעמד־געשאַפענעם. איז נישטאָ דער אינערלעכער פּאַטאָס. די התלהבות און די שאַפונגס־פרייד. נישטאָ די נאָכאַנאַנדיקע שפּראָצונג און וווקס, וואָס אין זייער אָנבליק קוועלט דאָס האַרץ און עס שטאָלן זיך די מוסקולן.

אַזאַ שפּראָצונג קומט־אויף נאָר ביי דעם טייל פאַרטייען און גרופּן, וואָס זענען אָרגאַניש צונויפגעוועבט מיטן ארץ־ישראל־ווערק.

# X

## בענקשאַפט נאָך היימישקייט

ס'רוב מענטשן זענען מיד. אויסגעמאַטערט פון דער זעלישער און פסיכישער געשפּאַנטקייט און אָנשטרענגונג אין משך פון אַזוי פיל יאָרן. אַ פּוילישער פּראָפעסאָר האָט מיר געזאָגט: דאָס ו ו אַ ר ט ן אויף דער ג אַ ז - ק אַ מ ע ר איז געווען אַ סך ערגער, ווי די גאַז־קאַמער גופא. אייגנטלעך האָבן מענטשן אויסגעקוקט אויפן טויט, ווי אויף אַ באַפרייער, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו אַלע פּייניקונגען און דערנידעריקונגען, און וועט מיטאַמאָל אָפּהאַקן די קייט פון יסורים. אָבער דער טויט איז נישט געקומען, ריכטיקער, ער האָט זיך נישט געאײַלט צו קומען. ער איז גע־גאַנגען פּאַמעלעך, לאַנגזאַם. מ'האָט געשפּירט זײַן אָטעם, געפילט זײַן דערנענטערונג, און דאָך איז ער נישט געווען. האָט מען אויף אים גע־וואַרט, אַז אָט־אָט קומט ער. די ד ע ר װ אַ ר ט ו נ ג האָט געמאַטערט און אָוועקגערויבט די אינערלעכע מנוחה. טעג און וואָכן און חדשים און יאָרן איז מען געווען אין צושטאַנד פון גרייטן זיך צו גיין אין גאַז־קאַ־מער. י ע ד ן טאָג, י ע ד ע שעה, י ע ד ע מינוט. בייטאָג און ביי־נאַכט, זומער און ווינטער, אין רעגן און אין פראָסט, ש ט ע נ ד י ק ג ר י י ט ! האָט עס אויסגעזויגן דעם חיות פון די ביינער. די געזונטסטע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן.

ווייל מען איצט אָפּרוען. אָפּרוען פון אַלץ. נישט אַרבעטן, נישט טראַכטן, נישט זאָרגן וועגן קיינעם. אויך נישט וועגן זיך. פאַרקערט, עס ווילט זיך, אַז עמיצער זאָל זאָרגן וועגן דיר, זאָלסט זיך צו אים טוליען

און איינזאפּן אין זיך זיין גרענעצלאָזע טריישאַפט, היימישקייט און וואַ־רעמקייט פון אַן אייגענעם, פריי פון חשדים און פון דערוואַרטן בייזע איבערראַשונגען. ס'בענקט זיך נאָך אַ היים. בפירוש, נישט אַזוי נאָך אַ שטוב, נאָך אַ הויז, ווי אויסדריקלעך נאָר אַ היים. מ'זוכט נישט קאַלטע אָדער אַפילו געהייצטע פיר ווענט מיטן דאַך איבערן קאָפּ, נאָר די אייגנאַרטיקע, גאַטירלעכע נשמה־וואַרעמקייט פון אַ היים, וואָס גיסט זיך פונאַנדער איבער אַלע גלידער און פילט־אָן אַלע שפּאַלטן און שפּעלטעלעך פון דיין מענטשלעכן וועזן מיט גליקזעליקייט.

ס'ווילט זיך זיין פּטור פון פראַגן און פּראָבלעמען; לעבן אָן אַ פּאַר־וואָס און אָן אַ צוליב־וואָס. דאָס עצם לעבן איז אויך אַן ענין. אין דעם גופא איז פאַראַן טעם און ציל. מענטשן, וואָס זענען יאָרנלאַנג געווען מיטגלידער פון פּאַרטייען, אפשר אויך אַקטיווע מיטגלידער, גרייטע צו שטעלן זיך אויף יעדן רוף און צו יעדער צייט, ווייכן איצט פון פּאַרטיי־אישקייט, פון געזעלשאַפטלעכקייט. זיי גאַרן נאָך רו, מנוחה. דערנאָך, שפּעטער — אפשר?! דערווייל אָבער — נישט טראַכטן, נישט קלערן, נישט ברעכן דעם מוח. דער מוח איז אויסגעשעפּט און עס קומט אים אָפּרו.

נישט אַלע זענען אַזוי. עס זענען פאַראַן פּאַרטייען, און זיי פאַר־מאָגן גאַנץ אַקטיווע מיטגלידער. דאָס זענען אָבער אין דער אמתן קליינע גרופּן, הייפעלעך באַוווסטזיניקע קאַדערן, וואָס זענען לגמרי נישט כאַ־ראַקטעריסטיש פאַרן כלל. דער דורכשניט געהערט נישט צו קיין פּאַר־טיי און וויל נישט אָפּגעבן זיך מיט געזעלשאַפטלעכקייט; ער האָט פאַר־לאָרן דעם צוטרוי. ער גלייבט נישט, ווי ער האָט אַמאָל געגלייבט, אין פּאַרטייען. ער האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין דער געזעלשאַפטלעכער שטאַנדהאַפטיקייט. האָט ער דאָך דורכגעמאַכט יענע געשפּענסטיקע תקופה, ווען מיליאָנען מענטשן האָבן זיך פּלוצים פאַרענדערט, און פרייהייטלעכע זענען מגולגל געוואָרן אין בעסטיעס, אין ווילדע באַשעפעניש, וואָס ס'איז אַ באַליידיקונג פאַר חיות, מען זאָל זיי צורעכענען צו יענע האָרדעס. מי־ליאָנען מענטשן, וואָס זענען אָקאָרשט־וואָס געווען אַקטיווע מיטגלידער אין לינקע פּאַרטייען, געטראָגן פאָנען, געזונגען הימנען, געשוואָרן טריי־הייט, האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגעליידיקט פון אַלע גייסטיקע ווערטן, אויסגעלאָדן איינס־צוויי זייער גאַנצן פּאָליטישן און מאָראַלישן פאַרמעג,

ווי זיי וואָלטן פון אייביק־אָן געווען ווייט און פרעמד צו באַוווסטזיניקער, צו אָרגאַנישער מענטשלעכקייט, ברואים פון אַן אַנדער פּלאַנעט.

דער דורכשניטלעכער יחיד האַלט איצט נישט פון פּאַרטייען, סיידן ער זעט בחוש, אַז זיי טוען טאַקע אויף; ווער רעדט נאָך אַז זיי טוען עפּעס אַזוינס, וואָס איז עלול צו פּאַרטרייבן דעם קאָשמאַר, און זאָגט־אָן אַ נייע ערא, ווען ס׳וועט זיך ענדערן דער י ס ו ד פון דער געזעלשאַפט, איר כ אַ ר אַ ק ט ע ר, דער עצם מענטש. ס׳טליעט אַ גלויבן אין כוח פון ק אָ ל ע ק ט י ו ו ן ש אַ פ ן. דערמיט דערקלערט זיך אין אַ היפּשער מאָס דער גוואַלדיקער גלויבן אין ראַטנפאַרבאַנד. מענטשן, וואָס זיינען פּאָליטיש קיינמאָל נישט געווען מסוגל שלום צו מאַכן מיטן קאָמוניזם אַלס שיטה, אַלס לעבנס־באַנעמונג, זענען היינט־צו־טאָג הייסע חסידים פונעם ראַטנפאַרבאַנד און זיי גלייבן באמונה שלמה, אַז נאָר ער און ז יי ן רויטע אַרמיי האָבן געקענט צעברעכן דעם היטלעריזם. זיי גלייבן כמעט מיסטיש אין דעם כוח פון דער אידיי, וואָס האָט איבערגעאַנדערשט צענד־ליקער מיליאָנען און אַריינגעגאָסן שטאָל אין מענטשלעכן כאַראַקטער, צו באַקעמפן און פּאַרטיליקן דאָס בייזע און שלעכטע.

אויף דער יידישער גאַס פּאַרנעמט אַצינד דעם אויבן־אָן די יידישע סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ס׳וואָלט געווען אַן עוולה צו מעסטן דערמיט די השפּעה פון יידישן קאָמוניזם. די טוער און כלעריי קאָמיטעטן זענען ב אַ ש ט י מ ט פון א ו י ב ן. קיינער אויף דער י י ד י ש ע ר גאַס האָט זיי נישט באַפולמעכטיקט צו רעפּרעזענטירן און רעדן אין איר נאָמען. דאָס זענען ק אָ מ י ס אַ ר ן, וואָס לעבן מיטן „אויבערשטן” כוח. אַרום זיי שאַרן זיך גרופּקעס. ס׳איז באַקוועמער. ס׳לוינט זיך. מ׳איז מקורב מיט די הויכע פענצטער. קרוב למלכות. ס׳קאָן צונויף־קומען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. אָבער דאָס איז בשום אופן נישט די „ייד־סעקציע” פון פאַרן קריג. ס׳קאָן דאָך נישט געמאָלט זיין, די דאָזיקע יידן זאָלן נישט באַנעמען דאָס, וואָס זיי אַליין האָבן אויך דורכגעמאַכט אַלס מיטגלידער פון י י ד י ש ן כ ל ל. פאַראַן אַ חילוק צווישן זיי און די יידן־קאָמוניסטן. ס׳זענען דאָ מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, וואָס טראַכטן נישט וועגן אייגענעם אָפּשטאַם און זענען טעטיק אויף דער אַלגעמיינער גאַס, אין אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן, אַלס בויער פון פּוילישער

מלוכה, פון פוילישער קולטור. זיי האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דער יידי־שער גאַס, נישט מיטן יידישן יחיד, נישט מיטן יידישן כלל און זיין ספּע־ציפישן גאַנג אין לעבן. די „יידישע" דערשיינונג שאַצן זיי אָפּ אַלס פּאָ־ליאַקן, היינטיקע צייטן — אפילו אַלס נאַציאָנאַלע פּאָליאַקן...

...די מענטשן זענען ה ו נ ג ע ר י ק און זיי ווילן ע ס ן. יאָ. פּשוט, עסן. ביז צו ז ע ט. שוין אַזוי לאַנג ווי זיי זענען נישט געווען זאַט. עס געדענקט זיך נישט, ו ו ע ן דאָס איז געווען. יאָרן נאָך יאָרן האָבן זיי געהונגערט. אפילו, אז מ'האָט זיי צוגעטיילט עפּעס אַ מין שפּייז, איז עס געווען מיט דער אויסרעכענונג, זיי זאָלן דערפילן נאָך מער דעם... הונגער. אין דעם איז געווען דאָס טייוולשע: מ'האָט אויסגעמאַרקירט, דער מענטש זאָל זיין וואָס לענגער הונגעריק. טאָג ווי נאַכט, וואָכן, חדשים, יאָרן. אין די ערגסטע אומשטענדן פון דערנערונג האָבן מיר, אין ארץ־ישראל, נישט געוווסט, וואָס מיינט א ז א הונגער. ס'איז נישט נאָר די פיזישע אָפּשוואַכונג, וואָס דער קערפּער איז געוואָרן אָפּגעצערט, לייכט און גרינג, פעדערדיק. ס'איז געווען אַן אינערלעכע אויסגעהוילטקייט, וואָס האָט אויפגעשרויפט די נערוון און געטריבן צו משוגעת, ביז מען האָט פאַרלאָרן יעדע מענטשלעכע צורה.

מ'איז געפאַלן אין גאַס פון הונגער, זיך געוואַלגערט, ווי פּגרים. ס'איז נישט געווען, ווער עס זאָל זיי אַוועקראַמען. נישט געווען קיין אינטערעס דערצו — סיי־ווי וועט מען פאַלן און זיך וואַלגערן. פריער־שפּעטער — אַ ל ע וועלן פאַלן.

מ'איז געפאַלן מאָראַליש, מענטשלעך. טאַטעס האָבן אַרויסגעריסן דעם ביסן ביי זייערע אייגענע קינדער, וואָס זענען אויך געווען הונגע־ריק... זיך געראַנגלט איינער מיטן צווייטן.

די וואָס האָבן געשפּאַנט אין יענער מחנה, קענען עס נישט פאַר־געסן, ווי מען האָט אין דעם פּיל־טויזנט־גלידערדיקן המון אויסגעמאַטער־טע, דערשלאָגענע און אויסגעשעפּטע „אַריינגעשאָסן" עטלעכע לעבלעך ברויט. וויי, וויי, וואָס עס האָט זיך דאָרט געטאָן אין יענעם מאָמענט. די ס.־ס.־באַגלייטער און אויפזעער זענען געשטאַנען און צוגעזען די „שלאַכט", וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט צווישן די אומגליקלעכע פאַר גניסן אַ כזית ברויט; זעט נאָר, זעט, ווי ס'איז געלם געוואָרן די גאָרע

קולטור און ציוויליזאציע, די איידלקייט און ראפינירטקייט, וועלכע איז אזוי זארגעוודיק געפלעגט געווארן אין משך פון דורות און ממש „אריין אין בלוט" פון דער אינטעליגענץ. וואס מיר דאקטאר, ווער מיר אינזשע־ניער, אדער אדוואקאט! לערער און פאעטן, וויסנשאפטלער און געזעל־שאפטלעכע טוער האבן פון זיך אראפגעווארפן די „פייגנבלעטער" און נאקעטערהייט געשפרונגען איינער אויפן צווייטן, געארבעט מיט די עלנ־בויגנס, געשטופט און געשליידערט און געשלאגן און געממיתט אלעמען, נישט איבערקלייבעריש, אבי צוצוקומען צום בוסן.

די נאציס האבן געוווסט איינצוריכטן אין געטא, אין די געדערים פון הונגעריקע מאסן, זייערע רעסטאראנען און שענקען, ווו מ'האט גע־פרעסן און געזויפן. נישט נאר דייטשן. אויך זייערע מיטהעלפער און מיט־ארבעטער פון דער יידישער סביבה. האט נישט זעלטן פאסירט, אז אן אנגעשיכורטער נפש זאל ארויסקומען פון שענק, וואקלענדיק זיך און גרעבצנדיק, גלייך אויפן שוועל אויסברעכן... און ווי אויסקוקנדיק אזא גליקלעכע געלעגנהייט, פלעגן זיך אין דער מינוט מענטשלעכע וועזנס אנידערוווארפן אויף דער ערד, כדי אויסצולעקן דאס אויסגעבראכענע.

וואס ווייסט הונגער פון פארם און מאס!?

וואס ווייסן מיר פון הונגער?!

איצט, נאך דער באפרייאונג, ווילן די מענטשן עסן גרינטלעך. היינט און מארגן און איבערמארגן. נישט פרעסן, חלילה. אבער עסן, וויפל עס גלוסט זיך און וויפל עס לאזט זיך. מען זאל זיי נישט קוקן אין מויל אריין און נישט מאכן איבער זיי קיין עקספערימענטן.

מען האט די מענטשן גענוצט פאר „וויסנשאפטלעכע צוועקן". מע־נער און פרויען. דערוואקסענע, יונגטלעכע און קינדער. ווילן זיי איצט געווינען אזא אינעווייניקסטע זיכערקייט, אז זיי וועלן פון היינט און ווייטער זיין מענטשן. נישט מער און נישט ווייניקער. לעבעדיקע מענטשן, וואס לעבן א נארמאל, מענטשלעך לעבן און פילן נישט אויס פאר עמיצן ספעציעלע פונקציעס.

אלץ די זעלבע מעשה: עס בענקט זיך נאך נ א ר מ א ל ק י י ט, נאך אייגנקייט, היימישקייט.

איז די יידן אזוי שווער איצט אין פוילן.

נישט קיין שטוב, נישט קיין פריינט, נישט קיין היים. יידן זײַנען נישט קיין פּחדנים, און זיי שרעקן זיך כּלל נישט פאַרן טויט. אָבער דווקא איצט ווילט זיך זיי נישט שטאַרבן. זיי זענען געווען היטלערס קרבנות. איז געווען אַ „שכל" דערביי. צי דען מוזן זיי זיין אויך קרבנות פון דער פרייהייט? זיי האָבן אויסגעהאַלטן די שווערסטע צייטן, איבערגעקומען די סאַמע דעליקאַטע סיטואַציע, ווען ס'האָט געלויערט דער טויט פון יעדן ווינקל. זיי האָבן זיך געזאָגט איינמאָל פאַר אַלעמאָל: מען מוז אויסהאַלטן. זאָלן זיי איצט, דווקא איצט נאָכגעבן?!

דערציילט מיר אַ יידישע טאָכטער וועגן זיך. זי שטאַמט גריי־לעך פון רבנים. די גאַנצע משפּחה איינגעטונקט אין שמן־זית. נאָר אַ פּנים האָט זי געהאַט, וואָס האָט נישט אויסגעזאָגט דעם סוד פון איר אָפּשטאַמונג. „ווצאַליע ניע וויגליאָנדאַ נאַ זשידוווקאָן". זי זעט לגמרי נישט אויס ווי אַ יידישקע. אַזוי פלעגט מען איר מאַכן קאָמפּלימענטן אין די גוטע נאָרמאַלע צייטן. אַז ס'האָבן זיך אָנגערוקט די ביטערע צייטן, האָט זי אויסגענוצט איר אויסזען און געגאָלטן אַלס אַריערין. געדינט אין „כשרע" אַרישע הייזער, ביי גלחים, און ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז די דינסט איז אַ יידישקע. זי האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס קיינער איז זי נישט חושד אין יידישקייט. האָט זי געהאָרעוועט און געאַרבעט שווער, קאַטאָרגע־אַרבעט איבער די כוחות, אַבי זי זאָל אויסהאַלטן די אַרישקייט. זי האָט אויפגעשווידערט ביי דעם איינעם געדאַנק, אַז זי קאָן נאָך, חלילה, קראַנק ווערן און מאַכן אַ שטאַרב... מ'וועט זי אַריינלייגן אין אַ ווייסער טרומנע און אַ גלח וועט נאָכגיין און פּרעפּלען זיין תּפילה און זי וועט אַפילו צו קבר־ישראל נישט קומען. דאָס — נישט! לעבן ווי אַן אַריערין — מהיכי תּיתי. אדרבא. אָבער שטאַרבן אַלס אַריערין — ניין, פאַר קיין פאַל נישט.

אַנומלטן איז אַ באַמבע געפאַלן נעבן הויז, וווּ זי האָט געדינט ביי אַ גלח. האָט מען אַרויסגערופן אַ יידישע אַרבעטס־גרופּע פון געטאָ, אַוועק־צורוימען די חורבות. הערט זי, ווי די יידן סודן זיך אין דער שטיל: סאַראַ מאָדנע דינסט אָט די קריסטין ביים גלח איז! ווי מענטשלעך זי באַציט זיך צו אונדז. העלפט אונדז אויס מיט כּלערליי קליינִיקייטן, ברענגט פון צייט צו צייט עפּעס איבערצוכאַפּן. איינער איז צו איר צוגעשטאַנען: זאָג, ווער

ביסטו, וואָס דו ווייזט-אַרויס אַזאַ שיינע באַציאונג צו אונדז, יידן, בעת אַלע דערגייען אונדז די יאָרן און ווילן אונדז דערנידעריקן. אָך, ווי ס'האָט זיך איר געגלוסט „אויסזאָגן", אַז זי איז אַ „זייעריקע", אַ יידישקע. זי האָט עס נישט געטאָן. זי האָט מורא געהאַט, דער סוד זאָל נישט אַנט־פּלעקט ווערן פאַר גאַנץ בראָד. זי האָט געוואָלט לעבן, און זי האָט דעם פרעגער אָפּגעפּטרט מיט „תיקו": נאָך דעם קריג וועל איך דיר זאָגן. נאָכן קריג? ווער ווייסט, צי וועט מען נישט אויסציען די קאָפּיטעס, איידער דער קריג וועט זיך ענדיקן!

איצט איז זי שוין אויסער דער געפאַר צו שטאַרבן אַלס אַריערין. איז דאָך אָפּגערעדט, אַז זי האָט נישט קיין חשק צו שטאַרבן אַלס י י ד י ש־ק ע. אויב מען איז ז י י איבערגעקומען, איז נישט כדאי צו שטאַרבן. אַן עבירה. ס'איז בפירוש אַ מצווה צו לעבן. ערשטנס, כדי צו נעמען נקמה פאַר דעם אייגענעם קינד און פאַר די אַנדערע יידישע קינדער. פאַר די מיליאָנען אומגעקומענע. און דאַן איז נייטיק צו לעבן, כדי אָפּ־צושאַפן אַט יענע אומנאָרמאַלקייט, די אויסנעמלעכקייט, וואָס האָט דיך פאַרפאָלגט אין די טרויעריקע יאָרן. ס'איז אַ מצווה צו איבעראַנדערשן דאָס לעבן פון גאַנצן יידישן כלל. די בענקשאַפט פון יחיד נאָך אַ ה י י ם טרעפט זיך צונויף מיט דער נויטוועגדיקייט פונעם יידישן כלל אין אַ ה י י ם.

דאָ ווירקט נישט נאָר די נויטוועגדיקייט. פאַראַן אויך אַ פּאָזיטי־ווער מאָמענט, וואָס ברענגט אַרויס באַשיינפּערלעך פאַר יעדן געראַטעוועטן, אַז ס'קאָן ג ע מ אָ ל ט ז י י ן, אַ ז ז י י ן ב ע נ ק ש אַ פ ט זאָל ב אַ פ ר י ד י ק ט  ו ו ע ר ן. והראיה — ארץ־ישראל. נישט די אַבסטראַקטע טעאָרעטישע וויכוחים אַרום דער לייזונג פון דער יידנ־פראַגע, נישט די פּאָליטישע דיסקוסיעס וועגן ווערט פון אַן אייגענער מלוכה; די אַלע זאַכן זענען איצט נישט צוגענגלעך פאַרן דורכשניט־מענטשן, וועלכער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט און וויל האָבן ממשותדיקס. פאַר אים איז דערשינען אַ נײַ ארץ־ישראל. נישט אין ספר און נישט אין דמיון און נישט פון דער רעדנער־טריבונע און נישט אַלס לאָזונג אויף אַ טראַנספּאַרענט. אַ לעבעדיקע, באַוועגלעכע איז אויפגעקומען ארץ־ישראל, ווי זי גייט־אום און שפּאַנט איבער דער לענג און ברייט פון יידישן גלות.

ספּעציעל אין אַלע יענע ווינקעלעך, ווו עס הויערט אומגליק און ווייטיק, ווו עס פּייפּט דער אומעט און דלות, מאַטעריעל און פּסיכיש. יידישע מענטשן פון ארץ־ישראל, ווי זיי זענען, נישט צוגעפּאַרבטע און נישט באַ־שריבענע, נאָר אין זייער געשטאַלט און פורעם, מיט ג ע ו ו ע ר אין ה א נ ט און ל י ב ע אין ה אַ ר צ ן זענען אריינגעדרונגען אין דער נאָכהיטלערישער יידישער ווירקלעכקייט און געבראַכט מיט זיך אַ טיפן קער אין דער נשמה און פּסיכיק פון דעם יידישן מענטש דאָרטן.

XI

# נאָמען און נומער

זעלטן צו טרעפֿן אַצינד אין פּוילן אַ מענטש „אָן אַ פאַרגאַנגענהייט".
יעדער איינער איז אַדורכגעגאַנגען אַ האַרטן לעבנס־וועג און האָט וואָס
צו דערציילן. על כּל פּנים האָט ער וואָס צו דערמאָנען, אויב ער איז אַפילו
נישט געניגט צו גריבלען זיך אין דער אייגענער נשמה. עס ג ע ד ע נ ק ט
זיך. אויך דאַן, ווען מען באַמיט זיך צו פאַרגעסן. ווען מען מאַכט אַן
אָנשטעל, אַז מען ה אָ ט פאַרגעסן. גענוג אַ ליאַדע קלייניקייט, כּדי עס
זאָל פאַרפּלייצט ווערן דער מוח מיט זכרונות פון אַמאָל.

די דייטשן האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז מענטשן זאָלן נישט פאַר־
געסן, כּל זמן זיי וועלן נאָך ציען די ליאַמקע און בלייבן ביים לעבן; די
נאַציס האָבן אָנגעווענדט כּלערליי המצאות, אַז די „איבעריקע" מענטשן
זאָלן וואָס גיכער ליקווידירט ווערן און צוגעיאָגט זייער טראַנספּאָרטאַציע
אויפן עולם־האמת. אָבער ביז דאַן: געדענק און געדענק!

נאָך אין ארץ־ישראל, איידער איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג
קיין אייראָפּע, האָב איך דאָס ערשטע מאָל, אַ פאַרציטערטער, דערזען דעם
טאַטואירטן נומער אויפן אָרעם פון מיין יונגן חבר, וואָס איז געקומען
פון „דאָרטן"; אויף מיין שטומען ווייטיקלעכן בליק האָט ער געענטפערט:
אָ ש וו י ע נ ט ש י ם. אין פּאַריז בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ שטוב
שפּעט ביינאַכט, נאָך די באַמיאונגען אין משך פון עטלעכע שעה צו
געפינען אַ פּלאַץ אין אַ האָטעל כאָטש אויף איבערשלאָפן איין נאַכט. אין

גרויסן סאַלאָן האָט פאַרבראַכט, קענטיק זייער אויפגעהייטערט, די יוגנט. האָט מען מיך מיט אַ זייטיקן וועג ארויפגעפירט אין אַ שטילן קאַבינעט, אַפּצורוען און עפּעס איבערכאַפּן נאָך דער לאַנגער נסיעה פון לאָנדאָן. דערביי האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט איינער אַ היימישן יידיש און אַפילו העברעאיש: אַ פליטה, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון בערגען־בעלזען. און ווידער האָב איך, אַן אויפגעשוידערטער, דערזען אויף איר אָרעם די טאַטואירטע ציפער... יאָ, זי האָט אויך דורכגעמאַכט אָש־שוויענטשים. אין בריסל האָב איך מיט איינגעהאַלטענער פרייד באַגעגנט אַ חברטע, וואָס מ׳האָט געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן איר, אַז זי איז אומגעקומען. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז איר מאַן, אַ טייערן חבר, האָט מען פאַרברענט, און זי איז אַדורך שבעה מדורי גיהנום פון עטלעכע לאַגערן ביז צום שפּיטאָל אין שוועדן שוין נאָך דער באַפרייאונג. כ׳האָב איר פאַרשפּאָרט צו שטעלן פראַגן וועגן דעם טיפן טרויער און אומעט אין איר געזיכט: דער טאַטואירטער נומער האָט מיר פאַרטרויט, אַז אויך זי האָט געהאַט די סטאַנציע אָשוויענטשים אין איר לעבנס־נסיעה. אין פּראַגע, ביי וואַרשע, האָבן מיך, בעת דער ערשטער אוידיטאָריע אין „אַר־בעטער־היים" כסדר געשטיקט טרערן, מחמת איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט געפינען צווישן די פאַרזאַמלטע און אין פּרעזידיום די געשטאַלטן פון יענע טייערע און נאָענטע, וועלכע כ׳האָב ביי ענלעכע געלעגנהייטן געזען אין משך פון קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר; אינצווישן האָבן מיך ארומגערינגלט צענדליקער חברים און חברטעס, וואָס האָבן זיך פאַרהערט, ווער פון זיי איז פריער געווען אין אָשוויענטשים. מ׳האָט עס געפּרוווט פעסטשטעלן לויט דער הייך פון דער אויסטאַטואירטער ציפער אויפן אָרעם. אין קאַטאָוויץ, עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון אָשוויענטשים, זענען אויף דער באַגעגעניש אין קליינעם צימערל געזעסן עטלעכע חבר־טעס, וואָס האָבן געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר מיטפאָרן קיין אָשוויענ־טשים אויף „אַ באַזוך". באשר זיי זענען די אמתע מחותנים און האָבן אַ גאָר „אינטימע" שייכות מיט יענעם אָרט, והראיה: דער טאַטואירטער נומער. אין אָטוואָצק, אין די אָפּרו־הייזער פאַר קינדער, האָבן די סאַ־ניטאַרן און קיך־אָנגעשטעלטע דורך די טאַטואירטע ציפערן מיך באַקענט מיט זייער יחוס: אָשוויענטשים.

אויך לאַגערן האָבן זייער מזל: אוישוויץ, אָדער ווי די פּאָליאַקן רופן עס פון פאַרן קריג: אָשוויענטשים, האָט אָפּגעגליקט און ס'איז באַקאַנט געוואָרן בכל תפוצות ישראל, נאָך איידער מיר האָבן געהאַט עפּעס אַ אַנונג וועגן מאַידאַנעק און טרעבלינקע. פּונקט ווי מאַידאַנעק איז אונדז געווען „היימישער", ביז מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז דער אייגנטלעכער שעכט־לאַגער, ווו אונדזערע מיליאָנען זענען אומגעבראַכט געוואָרן, איז טרעבלינקע.

אפשר איז עס דערפאַר, וואָס פון טרעבלינקע זענען געבליבן ווינציק אָפּגעראַטעוועטע, בעת די געוועזענע ערן־בירגער פון מאַידאַנעק און אָש־וויענטשים קאָן מען ציילן אין מער ווי טויזנטער. פון טרעבלינקע האָט געפירט דער וועג, דער איינציקער וועג, נאָר צום טויט.

**י א נ ק ל   ו ו י ע ר נ י ק** האָט מיך אויפגעזוכט אין וואַרשע אין האָטעל. אַ גרייז־גרויער הויכער, פעטס־געבויטער מאַן מיט כאַראַקטעריס־טישע פּוילישע וואָנסעס. כ'וואָלט בשום אופן נישט חושד געווען אין אים דעם ייד. אַן עכט־פּוילישער שליאַכטשיץ אין זיין שטעל און האַלטונג. כ'האָב זיך בשעתו אין תל־אביב נישט געשעמט מיט די טרערן אויף מיין געזיכט, בעת איך האָב געלייענט, ווי אין אַ קאָשמאַר, זיין באַשרייבונג פון טרעבלינקע, וואָס ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן בעתן אויפשטאַנד. כ'האָב שוין דעמאָלט נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי האָט אַ פּשוטער בשר־ודם, אונדזערער אַ מענטש, אַ יידישער מענטש, געקאָנט דורכמאַכן טרעבלינ־קע, ווי יאַנקל וויערניק האָט עס דורכגעמאַכט, און בלייבן לעבן.

כ'האָב אים געגלייבט, ווען ער האָט אין זיין הקדמה דערציילט, אַז עס האַלט אים ביים לעבן אויסשליסלעך דאָס געפיל פון אחריות, אַז מ'מוז דערציילן דער וועלט דעם אמת וועגן טרעבלינקע, ווייל די קומענדיקע דורות מוזן עס וויסן. איצט אין וואַרשע האָב איך נישט געטרויט מיינע חושים, און געצווייפלט, צי זע איך טאַקע מיט מיינע אויגן יענעם מענטש, צי הער איך טאַקע מיט מיינע אויערן זיין שטים. די שטים פון יענער וועלט. און וויפל מאָל כ'האָב זיך מיט אים געטראָפן און געזען אים פאַר זיך אין משך פון לאַנגע שעהן אויף דעם פּועלי־ציון־פּאַרטיי־צוזאַמענפלי, האָב איך אַלץ געוואָלט פאַרשטיין און באַנעמען, וואָס טראַכט **ע ר**, און ווי פילט **ע ר** **א ו נ ד ז** מיט **א ו נ ד ז ע ר ע** רייד, מיט **א ו נ ד־**

זערע טואונגען, נאָכדעם, וואָס ע ר האָט דורכגעלעבט ד אָ ר ט.

ער האָט געוויינט, יאַנקל וויערניק, און איך האָב מיטגעוויינט מיט מיין עלטערן ברודער, וואָס האָט אַליין געטרונקען דעם גיפט און גאַל פון אונדזער יידישן נסיון אין טרעבלינקע. ער קאָן איצט נישט רוען. נאָכט נאָך נאָכט קומען זיי צו אים, די אַלע, וואָס ער האָט ד אָ ר ט געלאָזן, און זיי רינגלען אים ארום און מאָנען און פאָדערן דין־וחשבון: צו וואָס לעבט ער, צו וואָס לעבן אַנדערע ברידער און שוועסטער, וואָס טוען זיי פאַרן אָנדענק פון די אומגעקומענע, פאַר זייער יידישן כבוד און מענטש־לעכער ווירדע? מיט וועלכן רעכט און אין וואָסער זכות פירן זיי זיך אויף אַזוי, אַז נישט נאָר די וועלט, נאָר זיי אַליין פאַרגעסן אויך דאָס, וואָס ס'האָט מיט יידן פּאַסירט?

...די אָשוויענטשימער האָבן אַ נומער. ער איז אויסגעקריצט מיט אַ נאָדל און פאַרגיפטעט אַזוי, אַז מ'קאָן אים קיינמאָל נישט אָפּמעקן און נישט אויסקראַצן. וואָס איז נ אָ מ ע ן? אַ נאָמען מיינט אַ סך: כאַ־ראַקטער, ווילן, אייגנשאַפטן, נייגונגען, שטרעבונגען, א י י ג נ ס. פאַר די נאַציס האָט עס זיך נישט געלוינט. זיי האָבן אָנשטאָט דעם נאָמען געגעבן אַ נ ו מ ע ר. דער נומער זאָגט גאָרנישט, ס'איז בלויז פאַר דער בוכהאַלטעריע, צו פירן חשבון. די נאַציס האָבן דערצו געשטרעבט, דער מענטש זאָל אָנווערן זיין מענטשלעכע אייגנקייט, זיין פערזענלעכע אייגנ־טימלעכקייט און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לויף־נומער. אַ נומער פילט נישט, טראַכט נישט, רעאַגירט נישט, פּלאַנט נישט, שטרעבט נישט און האָפט נישט. אויטאָמאַט.

אָבער דער טאַטואירטער נומער רעדט גראָד זייער אַ סך צו דעם, וואָס האָט צוריקבאַקומען דעם נ אָ מ ע ן, אין וועמען עס האָבן אויפ־געוואַכט פונסניי לעבנס־זאַפטן און ביי וועמען ס'האָט אָנגעהויבן ציר־קולירן פריש בלוט אין די אָדערן. דער נומער דערמאָנט, דער נומער לאָזט נישט פאַרגעסן. פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן פאַרגעסן. שטרענגען זיך אָן צו פאַרגעסן. פאַרבאַהאַלטן הינטער בגדים און וואַשן מיט זיבן וואַסערן דעם נומער, מען זאָל אים נישט באַמערקן, מען זאָל אים א י ן זיי נישט דערקענען, מען זאָל זיי ד ו ר ך א י ם נישט דערקענען. און פאַראַן ווידער, אַנדערע, וואָס שעמען זיך נישט און האַלטן אָפּגעדעקט דעם נו־

מער. נישט כדי צו איבערנעמען זיך מיט אים. ס'איז נישט אַזאַ סביבה, וו דאָס זאָל צוגעבן אַנזען און חשיבות. נאָר ווייל אין זיי האָט ווירקלעך זיך אָפּגערופן דער מ ע נ ט ש און זיי ווילן געדענקען, וואָס ס'איז געשען, וואָס ס'איז געשען זייער פאָלק, דער מענטשהייט.

ציימנווייז איז פאַראַן אַ מין באַפרידיקונג אין דעם, וואָס ס'איז גע־ וועזן טאַטואירונג. כאָטש עטוואָס פאַרסטראַכירט די מענטשן קענען פאַר־ געסן. צייטנווייז וועקט זיך אַ פאַרדרוס, פאַרוואָס אויך אַנדערע, אַ ל ע איבערגעבליבענע יידן האָבן נישט אַזאַ טאַטואירונג. וואָלטן זיי אפשר טאַקע נישט פאַרגעסן?!

אַז כ'בין צוריקגעקומען פון פראַנקרייך און בעלגיע קיין לאָנדאָן, נאָך פ אַ ר פוילן, האָט מיך ד"ר ווייצמאַן אין אַ שמועס געפרעגט, וואָס פאַר אַ גרוס ברענג איך פון די געליטענע יידישע ישובים אין אייראָפּע. האָב איך אים געזאָגט:

— שלעכט. יידן הייבן־אָן פאַרגעסן.

מאַכט ד"ר ווייצמאַן:

— איז דאָך גוט, מען קאָן דאָך נישט לעבן, אויב מען זאָל נישט פאַרגעסן.

— יאָ. אָבער די יידן הייבן־אָן פאַרגעסן, אַז ד אָ ס האָט געטראָפן ז י י ג ו פ א.

— דאָס איז עפּעס אַנדערש, — רופט זיך אָן ד"ר ווייצמאַן, — וועגן דעם האָב איך אַ מעשהלע: איין ייד האָט אַנומלטן געטראָפן זיינעם אַ באַקאַנטן, אַ צווייטן ייד, ווי ער עסט אום יום־כיפור.

— ס'טייטש, היתכן, האָסט גאָר פאַרגעסן, אַז ס'איז היינט יום־ כיפור, און אַ ייד טאָר נישט עסן אום יום־כיפור?

— חלילה, ענטפערט אים יענער: אַז ס'איז יום־כיפור האָב איך גריילעך נישט פאַרגעסן. איך האָב בלויז פאַרגעסן, אַז א י ך בין אַ ייד.

אַז ס'איז געשען, וואָס ס'איז געשען אין לעצטן קריג, געדענקט מען. אויך יידן געדענקען עס. זיי הייבן בלויז אָן צו פאַרגעסן, אַז ד אָ ס האָט מיט ז י י פּאַסירט. זיי פאַרגעסן, ו ו ע ר ז י י ז ע נ ע ן.

אפנים, אַז זיי האָבן נאָך נישט צוריקבאַקומען זייער נ אָ מ ע ן און זיי גייען נאָך אום אין דער וועלט מיט אַ ל ו י ף ־ נ ו מ ע ר.

אָבער יידן, אַלס ייד ן, האָבן אייגנטלעך זייער נ אָ מ ע ן נישט אַוועקגעוואָרפן, נישט אומגעביטן. ד אָ ס יידישע פ אָ ל ק האָט אויפגעהיט זיין נ אָ מ ע ן. די נומערירטע איינצלנע יידן ווען דעם דאָזיקן כלל־נ אָ מ ע ן צוגעבן מער גלאַנץ און נישט דערלאָזן, מען זאָל אים אָפּמעקן און אויסקראַצן; מען וועט אים נישט פאַרגעסן.

נישט אַלע פאַרגעסן: בשום אופן נישט די מערהייט. פאַרקערט. די יידישע מאַסן מיט זייער געזונטן פ אָ ל ק ס־אינסטינקט ווערן זיך קעגן פאַרלירן דעם זכרון; זיי געדענקען גוט און ווילן עס נישט פאַרגעסן. עס לאָזט זיך נישט. אין דעם פּרט זענען כאַראַקטעריסטיש די ב ר י וו, וואָס מען שרייבט פון פּוילן. אויך פון אַנדערע לענדער, וווּ עס זענען פאַראַן אָפּגעראַטעוועטע. מ'האָט אָפּט דעם איינדרוק, ווי דער גורל וואָלט פאַר־פּאַסט אַ ב ר י וו נ ש ט ע ל ע ר, און אַלע יידן האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי זייער מזל אין חדר אויף דער באַנק און לערנען זיך שרייבן. ס'איז איין נוסח, אַ שאַבלאָן, אַן אויסגעחזרטער. מיר איז באַשערט געווען צו ווערן אַ בריוו־טרעגער פון יידישן יאָמער־טאָל קיין ארץ־ישראל. אין אַנדערע צייטן וואָלט איך אפשר זיך געקווענקלט צו נעמען אויף זיך אַזאַ שליחות: אָנזאָגן מענטשן איוב־בשורות. ד אָ ס מאָל האָב איך גערן אָנגענומען די ראָל פון אַ טרויער־אויסרופער. כ'האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב פונאַנדערצוטראָגן, ווו נאָר עס לאָזט זיך, די גרויל־בריוו פון ד אָ ר ט ן. ווייל דאָס איז דער א מ ת, נישט נאָר פון אונדזער נעכטן; אין דעם שטעקט דער קערן פון אונדזער מאָרגן דאָרט. אַלע בריוו זענען געשריבן אין זעלבן סטיל און פאַרמאָגן דעם זעלבן אינהאַלט: „איך, פלוני, גיב אייך צו וויסן, אַז איך בין געבליבן איינער פון דער גאַנצער משפחה. דעם טאַטן געהרגעט, די מאַמע פאַרברענט, די קרובים אומגעבראַכט, אַלע יידן פון שטעטל זענען עפּנטלעך דערשאָסן געוואָרן און באַגראָבן אין איין ריזיקן ברודער־קבר, וואָס זיי האָבן צוערשט אַליין אויסגעגראָבן. מיר איז אומעטיק צו לעבן אַליין אויף דער ערד, וואָס איז אָנגעטרונקען מיטן בלוט פון אונדזערע נאָענטע. דאָס לעבן האָט פאַר מיר בכלל אָנגעוואָרן זיין ווערט. נעמט מיך אַרויס צו אייך. דאָס איז דער איינציקער טעם פאַר מיין לעבן ווייטער. איילט אייך צו. כ'וועל נישט אויסהאַלטן לאַנג".

אַט דעם אמת זענען אַלע יידן אומעטום מחויב צו וויסן. מיט אים וועט אויך זייער לעבן קריגן אַן אַנדער טעם. ערשטן דאַן וועלן זיי באַצאָלן אויך פאַר די אומגעקומענע.

יאַנקל ווייערניק האָט פאַר מיר אַנטוויקלט אַ פּלאַן פון אַ דענקמאָל פאַר טרעבלינקע. ער איז אַ בוי־מייסטער. אַ לאַנג־יעריקער חבר פון לאַ־זער סמאָלער. ער געדענקט גוט דעם גאַנצן פּלאַן פון טרעבלינקע, וועלכע איז איצט אָפּגעמעקט געוואָרן נאָך דעם, ווי די אויפשטענדלער האָבן די טויט־פאַבריק אונטערגעצונדן און אויפגעריסן. וויל יאַנקל ווייער־ניק צוריק־אויפבויען אין מיניאַטור טרעבלינקע מיט אַלע אירע אָפּטיי־לונגען, איינריכטונגען, וועגן און שטעגן; צו דעם זאָל צוקומען דאָס גע־שריבענע.

„איך בין נישט קיין שרייבער, זאָגט ער מיר, אָבער קיין שום שריי־בער, וואָס האָט עס אַליין נישט איבערגעלעבט, וועט נישט מסוגל זיין צו פאַרצייכענען טרעבלינקע. איך וויל, אַז די קומענדיקע דורות זאָלן עס וויסן. פון דער זייט האָב איך געהערט פאַרשידענע אויס־רופן פון די לעבעדיקע יידן, וועמען מען האָט אַרויסגעטריבן פון די אָנגע־קומענע צוגן און געיאָגט אין די גאַז־אויוונס: „שמע ישראל", „אַ טויט היטלערן", „נידער מיטן פאַשיזם". פון יענער זייט האָב איך גע־זען בלויז נאַקעטע טויטע יידן. אַלע — נאַקעט. אַלע — יידן! זיי האָבן צו מיר גערעדט איין שפּראַך, און איין פאַרלאַנג האָב איך אין זיך איינ־געזאַפּט, אָנקוקנדיק די טויטע, די פאַרברענטע יידן: נקמה! זכור את אשר עשה לך עמלק! געדענק, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן."

XII

# אונטערוועגס

שניי. פון אונטער דער אָנגעהויפטער ווייסקייט סטאַרטשען אַרויס נאָך בולטער די אָפּגעהאַקטע גלידער פון געביידעס, קוימענס, פּאַרקאַנס, ווענט. דער עולם, איינגענורעט אין ווינטערדיקע מלבושים, על־פּי־רוב לאַנג־געטראָגענע (די פּרויען — אין פּאַרפּיינערטע וואָליקעס־לאַפּטשיעס) איילט זיך צום וואָקזאַל ביים שיין פון די קאַרג־לייכטנדיקע נאַכט־לאַמ־טערנס. וואָס איז געוואָרן פון דעם ווינער הויפּט־וואָקזאַל, וועלכער האָט געזאָלט זיין דאָס שיינדל פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט?! רואינירט זייער גרינטלעך, און נאָר צוויי פּאַרבליבענע הויך־סטאַרטשענדיקע זיילן שרייען אַרויס צום הימל און צו דער וועלט דעם ווייטיק און צאָרן פון וואַרשעווער צעשטערונג. אין די זאַלן פונעם אַמאָליקן משאות־וואָקזאַל שטופּן זיך מענ־טשן. ס'גילט מער נישט די איינטיילונג אויף ערשטער און צווייטער קלאַס אין די צוגן און אויך נישט אין די בופעטן. איז אַלץ צונויפגעפּרעסט אינאיינעם. אין דרויסן איז קאַלט. ס'כאַפּט אַ פרעסטל. וואַרעמט מען זיך אינעווייניק, אין דער ענגשאַפט. דאָך קימערט די מורא, אפשר וועט מען דערלאַנגען דעם צוג און מ'וועט נישט באַוויזן צו פּאַקן אַ פּלאַץ. לויפט מען יעדע רגע אַרויס אין דרויסן. ביסלעכווייז קלויבט זיך דאָ צונויף אַ גרויסער עולם. איצט טרויט מען שוין זיכער נישט דעם צופאַל, און מען בלייבט אויף אַן אָרט וואַרטן. ס'גייט דורך אַ שעה און צוויי. שוין לאַנג אַריבער דער אָפיציעלער טערמין, און מ'זעט נאָך אַלץ נישט דעם צוג.

דער פראָסט קרעפטיקט זיך. פון אַלע זייטן איז פריי און דער ווינט

הוליעט זיך פונאנדער. קאן מען נישט איינשטיין אויף איין אָרט און מ'הייבט-אָן שפּאַצירן איבער דעם פּעראָן. איז כל־זמן דו גייסט איין ריכ־טונג, איז גוט. דער ווינט איז פון הינטן. ער יאָגט דיך אונטער, און פון פּאָרנט איז שטיל און כמעט ווארעם. א מחיה. זיך אויסגעבענקט נאָך אזא טרוקענער קעלט. אָבער אָט ביסטו שוין צוגעקומען צום סאַמע ווייטסטן עק פון פּעראָן און מוזט זיך אומקערן צוריק. אהא! דאָ האָט דיך גע־פּאַקט דער ווינט און שמייסט דיר אין פּנים אריין שאַרפע, בייסיקע, קאַלטע לופט, אַז ס'פאַרכאַפּט דער אָטעם. פאַרמאַכסט די אויגן און שפּאַנסט עקשנותדיק אַנטקעגן דעם ווינט, און דער פראָסט פאַרקריכט אונטער די מלבושים, אין די שיך, אונטערן העמד. קיין צוג זעט מען נישט. דער עולם מורמלט־אונטער קעגן די איצטיקע „פּאַראַנדקעס". א סך מיליטער, פּויליש, סאָוועטיש, גוט אָנגעפּעלצט, מענער און פרויען. טאַנצן, שפּרינגען, ראַנגלען זיך אין שפּאַס, כדי צו דערוואַרעמען די בלוטן. מ'קוקט אויס דעם מאָמענט, ווען מען וועט דאַרפן אַטאַקירן דעם צוג. און אַז מ'האָט דערלאַנגט דעם צוג מיט א פאַרשפּעטיקונג פון דריי שעה, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין איין וואַגאָן, אפילו נישט דער ספּעציעלער פאַר די, וואָס זענען באַזאָרגט מיט פּלאַץ־קאַרטעס, איז נישט אין אָרדענונג. אויסגעהאַקטע שויבן. אָן עלעקטרי און וועלכער עס איז באַלויכטונג, אָן באַהייצונג. הפּנים, אַז דער אָרטיקער עולם איז שוין אַ געניטער אין הלכות נסיעות — האָט ער זיך באַוואָרנט אי מיט קאָצן, אי מיט ליכט. ס'קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר און פאַרזיכערט, אַז ס'וועט נאָך זיין וואַרעם. דער וואַגאָן איז עטוואָס דערווייטערט פונעם לאָקאָ־מאָטיוו, דאַרף נעמען אביסל צייט, ביז ס'וועט זיך צעוואַרעמען און די וואַרעמקייט וועט צוקומען אהערצו.

דאָס קינד ביי דער מאַמען אויף די קני קלאָגט זיך: מאַמעניו, ס'איז מיר קאַלט, איך ווער געפרוירן. און די מאַמעניו בייזערט זיך אויף אים, הלמאי עס דערגייט איר די יאָר. עולם נעמט דאָס קינד און וויקלט עס איין אין וואַרעמקייט, אָבער דאָס קינד וויל דווקא צו דער מוטער. בטלט די מוטער צו אים אויס אירע קללות. דורכן אָפענעם פענצטער שפּאַרט די נאַכט-פינצטערניש. דער ווינט יאָמערט, דער פראָסט שטאַרקט זיך. ס'דוכט זיך, אַז מען פאָרט שוין צוויי טעג און מ'איז ערשט אין קאָ־

ליושקי. אנומלטן איז דאָ געווען אַ שטאַרק־באַלעבטער באַנען־קנופּ. ווו גראָד בײנאַכט פלעגן זיך צונױפטרעפן שנעל־צוגן אין כּלערליי ריכטונגען. איז דאָ געווען טומלדיק, שרייענדיק, ליכטיק. איצט איז פינצטער, און ווי פון אַן אומהיימלעכקייט שווימען־אַרויס אײנצלנע שאָטנס, שלייכן זיך איבערן קאָרידאָר און בלייבן ערגעץ פאַרטייעט, ווי נישט־וועלנדיק, עמיצער זאָל זיך דערוויסן וועגן זייער אַנוועזנהייט.

פּיאָטרקאָוו, ראַדאָמסקאָ, טשענסטאָכאָוו, זשארקי, זאָמבקאָוויצע, זאַווירטשע, דאָמבראָווא, בענדין, סאָסנאָוויעץ... ווי קאָן מען צומאַכן אַן אויג, אַז דאָס האַרץ וואַכט און קלאַפּט הויך, צוהערנדיק זיך צו אָט־די נעמען; יעדער נאָמען איז אַ שטיק יידיש לעבן, איצט — אַ פאַרבלוטיקט קאַפּיטל יידיש פּוילן. קענסט נישט און ווילסט נישט פאַרטרייבן פון זיך די נאָכיאָגנדיקע גרויל־בילדער, וואָס זענען געבליבן אויף אייביק אײנגעקאַרבט אין דער לופט פון זאַגלעמביע; פון די באַן־רעלסן שרייט נאָכאַנאַנד אַ חוזקנדיקע און מאָנענדיקע שטים, אַז מיטן דאָזיקן וועג טאָקע האָבן זיך געוועדערט די טויט־וואַגאָנען קיין אָ ש וו י ע נ ט ש י ם, אויפנעמענדיק אין דעם אויפגעפּראַלטן פּיסק פון דער ברוינער חיה גייע און פרישע צענדליקער טויזנטער יידן פון די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען ווי מאָן אָנגעשאָטן אינעם גאַנצן ארום. עסטו זיך איין אין די שכנימדיקע פיגורן און ווילסט דערקענען, צי איז עס נישט איינער פון יענע, וואָס האָבן געפירט, אונטערגעטריבן און געיאָגט א י ן די וואַגאָנען און פ ו ן די וואַגאָנען אין די קרעמאַטאָריעס און קאַלכאַווונס? צי איז נישט פאַרגראָבן אין אַ ווינקל אַ פאַרשטעלטער געפייניקטער קרבן, וואָס וויל אין לעצטן מאָמענט אַנטרינען און אויסמיידן אַלס יחיד דעם גורל פון כּלל? און אפשר איז דאָ פאַרבליבן איינער פון די שליחים־פאַרבינדער, וואָס האָט געטראָגן מיט זיין גאַנצן וועזן די ידיעה, אַז אָ ש־וו י ע נ ט ש י ם איז א מ ת, אַז ס'איז אויך א מ ת דער רוף צו מ ר י ד ה, אַז לענגער וואַרטן טאָר מען נישט, ווייל אינגאַנצן אונטערגיין ו ו י ל ן מיר נישט און וו ע ל ן נ י ש ט.

קוים אינדערפרי, מיטן ווייסן טאָג, זענען מיר געקומען אין ס אָ־ט אָ וו י ץ, איינער פון די צענטרען פון נייעם פּוילן, ווו עס רוישט לעבן, ווי אין אַ בינענשטאָק. אין אויבערשלעזיע ווערט איצט אין אַ באַדייטנ־

דיקער מאָס מאַנטירט דיווירטשאַפטלעכע קראַפט פון דער מלוכה, וואָס שטייגט־אויף צו אַ נייער אַנטוויקלונג, און אין ערגעץ קאָן מען נישט אַרויספילן דעם ט ע מ פּ און פאַרנעם פון איר אויפבוי־פאַרמעסט, ווי אין דאָזיגן גוואַלדיק אַנטוויקלטן אינדוסטריעלן צענטער. אָבער גרייליך דאָ באַפאַלט דיך יאוש און דו ווערסט דערשיטערט, טראַכטנדיק וועגן דעם ווייטערדיקן אַנטוויקלונגס־גאַנג פון די איבערגעבליבענע רעשטן יידן אין פּוילן.

נישט זעלטן האָט געברענט די ליפּן אַ פאַרקלעמטע פראַגע, געווענדט כמעט צו יעדן צווייטן־דריטן ייד: צו וואָס זענט איר איבערגעבליבן און פאַרוואָס טראָגט אייך די ערד אויף זיך נאָך דער אויסראָטונג פון 6 מיליאָן? צי מעג דען בלייבן נאָך זיי אַזאַ אָנדענק? איז נישט דער גרעסטער הימל־שרייענדיקער חטא, אַז נאָך דעם פאַרטיליקטן פּוילישן יידנטום זאָל בלייבן אַ ז אַ י ו ר ש, אָן שום אחריות פאַרן לעבן, אָן שום מאָראַלישע און עטישע ברעמזער און אָפּהאַלטערס, אַ יורש, פון וועמעס געדעכעניש עס איז אויסגערונען יעטוועדער זכר, אַז אָט־דאָ, אַ פּאָר צענדליק קילאָמעטער פון דאַנען, האָט מען פּלאַנמעסיק געשענדעט דעם כבוד און פאַראומווירדיקט דעם זעלבסט־געפיל פון פּ אָ ל ק, איי־דער מען האָט אים פאַרטיליקט פיזיש? צי זאָל מען מאַכן דעמאָנסטרירן פאַר דער וועלט, אַז דער נאַציזם האָט זיינס דערגרייכט, און די שארית הפליטה איז נישט פעאיק צו לערנען פון דעם געשעענעם, אַז ס׳גייט איר נאָר וועגן אַבי צוכאַפּן זיך צוריק צו עפּעס־וואָס און קאָנען געניסן, פאַר־דינען און ווידער געניסן?!

די פראַגע, באַגלייט דורך אַ קללה, איז געבליבן הענגען אויף די ליפּן, ווען ס׳איז דערגאַנגען צו די אויערן און דערגרייכט ביז צו די טיפסטע קעמערלעך פון דיין וועזן דער ניגון פון דער יידישער יוגנט, וועלכע איז אַפּגעראַטעוועט געוואָרן; דער ניגון וועגן אַ נייעם, פּראָדוק־טיוון, שאַפנדיקן לעבן. אויסדריקלעך — אַ לעבן, וואָס ג ע ד ע נ ק ט און פּ אַ ר אַ יי ב י ק ט דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע, נישט אויף אַ יחידישן אופן, נאָר נ אַ צ י אָ נ אַ ל, דורך איבעראַנדערשן דעם סאַמע פונדאַמענט פונעם יידישן פאָלקס־קיום. דער ניגון פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל שטייגט־אויף צוזאַמען מיטן אָפּהילך פון דער קנאַלעריי פון די

בונקערס פון בענדין, און אין אים איז איינגעזאַפּט דער גסיסה־כאָרכל פון די מיליאָנען אומגעקומענע. ציט דורך דאַנען דער יידן־שטראָם צו דער גרענעץ אויפן ווייטן וועג צום פּאַטערלאַנד, וואָס מוז אַצינד דורך דער גערעטעוועטער יוגנט אויפגעבויט און פאַרטיידיקט ווערן.

דאָ, אין אָט דער געגנט קריכט, יאָגט און לויפט די יידישע אויס־וואַנדערונג פון פּוילן. ביסט געפּלעפט צו זען דעם עולם, וואָס וויל אַוועק. וואָס זיין איינציקער טרוים איז: אַרויס! פאַרצווייפלטע און פאַרביטערטע באַקלאָגן זיך די וואַנדערער, הלמאַי מען פאַרלאַנגט פון זיי באַשטעטיקונגען, אַז זיי זענען געבאָרן אין דייטשלאַנד. אַזאַ צייגעניש שאַפט פאַר זיי די „פּריווילעגיע" פון ד י י ט ש ע היימקערער. אָבער זיי וואָלטן געוואָלט אָנגיין בפירוש אַלס י י ד י ש ע ה י י מ ק ע ר ע ר. זיי ווילן דאָך פאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס געניגט אָבער נישט פאַר די מלוכה־אַמטן. בפרט, אַז די טויערן אין יענעם לאַנד זענען פאַרריגלט און מיט זיבן שלעסער געשלאָסן. בלית־ברירה ווערט מען דייטשן, אריער, אַבי אַרויסצופאָרן. מען קוקט זיך ווינציק אום אויף דעם ברויזנדיקן, אויפשפּראָצנדיקן לעבן אַרום. די ערד ברענט אונטער די פיס און אַן אינערלעכע קראַפט שלעפּט וואָס ווייטער, וואָס גיכער פון דאַנען.

ווי קאָנען יידישע מענטשן זיך דאָ באַזעצן פעסט, ווען דערנעבן געפינט זיך אָ ש וו י ע נ ט ש י ם ? ! נישט יעדער זאָגט עס אַרויס אויפן קול. אָבער דאָס איז דער געמיט־צושטאַנד, דאָס זאָגט זיך יעדער איינער אין דער שטיל. דאַרף מען זיך אַריבערכאַפּן אויף דער צווייטער זייט גרענעץ. ס'פעלט די אינערלעכע געדולד אַ טראַכט־צו־טאָן, אַז דאָרט איז דאָך די אומריינע פאַרפּעסטעטע ד י י ט ש ע ערד, אַז אַרום וועלן זיין ד יי ט ש ן. ווי וועט מען דאָרט קאָנען אָטעמען, ווי וועט מען זיך קאָנען באַגעגענען מיט די בליקן פון די רוצחים פון דיינע אייגענע פייניקער, פון די מערדער פון דיין פאָלק? צי וועט נישט קומען צו צוזאַמענשטויסן?

ס'רעדט מער אינסטינקט ווי באַוווסטזיין. ס'איז מער פּסיכאָלאָגיע, ווי אידעאָלאָגיע. די יוגנט האָט אַ פּראָגראַם. על־כל־פּנים אינסטרואירט מען זי, מען קלערט איר אויף, מען זוכט זי מכשיר צו זיין צו אַ באַוווסטזיניקן לעבן. אָבער די מ אַ ס ע קלערט נישט איבער. זי האָט דערשמעקט, אַז דאָרט אַהין פירט דער וועג און זי ציט אַהין פּ ס י כ י ש.

דאָ וועלן נישט העלפן קיין אַגיטאַציע, קיין דראָאונג, קיין שטערונג און געפאַר. די גורלדיקייט פון דער אויסוואַנדערונג איז שטאַרקער ווי אַלע וואָרענונגען. די בשורה וועגן נייעם ארץ־ישראל איז אַלץ גובר.

ארץ־ישראל שפּאַנט איבער אַלע שטעט און שטעטלעך, איבער אַלע גאַסן און געסלעך, אַ לעבעדיקע אין דער געשטאַלט פון יידישע ארץ־ישראלדיקע זעלנער, וואָס זוכן דאָ קרובים. קרובים אייגענע, פּערזענלע־כע, אינדיווידועלע, און קרובים פון יידישן כּלל, פון גאַנצן יידישן פאָלק. דאָס זוכט דער ארץ־ישראלדיקער ישוב זיינע קרובים אין גלות פּוילן. ווער ס'איז נאָך געבליבן ביים לעבן — ווו זענט איר? רופט אייך אָפּ!

אין דעם אויטאָבוס פון דער יידישער בריגאַדע מיטן סימבאָלישן מגן־דוד פאָרן מיר פון קאַטאָוויץ צו אָשוויענטשים. פאַרבייגייער און פאַר־בייפאָרער פאַררייסן דעם קאָפּ, קוקן זיך איין און באַגלייטן דעם מגן־דודיקן אויטאָ מיט שטוינענדיקן בליק: צו וואָס פאָרט ער גערנוויליק אין טויטן־לאַגער? זיי וועלן איינגיכן וויסן דעם באַשייד: ארץ־ישראל קאָן זיין אַ סגולה צו קאַלכאַוויון און גאַז־קאַמער. דערצו מוז אָבער ארץ־ישראל אין זיך איינזאַפּן דעם גוואַלד־געשריי פון אָשוויענטשים, איינאָטעמען אין זיך איר לופט. ניין, נישטאָ וואָס מורא צו האָבן: אָשוויענטשים וועט שוין ארץ־ישראל נישט פאַרסמען. אדרבא. דאָרט וועט זי ווערן אַ סם ה ח י י ם. ווי דאָס בלוט פון די מיליאָנען טויטע וואָלט אַריינגעפלאָסן אין די אָדערן פון די איבערגעבליבענע, און זיי געגעבן כּוח אויפצולעבן זייער לעבן.

זיץ איך אין דער שאָפערקע נעבן ארץ־ישראלדיקן בריגאַדניק. מיר שמועסן וועגן ארץ־ישראל און פאָרן קיין אָשוויענטשים.

XIII

# זכר לאָשוויענטשים

נישטאָ קיין סך בעלנים צו פאָרן אָנקוקן אָשוויענטשים. ווי קנאַפּ ס'איז דער אינטערעס צום נאָענטן עבר ביי דעם דורכשניטלעכן מענטש. דאָס מערקווירדיקע דערביי איז, וואָס ס'איז נישט קיין א ו מ ו ו י ל ז, וועלכער באַקומט זיך אין סך־הכל, ווי אַן א ו י ס פ י ר פון לאַנגע טראַכטענישן און קווענקלענישן. אין דער אמתן איז לכתחילה גאָרנישט געווען קיין קלער וועגן פאָרן. ס'איז איינפאַך נישט אינעם קרייז פון די וועלענישן, וועלכע וועקן זיך פון מאָל צו מאָל ביי דעם מענטשן. אָשוויענטשים — ס'איז עפּעס אַזוינס ווייטעס, פון דער ז י י ט, וואָס געפינט זיך נישט אויפן שליאַך פון דעם לעבנס־וועג, וווהין עס שפּאַרט זיך דווקא יעדער איינער אויף זיין שטייגער און באַמיט זיך, נישט דורכצולאָזן די פּאַסיקע געלעגנהייט. דער לאַגער איז אַזוי נאָענט, אין עצם: אַ פּאָר צענדליק קילאָמעטער פון קאַטאָוויץ, עטוואָס ווייטער — פון קראָקע, און איז ד אָ ך מחוץ דער פּסיכישער אויפמערקזאַמקייט. איז שווער צו באַנעמען, וואָס דו האָסט דאָ פאַר זיך: צי איז עס דער אינסטינקט, וואָס פאַרטרייבט מיט אַ כיוון יעטוועדן שפּור פון יענעם קאָשמאַר, כדי צו קאָנען וואָס גיכער און וואָס לייכטער אַריינכאַפּן זיך צוריק אין דעם פולסירנדיקן לעבן. אָדער ס'איז זעלישע טעמפּקייט, גייסטיקע אָפּגעשטאַנענקייט, צוליב וועלכע מען האָט נישט אויפגענומען דאָס אָשוויענטשימישע אין אונדזער לעבן, אפילו, לאָמיר זאָגן, ווען עמיצער האָט גראָד געטייטלט דערויף מיטן פינגער.

פאַרנדיק אהערצו איז געווען א פאַרגעפיל, אז הונדערטער קילאָמע-טער ווייט פון דעם לאַגער וועלן שוין מענטשן זיין אַ נ ד ע ר ע, זיך שפירן אַ נ ד ע ר ש, אויפפירן זיך אַ נ ד ע ר ש. רעדן שטילער, גיין פאַמעלעכער, די אויגן אראָפּגעלאָזט צו דער ערד, וועלכע באַוועגט זיך, ווי זי וואָלט שווער געאָטעמט, מחמת אונטער איר דינעם שיכט זענען באַגראָבן האַלב-לעבעדיקע...

איצט דרייסטו זיך איבער די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט און דאָס טומלדיקע לעבן פאַרטויבט און פאַרשרייט די אינערלעכע שטים און טרייבט פון האַרצן אַלע אָבלדיקע שפּירונגען. קוקסט זיך אום אויף די אַלע, וואָס שמייען און האַוועןֹ אַרום, און קאָנסט זיי נישט באַגרייפן: צי דען ווייסן זיי נישט, אַז זיי זענען אַצינד קיילעכיקע יתומים, אָן עלטערן, אָן ברידער און שוועסטער, אָן קרובים, אָן אַ פ אָ ל ק ?

נאָר אין דעם יידישן „קאָמיטעט" דערפילסטו זיך אין אַן אייגענער, היימישער, יידישלעכער סביבה: פליטים פון ווייט און פון נאָענט, פון פוילן און פון „יענער זייט", ציוויל און מיליטעריש געקליידט, יונג און עטוואָס עלטער, מענער, פרויען, פשוטע „יידן פון א גאַנץ יאָר" און „גע-וועזענע" מענטשן פון אינטעליגענטע פראָפעסיעס. דאָ זענען זיי אַלע אין א י י ן י י ד י ש ן לבוש. אַלע פאַרמאָגן זיי די זעלבע טרויעריקע יידישע געזיכטער, און אַלע רעדן זיי די זעלבע שפראַך: פויליש, יידיש, רוסיש, דייטש — ס'איז ביי זיי א י י ן ל ש ו ן פון י י ד י ש ן א ו מ ג ל י ק און פערזענלעכן בראָך. הילפלאָזיקייט איז אין זייער בליק, אין זייער האַלטונג און באַנעמונג. סיי ביי די „קליענטן" און סיי ביי די עסקנים, די קאָמיטעט-מיטגלידער. נישטאָ קיין מחיצה, וואָס טיילט-אָפּ גבאים-פילאַנטראָפּן פון דער „טשעמנער מאַסע", דעם אָרעמען פאָלק. אַלץ איז אויסגעמישט און מ'באַקלאָגט צוזאַמען דעם שותפותדיקן גורל. דאָ זענען גרייליך יאָ פאַראַן בעלנים צוצופאָרן צו אַשוויענטשים. אדרבא, מען בעט זיך, מען זאָל מיטנעמען אַהין. דאָ זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך דעם חשק און טיפערע באַדערפעניש צו גיין אויף קבר-אבות און קבר-בנים; עס זענען אויך דאָ אַזעלכע, וואָס ווילן א קוק-טאָן אויפן אייגענעם נעכטן, וועלכער ברענט נאָך מיט א העליש פייער אין זייער נשמה היינט און נאָכאַנאַנד, יעדע שעה, יעדע רגע.

...יאָגט זיך דער אויטאָ פון דער ארץ־ישראלדיקער יידישער ברייגאַדע צו אָשוויענטשים איבער מיסלאָוויץ און אַנדערע שטעטלעך. אַ פּרעכטיקער שאָסיי, באַבוימערט פון ביידע זייטן. פאַרבייפאָרער און פאַרבייגייער וואָלטן אונדזער אויטאָ אינגאַנצן נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט, ווען נישט דער בריטישער צייכן פון פאָרנט און דער מגן־דוד ביי דער זייט. דאָ, אויף דעם שאָסיי, ווערט מען נישט נתפעל פון רייזנדע. די העכסטע שפּיצן פונעם נאַצישן געזינדל זענען אַהער אַראָפּגעקומען. אין טויזנטער אויטאָס האָט מען אַהער־געבראַכט קרבנות. אין אַ פּאָר ערטער טרעפן מיר זיך צונויף מיט די באַן־רעלסן, וואָס פירן אויך אַהין. די גאַנצע אומגעגנט האָט געוווסט פון דעם לאַגער, וועלכער האָט פאַרנומען אַ שטח פון 40 קוואַדראַט־קילאָמעטער. איבער 5 מיליאָן מענטשן זענען דאָ אומגעבראַכט געוואָרן. טאָג ווי נאַכט האָבן זיך געדרייכערט די קוימענס און די אויוונס האָבן נישט אויפגעהערט צו פאַרברענען מענטשלעכע גופים. דער געשטאַנק פון געבראָטן מענטשלעך לייב האָט אָנגעפילט די גאַנצע אומגעגנט און האָט, ווי מ׳דערציילט, פאַרטריבן פון דאַנען יעדן געפליגל. אויפן בריקל ביים אַריינפאָר אין שטעטל אָשוויענטשים טרעפן מיר גראָד אַ יידישן בחור׳ל מיט אַ גמרא אונטערן אָרעם. ער איז צופעליק אַ געבאָרענער אין... ארץ־ישראל. זיינע עלטערן האָבן זיך אַהער אריבערגעקליבן פאַרן קריג און דאָ געהאַט עפּעס אַ פאַבריקל. זיי האָבן זי ביז היינטיקן טאָג, נאָר אין שותפות מיט פּאָליאַקן. ער איז אדורך די אַלע יאָרן פון פאַרשניטענע לעבנס. ער לערנט זיך אין אַ פּוילישער שול און איז פאַרטיפט אויך אין יידישע לימודים. די עלטערן זענען פרומע. ער זעצט זיך אַריין אין אויטאָ און ווייזט אונדז דעם וועג, וואָס פירט צו די רעשטן פון טויט־לאַגער.

צוערשט קומען מיר צו צו דעם היינטיקן לאַגער פון דייטשע געפאַנגענע. כ׳קאָן זיי בשום אופן נישט פאַרשטיין, אָט־די דייטשן, די אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. ווי קוקן זיי אויף אונדז, וואָס טראַכטן זיי זיך, בעת זיי זעען, אז מיר פאַרקערעווען אַהין, צו די פּאָר קוימענס, וואָס סטאַרטשען נאָך אַרויס אין ווייטן פעלד צווישן דעם המון איבערגעבליבענע באַראַקן? האָבן זיי חרטה, פילן זיי בושה, ברענט אין זיי כעס? גאָרנישט. טעמפּ, שטאַר, בהמיש איז זייער בליק, און ער זאָגט גאָרנישט. גוואַלד, פאַרוואָס זאָגט ער גאָרנישט?!

א פוילישער שנץ פאַרט מיט אונדז איצט צו געבן אויפקלערונגען. ער איז דאָ געווען די גאַנצע צייט און איז באַהאַוונט אין די אַלע פּראָצעדורעס, וואָס פלעגן דאָ דורכגעפירט ווערן. אין זיין שטימע פילט זיך א מענטשלעכער טאָן, פאַראַן מיטגעפיל. מער ווי דאָס. פאַראַן א שפירונג פון שותפותדיקייט. ער דערציילט וועגן דעם, ווי מ'האָט דאָ געפייניקט פאַליאַקן. ער גיט גלייך צו, אַז יידן האָבן דאָ געבילדעט א מערהייט צווישן די קרבנות און אַז לגבי זיי איז געווען מער בעסטיאַליטעט. איבער דער געביידע, ביים אַריינפאָר אין לאַגער טרעפן מיר די רויטע פאָן. שיריים פון די אָקטאָבער-פייערונגען דאָ נישט לאַנג. סאָוועטישע פּאַטרולן זענען דאָ איינקוואַרטירט און געבן-אכטונג. אויף וואָס, אויף וועמען? יעדע ווײַלע הערן זיך שאָסן פון ערגעצוו. צופעליקע? פאַרבלאָנדזשעטע? און אפשר שיסט עס די וואָך אויף איינעם פון די שעדיקער, וואָס דרייען זיך נאָך אַרום אין דער סביבה? פוילישע פאַשיסטן, דייטשע אַגענטן — זיי ווימלען נאָך און לאָזן פון זיך הערן.

איך שטיי אָנגעשפּאַרט אָן דעם שטעכלדיקן דראָט, וואָס ציט זיך ווייטע, ווייטע קילאָמעטערס. אַנומלטן איז ער געווען עלעקטריזירט. יעדער אָנריר האָט באַדייט טויט. מיר איצט דראָט נישט קיין שום געפאַר. דאָ איז דער אויסקוק-טורעם פון אויבן, וו ס'האָבן געטשאַטעוועט טאָג ווי נאַכט די נאַצישע שומרים, עס זאָל חלילה נישט אַנטרונען ווערן א פאַרפייניקטער, נוטה-למותדיקער קרבן, וואָס וויל, כאָטש אין די לעצטע מינוטן, איינזאַפּן אין די קראַנקע לונגען אַביסל פרייע לופט. איצט שטייען מיר דאָ, פרייע, און הערן „מעשהלעך פון אַמאָל". עס זענען נאָך געבליבן הונדערטער באַראַקן, געבליבן חורבות פון די אויוונס, קרעמאַטאָריעס און גאַז-קאַמערן, לאַבאָראַטאָריעס און סקלאַדעס, וועלכע מען האָט נישט באַוויזן צו פאַרניכטן, בעת די משוגע-געוואָרענע נאַציס האָבן געזוכט וועגן, ווי אָפּצומעקן יעדן שפור פון זייערע שענדלעכע מעשים.

איך הער זיך איין אין די אויפקלערונגען. אָבער דער אמת איז: עס בלייבט ערגעץ אינדרויסן, אין דעם פוסטן חלל פון דעם לאַגער. עס קריכט נישט אין מיין מוח. וואָס פאַר א ווערט און באַטרעף האָט דער אָדער יענער פרט, אַז דאָ איז פאַרשוועכט און פאַראומווירדיקט געוואָרן דאָס מ ע נ ט ש ל ע כ ע אין זיין טיפסטן יסוד. דאָ האָט מען דאָך נישט

סתם אומגעבראכט מענטשן. ס׳איז געווען א שיטה. עטלעכע שיטות, וועלכע מען האָט כסדר געהאַלטן אין פאַרבעסערן און פאַר־פולקומען לויט די לעצטע דערפינדונגען פון דער... וויסנשאַפט. דאָ האָבן דאָך געאַרבעט וויסנשאַפטלער, ספּעציאַליסטן אין פאַרשידענע געביטן און מ׳האָט יאָרנלאַנג עקספּערימענטירט איבער מענטשן מיט ברוטאַליטעט און צעיושעטער מאָרד־תאווה, ווי מ׳האָט עס נישט פּראַקטיצירט לגבי חיות. דאָ האָט דאָך אַלץ געקלאַפּט מיט דייטשער פּינקטלעכקייט און גענויאיקייט, עס זאָל אויסגענוצט ווערן אַלץ, אַלץ, וואָס דער מענטש האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט אין זיין לעבן, אויסערלעך און אינערלעך. די פעטס איז גענוצט געוואָרן און איבערגעאַרבעט אין פאַבריקן. די הויט איז אָפּגעשונדן געוואָרן פאַר ספּעציעלע צוועקן. די ציינער האָט מען ביי די טויטע אַרויסגעריסן און די האָר האָט מען אָפּגעגאָלט פון די לעבעדיקע. אין דער נאַרבער־פאַבריק האָבן די רויט־אַרמייער געפונען איבער 700 קילאָגראַם פרויען-האָר, פאַרפּאַקט אין אַן ערך 300 זעק. א סברא, אַז דאָס האָט מען אַראָפּגענומען פון 140 טויזנט פרויען־קעפּ. דאָס האָט מען פאַרווענדט ביי אויסאַרבעטן מאַט־ראַצן, אויף וועלכע לעבעדיקע מענטשן שלאָפן, רוען, און פאַר קאָלדרעס, — כדי עס זאָל וואַרעמער זיין. די טויטע פון אָשוויענטשים דאַרפן וואַ־רעמען די לעבעדיקע אין דער היטלער־וועלט. הונדערטער טאָנען מענטש־לעכע ביינער, גרויסע און קליינע, האָט מען געזאַמלט און עקספּעד־דירט אין די פאַבריקן פון סופּערפאָספאַט, אָדער צוליב קליי פאַר סטאָ־ליאַרעס. אַפילו דעם אַש פון די פאַרברענטע האָט מען נישט אוועקגע־לאָזט אין ניוועץ, נאָר מ׳האָט מיט אים באַמיסטיקט די פעלדער, כדי די תבואה זאָל געראָטן... קליידער און שוכוואַרג זענען סאָר־טירט געוואָרן פאַר האַנדל און מתנות. אַפילו קינדער־וועגע־לעך זענען באַשטעלט געוואָרן ביי אָשוויענטשים. מ׳איז נישט געווען איבערקלייבעריש און דייטשקעס האָבן אין זייערע באַשטעלונגען בפירוש צוגעגעבן, אַז מ׳קאָן שיקן אויך פאַרבלוטיקטע זאַכן. נישקשה, די דייטשן זענען מומחים אויף כעמיע און בלוט קען מען אָפּוואַשן.

צי ווייסט מען טאַקע ווען־עס־איז אָפּוואַשן דאָס בלוט, וואָס איז אין

אַשוויענטשים אָפּגעצאַפּט געוואָרן פון דער מענטשהייט? צי וועט מען באמת באַווייזן אָפּצוואַשן דאָס בלוט, וואָס מ'האָט דאָ אויסגעפּאָמפּעט פון מיליאָנען פון אונדזער יידיש פאָלק?

בלוט, בלוט, בלוט. ווו דו קערסט זיך, ווו דו ווענדסט זיך — שרייט צו דיר דאָס בלוט מיט באַנומענע קולות. בלוט פון כאָרכלדיקע זקנים, פון פאַרקרעציקטע ווייבער און צעשמעטערטע עופהלעך. בלוטיקער פלעק אויפן געוויסן פון דער גאַנצער מענטשהייט, פון גאַרן מענטשלעכן מין פון אַלע דורות.

נידער איך אַראָפּ אויף די צעשטערטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו דער גאַז־קאַמער, טרעפּ, אויף וועלכע עס זענען געגאַנגען מיליאָנען. טרעפּ, וואָס האָבן אויפגעהיט אין זיך דעם טויט־צאַפּל און איינגעזאַפּט אין זיך זייער לעצטן גרוס צו די אייגענע, מען זאָל זיי געדענקען און פאַר זיי נשמה־נעמען. איך שטיי ביי די אויוונס און קאָן נישט תופס זיין, ווי אַזוי האָט מען דאָ פאַרברענט און אומגעבראַכט 24 טויזנט מענטשן אַ טאָג? ווי אַזוי האָבן עס דאָקטוירים געקאָנט אָנשטעקן מיט באַצילן פון קרעבס און טיפוס די אומגליקלעכע קרבנות, צוליב „וויסנשאַפטלעכע צוועקן", סטעריליזירן און קאַסטרירן מענער, באַפּרובפּערן קינסטלעך פרויען און דערביי איינאָרדענען זויף־און־פרעס־בופעטן, כדי צו לאָזן זיך ווילגיין נאָך דער שווערער דערמידנדיקער אַ ר ב ע ט.

אַשוויענטשים! צי ווייס כאָטש איצט די וועלט, וואָס אַשוויענטשים האָט אונדז אַלעמען אָפּגעטאָן? אַז זי האָט אָפּגעמעקט פון אונדז דעם צלם־אלקים און פאַרגאַזט דעם גלויבן אין מענטש? צי ווייס כאָטש דאָס יידי־שע פאָלק, אַז אַשוויענטשים האָט ביי אונדז אַוועקגערויבט דאָס טייערס־טע — דעם חשק צו לעבן, דעם גלויבן אין זיך אַליין, אין דער ערומיקער מענטשהייט, אין דעם נצחון פון די נביאישע אידעאַלן?!

עס שלאָגט מיך אַרום פון די רעיונות אַ קנאַל פון רעוואָלווער דאָ גאָר נאָענט. נאָך אים — אַ צווייטער און אַ דריטער. דאָס שיסן „וויוואַט" מיינע באַגלייטער, געוועזענע אַשוויענטשימער, שפּעטערדיקע פּאַרטיזאַ־נער. ז י י האָט אַשוויענטשים פאָרט נישט אָפּגעטויט. זיי שפּאַצירן דאָ ווי זיגער.

איך עס זיך איין מיטן בליק אין דעם רואינירטן קאַלכאַויוון, ווי איך

וואָלט געוואָלט דערקענען אין דעם פאַרבליבענעם אַש עמיצן פון מיינע חברים פון די שטעט דערנעבן: סאָסנאָוויעץ, בענדין, טשענסטאָכאָוו, צי פון דאָרט ווייט: ראַדאָם, קיעלץ, אָדער וואַרשע. ס'שווינדלט מיר אין קאָפּ. זיי אַלע מאַרשירן דאָ פאַר מיר אין די קרעמאַטאָריעס. זיי אַלע, די חברים, די באַקאַנטע, די יידן פון פוילן. פּלוצים אַוועקגעוואָרפן האַק און פּאַק, געלאָזט דאָס גאַנצע טומלדיקע לעבן, דעם פּאָליטישן געראַנגל, די פּאַר־טייאישע דיסקוסיעס,און זיי אַלע שפּאַנען דאָ אַהער, אין די אוויוונס, פּאַסיוו, גלייכגילטיק, ווי זיי וואָלטן אינעם טויט געזוכט באַפרייאונג, דערלייכטערונג, אויסלייזונג.

ניין, אָט זע איך זי, אַ יידישע אַרטיסטין, איך געדענק זי. איר שטאָלצן קאָפּ, איר שפּילעוודיקן שמייכל. זי וויל זיך נישט אויסטאָן נאַקעט. זי כאַפּט־אַרויס ביים ס.־ס.־מאַן דעם רעוואָלווער און לייגט אַוועק דעם תלין אויפן אָרט. דאָס איז אַ סיגנאַל. ס'חזרט זיך איבער נאָך אַזאַ פאַל און נאָך איינער. נישט קיין סך, אָבער זיי זענען אַן אָנזאָג אויפן ווידער־שטאַנד, אויפן אָפּגעראַטעוועטן ווילן צום לעבן.

איך קוק זיך אום. איך בין אָנגעשפּאַרט אויפן אויטאָ פון דער יידי־שער בריגאַדע פון ארץ־ישראל.

ס'איז זיך גוט אָנצולענען אויף אים, כדי איבערצוקומען דעם קאָפּ־שווינדל.



ביי די צעשטערטע אויוונס
אין אָשוויענטשים.

(זרובבל נעבן דעם אויטאָ פון
דער יידישער בריגאדע)



די קאלך-אויוונס פון אָשוויענטשים.

## XIV

# אויפֿן קאָמוניסטישן צוזאַמענפֿאָר

אדורכגענומען מיט פֿרייד און שטאָלץ צוליב די דערגרייכונגען פֿון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, בין איך געזעסן אין פּרעכטיק־דעקאָרירטן זאַל פֿון קינאָ „ראָמאַ" אין וואַרשע, אַלס ערן־גאַסט צום ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.). די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז זיכער נישט די מערהייטס־פּאַרטיי פֿון פּוילישן פֿאָלק, אויך נישט פֿון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפֿט. אָבער זי איז די פֿ י ר נ ד י ק ע פּאַרטיי. ווייל פּוילן איז באַפֿרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, און ווייל דער וועג פֿון דעם נייעם פּוילן קאָן נישט זיין קיין אַנדערער, ווי די ענגערע אויפֿריכטיקע צוזאַמענאַרבעט מיט דעם מעכטיקן מזרח־שכן — דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. דאָס פֿאַרשטייען ביים היינטיקן טאָג אַפֿילו ביר־גערלעכע פּראָגרעסיווע טוער פֿון פּוילישער עמיגראַציע. דאָס באַגרייפֿן נאָך מער די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן פֿריש אין זכרון די ביטערע דערפֿאַרונג פֿון זייער „אומאָפּהענגיקער" מלוכה, וועמענס פּאָליטיק איז געווען תמיד אויסגערעכנט אויף קריגעריי און קריג מיט דער אַרבעטער־רעפּובליק. די מיליאָנען פֿון פּוילישן פֿאָלק האָבן אויף אייגענעם לייב געלערנט, וואָס עס מיינט כלומרשט נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע „אומאָפּהענ־גיקייט", אויב עס פֿעלט, אַלס איר י ס ו ד, די ס אָ צ י אַ ל ע פֿריי־הייט פֿון די אַרבעטער און פּויערים.

האָט צו מיר טאַקע אויף אָט דער טעמע לאַנג גערעדט דער איצטי־קער פּאָרזיצער פֿון די פּוילישע קלאַסן־פֿאַראיינען, חבר וו י ט אַ ש ע וו־

ס ק י, בעת ער האָט דערמאָנט, ווי אין פאַריז אויפן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגערס פון פראָפפאַראיינען האָט דער ענגלישער סער וו אָ ל ט ע ר ס י ט ר י ן נישט געוואָלט גלייבן דער ציפער פון איבער אַ מיליאָן מיטגלידער אין די פוילישע פאַראיינען. סטייטש, היתכן, ווי געשיקט זיך עס? פ אַ ר דער מלחמה האָבן די פאַראיינען געציילט קנאַפּע דריי הונדערט טויזנט מיטגלידער, און איצט, נאָכן חורבן און אויסמאָרדונג, זאָל גאָר זיין אַזאַ צו-וווקס?! ס'איז מסתמא צוגעבלאָפט און צוגעפּאַרבט. וויטאַשעווסקי האָט געהאַט פאַרדרוס, פאַרוואָס די ענגלישע דעלעגאַציע האָט נישט באַוויזן צו קומען צום נאָך־וואָס אָפּגעהאַלטענעם קאָנגרעס פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן. דאָ וואָלט זי זיך איבערצייגט, אַז אונדזערע ציפערן זענען אמתע, נישט געשוואָלענע. זי וואָלט זיך איבערצייגט, אַז אפילו פאַר דער קורצער צייט זינט דער פאַריזער קאָנפערענץ איז אונדזער מיטגלידערשאַפט־צאָל געשטיגן. דער עיקר, אַז דאָ אויפן אָרט וואָלט סער וואָלטער סיטרין פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן ד י ס י ב ה, פאַרוואָס אונדזערע פראָפפאַראיינען אימפּאָנירן אַצינד דעם אַרבעטער און עס ציט אים צו זיי. דער אַרבעטער איז איצט אין צענטער פון דעם פוילישן מלוכה-אויפבוי. ער האָט באַגריפן זיין ראָל און ווערט. ס'האָט פּאַסירט דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער פוילישער געשיכטע, אַז צום צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער זאָלן קומען אַלס באַגריסער די העכסטע מלוכה־מענער, אָנהייבנדיק מיטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און ביז צו די מיניסטאָרן אויף די פאַראַנטוואָרטלעכסטע שטעלעס. זיי זענען געקומען נישט בלויז מיט פוסטע מליצות פון באַגריסונג, נאָר צו דערקלערן די צילן און אויפגאַבן, וואָס זייער פּאָליטיק האָט אין זינען. זיי זענען געקומען צו קריגן צושטימונג פון דעם אַרבעטער־כלל, ווייל די נייע מלוכה שטיצט זיך אויף אים און ווייס, אַז ער און נאָר ער איז איר באַשיצער.

די פוילישע אַרבעטער־מאַסן הייבן־אָן צו דערקענען זייער אייגענע מאַכט און באַדייטונג, און דעריבער וועקט עס ביי זיי דעם ווילן צו זיין אָנגעגלידערט אָן דעם צענטראַליזירטן כוח. אין די אַלטע צייטן איז די פראָפבאַוועגונג געווען אַ צעברעקלטע אין עטלעכע באַזונדערע און סעפּאַראַטיסטישע לאַנד־צענטראַלעס; היינט־צו־טאָג האָבן מיר א י י ן צ ע נ ט ר אַ ל י ז י ר ט ע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ יע, צו וועלכער עס

געהערן אַלע. אפילו מלוכה־באַאַמטע, דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרן. מיר זע־נען דער דינאַמישער כוח פון דעם נייעם פּוילן.

אויפן קאָנגרעס פון פּ.פּ.ר. האָב איך זיך געקאָנט לייכט איבערציי גן, אַז דער מ ו ח פון אָט דעם אַרבעטער ־ כ ו ח אין פּוילן איז די קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי. צום צוזאַמענפאַר איז געקומען אָפיציעל די פירנדיקע מלוכה־מאַכט. די ציווילע און די מיליטערישע. אָט זענען באַהאַנדלט גע־וואָרן אַלע פּראָבלעמען פון רעקאָנסטרוקציע, פון ווידעראויפבוי און פונאַנ־דערבוי פון דער מלוכה אין אירע אויסגעברייטערטע און נייע ראַמען. און ס'איז ביי קיינעם נישט געווען קיין ברעקל ספק, אַז די פּלענער, וואָס ווערן אָנגעצייכנט ווערן דאָ אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר, וועלן שפּעטער אריין אין קראַפט אין לעבן פון דער מלוכה.

עס האָט מיר אימפּאָנירט נישט נאָר די אָנוועזנהייט פון די מלוכה־מענער. אַ סך מער האָט געיובלט דאָס הארץ, אויפנעמענדיק דעם אינער־לעכן ניגון פון דער ריזיקער מאַסע דעלעגאַטן פון אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, פון דאָרף און שטאָט, פון קוילנגרובן און טעקסטיל־פאַבריקן, פון ים, האַפן און בערג־אַרבעטער. עס זענען געקומען צענדליקער אַרבעטער־דעלעגאַציעס פון די ווייטסטע געגנטן, אייניקע אפילו אין לאָקאַלער כאַראַקטעריסטישער קליידונג, און אַלץ האָט געטראָגן די שבועה פון טרייהייט צום נייעם דע־מאָקראַטישן פּוילן.

עס איז געווען אַ נייע אויסטערלישע שבועה. עס האָט זיך געשפּירט, אַז אויך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי זעט אצינד אַנדערש די אויפריכ־טונג פון פּוילן. יעדנפאַלס זעט זי אַנדערש א י ר ע אייגענע אויפ־גאַבן. דער ריזיקער זאַל איז געווען איינגעטונקט אין רויטס. אָבער איבער דער פּלאַטפאָרמע, ווו עס איז געזעסן דאָס פּרעזידיום און ווו עס זענען אויפגעטרעטן די רעדנער, איז איבער דעם גאַנצן פאַרנעם פון דער מזרח־וואַנט געווען אויסגעהאָנגען די פּוילישע מלוכה־פאָן: ו ו י י ס ־ א מ א־ ר א נ ט. דאָס איז געווען דער גרונט־טאָן. און ערשט איבער דעם ווייס־אַמאַראַנט, האָט זיך אויסגעשפּרייט די רויטע פאָן. מען האָט גערעדט קלאָרע דיבורים: דער פונדאַמענט איז דאָס פ אָ ל ק און אויף אים באַ־זירט דער קלאַס. דער קלאַס בויט דאָס פאָלק. פאַרשוווּנדן דער אַמאָליקער לאָזונג, אַז דער אַרבעטער האָט נ י ש ט קיין פ אָ ט ע ר ל א נ ד. דאָס

איז אמת, אָבער נאָר בנוגע דעם פּאַטערלאַנד, ווו עס הערשט די בור־זשואַזיע. אַזאַ פּאַטערלאַנד איז אַ ש ט י ף ־ פּאַטערלאַנד, וואָס קוקט מיט אַ קרום אויג אויף דער מינדסטער הנחה פאַרן אַרבעטס־מאַן און פאַרגינט אים נישט די קלענסטע הנאה. טאַקע דערפאַר טאָר דער אַר־בעטער נישט זיין גלייכגילטיק צו דער פראַגע וועגן פּאַטערלאַנד. ער טאָר נישט מפקיר זיין זיין גורל דעם קלאַסן־שונא. דער שונא פון אַרבעטער־קלאַס איז אויך דער שונא פון פּ אָ ל ק. יעדע מלחמה האָט פאַרמאָגט דעם לאָזונג: דאָס פּאַטערלאַנד איז אין געפאַר. דורכדעם האָט מען פּאַ־ראַליזירט דעם סאָציאַלן קאַמף פון אַרבעטער. אין דער לעצטער מלחמה האָט דער לאָזונג באַקומען זיין תיקון, און ס'איז אַרויס דער אַלאַרם: דאָס ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע פּאַטערלאַנד איז אין סכנה. דאָס איז געוואָרן אַ נייער לייט־מאָטיוו פאַר דער אַרבעטער־פּאָליטיק. אין פּוילן האָט עס באַנומען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און איר וואָרט־פירער ו י ע ס ל אַ ו ג אָ מ ו ל ק אָ האָט זיך עפנטלעך מודה געווען אויפן צוזאַמענפאָר, אַז די קאָמוניסטן האָבן אַלע פריערדיקע יאָרן נישט דערשאַצט דעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, בעת די פּ. פּ. ס., די פּוילישע סאָציאַליסטן, האָבן אָוועקגעקוקט פון דעם ס אָ צ י אַ ל ן קלאַ ס ן - מאָמענט, טאַקע צוליב איבערגעטריבענער דבקות צו דעם ענין פון נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. דעם פ ע ל ע ר פאַרריכט מען אַצינד אין פּוילן. סיי די קאָמוניסטן און סיי די סאָציאַליסטן. דאָס האָט זיך אַרויסגעפילט דייטלעך אויך אין דער באַגריסונגס־רעדע פון צ י ר אַ נ־ ק י ע וו י ט ש, דעם פאָרשטייער פון פּ.פּ.ס., איינע פון די שטאַרקסטע געשטאַלטן אין דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט.

דער צוזאַמענפאָר האָט געאָטעמט מיט האַס צום אַלטן שליאַכטשי־צישן פּוילן און ס'האָט געברויזט מיט קאַמף־גרייטקייט אויפצוהיטן די נייע מאַכט, דעם נייעם רעזשים. געווען איז עס אַ פראָסטיקער ווינטער־טאָג אין דעצעמבער 1945, אין דרויסן איז געלעגן שניי און פון דער ווייסקייט האָט געשריען צום הימל דער שוואַרצער חורבן פון לאַנד. דאָ אין קאָנגרעס־זאַל איז געווען אַן אָנגעגליטע הייסע אַטמאָספער, ווו איי־נער נאָכן אַנדערן זענען פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, פון מיליטער און פון דער יוגנט, פון דער אַרבעטערשאַפט און פון דער פּויערימשאַפט אַרויף

אויף דער טריבונע און געשיקט זייער וואָרענונג דער רעאַקציע, דער הייר־מישער אין לאַנד, און דער, וואָס האָט זיך פּאַרטייעט ווייט אין לאָנדאָן, אַז די אייזערנע פויסט פון נייעם פּוילן וועט צעשמעטערן אָן רחמנות די אַלע קעפּ פון דער פאַשיסטישער הידרע.

כ׳האָב זיך מאָמענטנווייז געפילט ממש גליקלעך, וואָס כ׳האָב דער־לעבט צו אַזאַ צוזאַמענפאָר אין פּוילן, וו כ׳האָב נישט פאַרגעסן דעם שטיקנדיקן ריח פון „נאַראָ״, פון „אָזאָן״, פון בריסק און קאַרטוז-בערעזע.

אָבער דאָס זענען געווען בלויז קורץ־אָטעמדיקע מאָמענטן. ווידער האָט מיך פאַרפלייצט און אַריינגעדרונגען אין די באַהאַלטנסטע קעמער־לעך פון מיין וועזן דער גיפט פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס לאָזט נישט אַפילו אין איצטיקן פּוילן אויפאָטעמען פריי די געראַטעוועטע ברידער און שוועס־טער, די אויפגעזוכטע על־פּי־נס פאַריתומטע קינדערלעך.

מוז דאָך אויך איצט מיין חבר, וואָס געניסט פון אַזויפיל אַכטונג און סימפּאַטיע פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער פּוילישער מלוכה, אין אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען אַרויסהייבן נישט בלויז די יידנ־פראַגע אין היסטאָרישער פּועלי־ציוניסטישער אויפפאַסונג, נאָר אויך רעדן וועגן דעם, אַז עס ווערט נישט געפירט גענינגנדיק דער קאַמף קעגן אַנטי־סעמיטיזם, הגם דאָס איז דער גיפטיקסטער געווער אין די הענט פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע.

און נאָך עפּעס דריקט מיין געמיט די גאַנצע צייט: פאַרוואָס האָבן נאָך די יידישע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן נישט געלערנט פון דער מלחמה דאָס עלעמענטאַרע, וואָס עס האָבן געלערנט די רעוואָלוציאָנערע אַוואַנגאַרד־עלעמענטן לגבי יעדן אַנדערן פאָלק? פאַרוואָס האָבן זיי אויך איצט, נאָך דעם אומקום פון העכער זעקס מיליאָן יידן, נישט דעם רע־וואָלוציאָנערן מוט צו רעדן הויך און אָפן וועגן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר פאַרגיטיקונג אַלס י ס ו ד פאַרן סאָציאַליסטישן איבערבוי פון יידישן לעבן? פאַרוואָס האָבן זיי נישט דעם מוט, וואָס דער פּאָליאַק גאָמולקאַ, צו שלאָגן זיך עפנטלעך על־חטא פאַר נעגירן דעם אינטערעס אין נאַציאָנאַ־לער איבערגעבורט, וואָס אָן דעם איז נישט געמאָלט קיין אמתע סאָציאַלע גאולה פון מ אַ ס ן ?

צי איז אין דעם נישט פאַראַן די ווירקונג פון אַ ז ע ל ב ס ט ד ע ר־ה אַ ל ט ו נ ג ס ־ אינסטינקט? מען מוז זיך נישט נאָר אָפּזאָגן פון פאַר־

עלטערטע און אָפּגעלעבטע דאָגמעס. דאָס מיינט, אַרויסטראָגן אַליין אָדער מודה זיין זיך, אַז די געשיכטע האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויף זייער קיום. וואָס פאַר אַ זין האָט ביי היינטיקן טאָג „בונד" אין פּוילן? וואָס מיינט יעווסעקציע? וואָס איז זייער פּערספּעקטיוו פאַרן יידישן פ אָ ל ק? קאָן מען דען אויך היינט לייקענען, אַז ס'איז דאָ אַ יידיש פ אָ ל ק אין ד ע ר  ו ו ע ל ט, און אַז ס'איז דאָ נישט בלויז אַ המשכ־דיקייט ביי יידן אין פּוילן, נאָר אויך ביי יידן פון פאַרשידענע דורות, און די זעלבע גורלדיקע געמיינזאַמקייט און פאַרבינדונג צווישן די טיילן פון דער יידישער נאַציע אין איר גאָרער צעזייאונג און צעשפּרייטונג? פאַר־וואָס באַנוגענען זיי זיך נישט מיט דער הילף פון מלוכה, נאָר אַפּעלירן און פאָדערן הילף פון  פ אָ ל ק? אויב דאָס יידישע פאָלק האָט וועלכע עס איז התחייבות פאַר דעם טייל יידן אין פּוילן — טאָ פאַרוואָס זאָל דער יידישער טייל אין פּוילן נישט האָבן קיין אחריות און התחייבות כלפּי די טיילן פון פאָלק אין אַנדערע לענדער, אין דער גאָרער וועלט?

עס איז פאַר מיר געווען באַלזאַם די דערקלערונג פון דעם פּרעזידענט פון דער פּוילישער מלוכה און אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן, אַז באַקעמפנדיק מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט די דערשיינונגען פון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן און שטרעבנדיק צו שאַפן אין לאַנד אַזאַ רע־זשים און לופט, אַז אַ ייד זאָל נישט מורא האָבן צו וווינען דאָרט, פאַר־שטייען זיי אָבער דעם ווילן פון די יידישע מאַסן אויפצוריכטן זייער נאַציאָנאַל לעבן אין זייער פאָטערלאַנד אין ארץ ישראל. זיי וועלן אָט די באַוועגונג שטיצן און העלפן איר רעאַליזירונג. איך ווייס נישט, דעם אמת געזאָגט, צי איז אַזאַ דערקלערונג צום האַרצן די יידן־סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן אין פּוילן. ס'איז אין דעם, אומגערן, פאַראַן אַ פאָרוואורף זיי: פאַרוואָס זענען זיי מפקיר זייער יידיש פאָטערלאַנד? פאַרוואָס ווילן זיי נישט אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר דער אויפריכטונג פון זייער נאַציאָנאַל לעבן, ווי עס טוען עס איצט די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן פון אַלע לענדער און פעלקער?

אָבער דער קאָנגרעס פון די פּוילישע קאָמוניסטן האָט מיר אילוסט־רירט דעם וועג פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וועלכע וויל וואָרצלען אין

די מאַסן און זאַפּט־איין אין זיך דעם לעבנס־זאַפּט פון אַט די מאַסן, זייער געזונטן, נאַטירלעכן באַגער צו גאַנצקייט און פולקייט אין דער מעגלעכקייט פון אויסלעבן זיך נאַציאָנאַל און סאָציאַל.

כ'האָב געוווסט, אַז די רעשטן פון די יידישע  מ א ס ן  גייען אינס־טינקטיוו דעם דאָזיקן וועג. די פּאַרטייען, וואָס ווען פילן די אחריות צו זיין מיט אַט די מאַסן, וועלן גיין דעם זעלבן וועג.

XV

# עס וועבט זיך די נייע לעגענדע

נישט גרויס איז די צאָל מענטשן, אָבער עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אונדזער נ א צ י אָ נ א ל ן אומגליק דורכגעמאַכט פ ע ר־ז ע נ ל ע ך אין געטאָ, אין וואַלד, צי אין לאַגער. זיי זענען אַליין אָפט געראַטעוועט געוואָרן אַלס א ר י ע ר און אַצינד געהערן זיי צו די, וואָס „ריכטן־אויף דאָס נייע יידישע לעבן אין פוילן". על־פי־רוב זענען עס גע־זעלשאַפטלעכע מענטשן. קיין אייגן אינדיווידועל לעבן טרעפסטו נישט תמיד ביי אַלע פון זיי. די גרעסטע צאָל — האָבן אַלעמען פאַרלאָרן, אָנגעוואָרן די נאָענטסטע און טייערסטע; קינדער, פרויען, חברים, פריינט זענען ביי זיי אויף די אויגן אומגעקומען נאָכדעם, ווי מ'האָט חדשים־לאַנג צוזאַמען געקעמפט, געמיינזאַם געליטן און זיך געראַנגלט. שפּעטער איז אויסגעקומען צו ווערגן און שטיקן דעם פרעסנדיקן אומעט, באַקעמפן די אָפּהענטיקייט און זיך ווערן מיט אַלע כוחות קעגן יאוש צוליבן טרויער נאָך די אומפאַרגעסלעכע און אומאָפּגעשיידטע. ס'איז נייטיק געווען צו מאַכן די גרעסטע זעלישע אָנשטרענגונג און מוטיקן אַנדערע, דורך אייגע־נעם ביישפּיל און שפּאָרן זיך צום מאָרגן, פאַרזיכערנדיק, אַז ס'וועט זיין גוט, בעסער. אַזוי האָבן זיי אינדיווידועל אַלץ „אויסגעהאַלטן" און ד ע ר־ל ע ב ט די שעה פון גליק. צי טאַקע ד ע ר ל ע ב ט? הייסט ד אָ ס טאַקע ל ע ב ן, אָדער לאָמיר גאָר זאָגן: ג ל י ק? ! אַליינינטשקער אין דער גרויסער וועלט, אַ גאַנצן טאָג און אָפט ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרטאָן אין קהלשע עסקים, פאַרנומען מיט מענטשן, פאַרטיפט אין פּלע־

נער און חשבונות, באַשעפּטיקט אויף קאָנפערענצן, שמועסן, באַגעגענישן; אָנגעפּאַקט מיט טײַערע יעדע שעה און מינוט, געדיכט, שווער אָנגעלאָדן. רעדסט אַנדערש, סאַליד, געזעצט, אַפילו וועגן דעם, וואָס ס'איז פאָרגע־קומען, וואָס ס'איז געשען מיט ייִדן, מיט אַ ל ע ייִדן, מיט אינטימע פרײַנט. די שטים קלינגט כמעט נאַטירלעך, געוויינלעך, נאָרמאַל. לעבסט אינטענסיוו, גאַנץ, פול, נוצלעך. הייסט ד אָ ס טאַקע געלעבט, ד ע ר־ל ע ב ט ? !

ווי שווידערלעך זענען די מאָמענטן, ווען מ'בלײַבט אינגאַנצן אַליין, אויג אויף אויג מיט זיך, נאַקעט, אויסגעטאָן פון אַלע קאָנוועַנצן, אָנגע־נומענע מנהגים און כּללים, און ס'הייבט־אָן רעדן די אַ נ דע ר ע שטים, די יענזײַטיקע, די אנומלטיקע, פון ד אָ ר ט, פון בונקער, פון לאַגער, פון וואַלד. און דאָס אַ ו י ג איז אויך נישט מער פאַרצויגן מיטן הײַטל פון הײַנטיקייט, נאָר זעט דאָס, וואָס עס האָט נ אָ כ אַ נ אַ נ ד געזען חדשים, וואָכן, שעהן נאָך שעהן, זעט דאָס, וואָס ס'איז פאַרבליבן פאַר־מאַיעט אינעם שוואַרצאַפּל און נישט אָפּגעריסן זיך פון דער אינעווייני־קייט אויף קיין איין רגע; און אויך דאָס אַ ו י ע ר איז אָנגעשפּיצט. און דורך אַלע קלאַנגען און טענער פון אויפגעשטורעמטער איצטיקייט פאַר־נעמט עס יענע שטימען און קולות, וואָס דרינגען דורך לײַב און לעבן אין זייער דינסטן, פאַרבאָרגנסטן געוועב...

ווי שווידערלעך, אָבער ווי אמתדיק זענען אָט די מאָמענטן בײַ די איבערגעבליבענע.

וואָכנלאַנג האָב איך זיך געטראָפן מיט אַזעלכע מענטשן פון י ע נ ע ר צײַט, געשמועסט וועגן לויפנדיקע אַקטועלע ענינים און ווי מיט אַ כּיוון אויסגעמיטן צו באַרירן דאָס סאַמע אינטימע, אַזוי ווי מען וואָלט געהאַט אָפּגערעדט שטומערהייט, אַז וועגן דעם ו ו ע ט מען נ אָ ך שמועסן שפּעטער. ווי מ'וואָלט געוואָלט, אַז איך זאָל אינצווישן צוערשט דורכ־מאַכן אַ געוויסע „הכשרה" אין פּוילן און זיך מער פאַרשטיין אויף זייער שפּראַך.

עס ו ו ע ט זיך שוין מאַכן. מ'עט שמועסן!

און ס'האָט זיך געמאַכט, האַרט פאַר מײַן צוריקפאָרן פון פּוילן. מעג־לעך, אַז אָט דער פ אַ ק ט פון אָפּפאָרן האָט אויך דעצידירט. לענגער

אַפּלייגן קאָן מען נישט. און ר ע ד ן וועגן אַלע יענע מאָמענטן מ ו ז מען. כדי צו פאַרשטיין די, מיט וועלכע דו האָסט יאָרן, אַ לעבן אַ גאַנצעס פאַרבראַכט און פּלוצים זענען זיי און זייער גאַנג געוואָרן דיר אומפאַר־שטענדלעך. כדי צו באַנעמען דאָס, מיט וואָס דו קאַנסט בשום אופן נישט שלום מאַכן. כדי דו זאָלסט זיין געצווונגען צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דער־שיינונגען, וועגן וועלכע דו האָסט גאַנץ באַוווסטזיניק נ י ש ט געוואָלט אַ קלער־טאָן, ווייל ס'האָט געמוזט צעשטערן און אומברענגען עפּעס אַ געדאַנק, אַן איינשטעלונג, אַ פּרינציפּ, מיט וועלכן דו האָסט זיך שוין אַזוי איינגעהיימישט, און אָן דעם וועט ווערן אַביסל פּריקרע, אומבאַקוועם, קשה דאָס לעבן. כדי דו זאָלסט פאַרשטיין דעם טיפערן אמתדיקן אמת פון דער גאָרער איצטיקער טעטיקייט, וועלכע שטימט אפשר נישט מיט דעם, וואָס עס דרינגט ארויס פון דעם איבערגעלעבטן, און דאָך איז דאָ נישטאָ קיין ליגן, קיין פאַלשקייט, נאָר אַ חשק, און אַ מ ו ז צו נעמען די ווירקלעכקייט, ווי זי איז, און ווי זי פורעמט זיך אויס, שוין גאָרנישט אין אַזאַ פאַרטיקן, פון אַמאָל איינגעשטעלטן שאַבלאָן.

זענען מיר געזעסן אַ פּאָר מאָל מיט ד ו ד ג ו ז ש י ק, וועלכן איך האָב נאָך געקענט גוט פון פ אַ ר ן קריג, אַלס דירעקטאָר פון „דזשאָינט", אָבער וועלכער איז אויסגעוואַקסן גריילעך אין די אָקופּאַציע־יאָרן מיטן נייעם העברעאישן פּסעוודאָנים כ פ ת ו ר; צוזאַמען מיט נאָך אייניקע האָט ער געחתמעט די וויכטיקסטע דאָקומענטן, וואָס זענען גע־קומען פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון פּוילן, געשטעלט פאָדערונגען, געמאָנט מאָנונגען און געסטימולירט צום קאַמף און צו אָפּטימיזם, טראָץ אַלעמען און אַלעסדינג. ער האָט אַרויסגעראַטעוועט אין צייט, נאָך פאַרן קריג, אַ זון קיין ארץ־ישראל, דער זון איז ערשט נישט לאַנג געווען ביי אים צום באַזוך אלס בריגאַדניק און געטראָפן דעם טאַטן, וואָס האָט נישט בלויז אויסגעהאַלטן אַלע יאָרן, נאָר געשטיגן און האָט צו פאַרצייכענען אַ צושטייער פאַרן קומענדיקן פּנקס פון דעם נאָענטן יידישן עבר אין פּוילן. מאָוימדיק זענען אונדזערע שמועסן אין אַ רעסטאָראַן ביים קלאַנג פון מוזיק, אפשר אויפגעהייטערטע אַביסל דורך דער עכטער „ווודקא", בעת מיר טראָגן זיך אריבער צו יענער צייט. גוזשיק וויל, חלשט ממש צו באַקענען מיך מער און מער מיט אונזער ש אַ כ נ ע ז א ג א ן, וועל־

כער איז, נאָך צענדליקער יאָרן ברייטער גזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ערשט אין אָט-די יאָרן נתגלה געוואָרן, ווי איינער פון די טייערסטע גע־שטאַלטן פון פוילישן יידנטום. איצט איילן צו מיר דער גראַטעוועטער בונדיסט און קאָמוניסט און ציוניסט צוצוגעבן נאָך אַ שטריך צו דער געשטאַלט פון מיין פריינט, כדי איך זאָל וויסן, ו ו אָ ס ער איז געווען פאַרן כלל, נישט דווקא פאַר חברים און פאַר אייגענע. רעדט צו מיר ג ו ז ש י ק וועגן זאַגאַנען, רינגעלבלום, גיטערמאַן, אָרזשעך, קירשבוים. און כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט ער צו ז י ך, שמועסט מיט ז י ך, נאָר ער זשעני׳רט זיך נישט פון מיין אָנוועזנהייט, ווי איך וואָלט גאָר דערביי נישט געווען. און אפשר פאַרקערט, רעדט ער טאַקע, ו ו י י ל איך בין דאָ דערביי און ער פילט, אַז ער איז מ ח ו י ב מיר איבערצו־געבן דאָס אינטימע, סוביעקטיווע פון די מענטשן, פון די פאַקטן, כ ד י איך זאָל עס איבערגעבן ווייטער, ווי אַ מ ס ו ר ה פון מענטש צו מענטש, פון ייד צו ייד, פון חבר צו חבר, און אַ ל ע, אַלע, י ע ד ע ר א י י־נ ע ר זאָלן עס וויסן, ווי אַ פּערזענלעכן פּריוואַטן אינטימען ס ו ד. אַ געהיימניש, וואָס אַלע דאַרפן זי איינזאַפּן אין זיך און אָפּהיטן דור נאָך דור, תקופה נאָך תקופה. ער רעדט ביטערע רייד, גוזשיק, וועגן דער יידי־שער צוקונפט אין פוילן, הגם זיינע אויגן, וואָס האָבן אַזויפיל געזען, שטראַלן מיט טרערן אין אָטוואָצקער קינדער־היים, בעת עס זינגען די יתומים פון פאַריתומטן פאָלק; ער זוכט קינדער ביי קריסטן און ציט פון יענעם אָפּגרונט פערל נאָך פערל... אונדזער נייער שנירל פערל...

האָט מיט מיר געשמועסט אינטים ג י ט ל ע ר, דער סעקרעטאַר פון „דזשאָינט”, ווען ער האָט מיר שעהן נאָכאַנאַנד דערציילט וועגן נ ת ן ב ו ק ס ב ו י ם אין בערגען־בעלזען. איך האָב ערשט אַצינד זיך דער־ווּסט, אַז נתן האָט דאָרט פיגורירט אַלס „ה ר ב  ט ר אָ ק נ ה י י ם”; ער האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ זייער אינטענסיווע קולטור־אויפקלערערישע טעטיקייט, שוין כלל נישט קיין רבנישע. ער האָט אַליין נישט געוואָלט אָננעמען און נישט דערלאָזט, אַנדערע זאָלן אָננעמען די איינלאַדונג פון דעם פאַרוואַלטער פון בעלזען, וואָס האָט כלומרשט געוואָלט האָבן אַ „דעמאָקראַטישן בייראַט” ביים דורכפירן באַשלוסן, וואָס זענען נוגע די אַלע פאַרהאַלטענע אינעם לאַגער. סיי־ווי וועט דער נאַצי־פאַרוואַלטער טאָן

דאָס זייניקע — צו וואָס זאָלן מיר אים מיטהעלפן צו שאַפן ביי עמיצן די פאַלשע און שעדלעכע אילוזיע, אַז כלומרשט מ י ר פאַרוואַלטן זיך אַליין און אונדזער דעה איז אַ דעה... דער זעלבער נתן בוקסבוים האָט נישט איינמאָל געהאַלטן פּלאָמיקע רעדעס און אויסגענוצט זיין גוט באַקאַנטן פייערדיקן רעדנער-טעמפּעראַמענט, צו פאַרטיידיקן דעם גלייכהייטס-פּרינציפּ ביי פאַרטיילן... קאַרטאָפל אין לאַגער. אָבער אויך וועגן אינטערעסאַנטע געשיכטלעכע תקופות האָט בוקסבוים רעפערירט. ווי ניכטער איז ער געווען, בעת מ'האָט אים, אין אָקטאָבער 1943, אָפּגעקליבן אינעם טראַנספּאָרט „צו דער פ ר י י"; ער האָט זיך, ביי דער צעשיידונג, געזעגנט מיט די חברים און זיי געבעטן, זיי זאָלן געבן צו־ווּיסן וועגן א י ם זיינע נאָענטע חברים אין ארץ־ישראל און אין אַמעריקע, פאָרויספילנדיק, אַז ער ווערט איצט אַוועקגעפירט מיט זיין פרוי און טעכטערל צו דער ענדגילטיקער באַפרייאונג...

זענען ב אַ ש ע און ב ע ר מ אַ ן אומגעגאַנגען איבער די חורבות פון געטאָ, צי איבער ז ש אָ ל י ב אָ ז ש און געשילדערט פאַר מיר דעם גאַנג פון די קאַמפן, האָבנדיק פאַר זיך די אָפענע מאַפּע מיט די פּאָזיציעס פון ביידע קעמפנדיקע מחנות. ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער ס ו ־ ב אַ ל ס ק אַ ־ ג אַ ס, נומער 21, ווו עס איז געווען די לעצטע און בעסט איינגעאָרדנטע „קריאַוווקע" פון פּועלי ציון. מיר האָבן אַרומגעקלעטערט איבערן הויף און נאָכגעקוקט די אַלע גענג און קריך־שטעגעלעך פון דער אויסגעצייכנטער ב אַ ה ע ל ט ע נ י ש, פון וואַנען עס האָבן געמאַכט זייער לעצטן גאַנג די ד ר יי: פאַליע עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו ערליך, וואָס זענען אַרויסגעראַטעוועטע פון געטאָ־אויפשטאַנד, שפּעטער אומגעקומען אין אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד. אַזוי האָט מען מיר געוויזן די דירה פון ע מ נ ו א ל ר י נ ג ע ל ב ל ו ם און געשילדערט די פאַרצווייגטע אומגעהויער-וויכטיקע קולטור-היסטאָרישע טעטיקייט זיינע און פון זיינע מיטאַרבעטער, וואָס דער געשריבענער פּנקס וועגן דעם איז פאַרבליבן באַגראָבן אונטער די חורבות. ער וואַרט נאָך אויפן גואל, וואָס מוז, וויפל עס זאָל נישט קאָסטן, אים אַרויסגראָבן און אויסגעפינען, כדי די אומשאַצבאַרע אוצרות זאָלן פאַרט קריגן זייער תיקון



ביים קבר פון ב. מיכאלעוויטש



זרובבל, בערמאן און ברוק ביי דער
פועלי-ציוניסטישער באהעלטעניש
אויפן זשליאָביאזש (ווארשע)

און דערציילן די קומענדיקע דורות, וואָס יידן, אַלס יידן, האָבן געטאָן און ווי זיי האָבן געלעבט און געשאַפן אַפילו אין היטלעריסטישן געטאָ...

קאָן מען דען אַלץ איבערגעבן אַזוי פשוט, דערציילן, ווי מ'איז זיך נוהג, די וואונדער־מעשיות און העלדנטאַטן פון יחידים, וואָס ס'איז נישטאָ קיין שיעור און קיין אויסדרוק צו דעם געפיל פון גליקזעליקייט, וועלכער באַהערשט דיך, באַשר די הויפּט־פּערסאָנאַזשן פון דער שוין־געשאַפענער און אומגייענדיקער לעגענדע זענען דיינע אייגענע, נאָענטע, היימישע צו־ליב פּאַרטיי, אָדער פּערזענלעכער פריינטשאַפט?

באַשטראַלט מיך מיט זוניקייט די העלע געשטאַלט פון דער בלאָנד־האָריקער און בלוי־אויגיקער חברטע „וואַנדאַ לאַנטשניטשקאַ". כ'זע, דוכט מיר, בחוש, ווי זי טראָגט זיך איבער וואַרשע, פאַרשפּרייט ליטעראַטור, „פּאַפּירן", בריוו, געלט. זי ווייסט נישט, וואָס הייסט געפאַר, און איר איז אומבאַקאַנט דאָס געפיל פון פחד. וואַנדאַ איז די „פאַרבינדערין" צווישן דעם פּועלי ציוניסטישן אונטערערד און אַנדערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס; זי איז פלינק, געשיקט, רירעוודיק און פול אחריות. איך בין איר מקנא, וואָס זי האָט געהאַט דאָס גליק אויסצוזוכן יידישע קינדער און העלפן זיי ווי לאַנג עס האָט זיך געלאָזט. זי פלעגט ברענגען מתנות פאַר די קינ־דער — שפּילצייג, נאַשערייען. אָבער די גרעסטע און שענסטע מתנה איז געווען איר אייגענע איידלקייט און צאַרטקייט, איר לעבעדיקער שמייכל און זינגעוודיקער בליק.

כ'האָב זי געטראָפן אין לאָדזש, ווי דעם ליבלינג פון אונדזער באַראָ־כאָוו־יוגנט. זי האָט איבערגעלעבט דעם אומקום פון איר שוועסטער, דער העלדישער פאָליע, דורכגעמאַכט אַקטיוו דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, אויסגעוויטיקט אין אַ פאַרצווייגענער קרענק אַלע דורכפאַלן און אומגליקן. ווי בין איך געווען דערהויבן דורך וואַנדאַס אויפטריט. סאַראַ שטאָלצער באַוווסטזיין פון אַ יידישקע, וואָס איז איבערגעקומען דאָס געטאָ מיט היטלערן צוזאַמען, סאַראַ ווירדיקע האַלטונג פון אַ יוגנט־טוערין און סאַראַ פלאַמיקער גלויבן פון אַ קעמפערין אין אונדזער אמת, אין דעם נצחון פון אונדזער באַפרייאונגס־אידעאַל!

זע איך נאָך איצטער די פעסטע, כמעט מעכטיקע פיגור פון חברטע סטאַכאַ, ווי זי, אַלס פאַרשטעלטע פויערטע, שפּאַנט איבערן מאַרק פון

ג א ר וו אָ ל י ן, און דער שגץ, וואָס האָט אויך איר געוואָרפן אַ פּריינט־שאַפּטלעך אויג, קאָן זיך נישט אָפּחידושן, הלמאַי זי קויפט־איין אַזויפיל צייטונגען. גיי, קלער אים אויף, אַז זי איז די פאַרבינדערין פאַר די פּאַר־טיזאַנער אין גאַרוואָלינער וואַלד און יענע דאָרט זענען להוט צו וויסן, וואָס הערט זיך אין דער גרויסער וועלט, אויב אַפילו מען מוז עס אויס־זויגן פון בלויז נאַצישע צייטונגען. ווי האָבן זיך די אַלע פּויערים אין גאַרוואָלין, שוין נאָך דער באַפרייאונג, פאַרחידושט, ווען זיי האָבן דער־זען, אַז ז י י ע ר סטאַכאַ האָט זיך באַוויזן אין דער באַגלייטונג פון אַ יי ד, כלל נישט פון אַזאַ העלדישן אויסזען; אין זיי האָט זיך דערוועקט אַ חשד, אַז סטאַכאַ האָט די גאַנצע צייט א ו י ס ב א ה א ל ט ן ביי זיך אַ ז ש י ד ל א ק, אָן דעם מינדסטן פאַרדאַכט, אַז דאָס איז בפירוש איר מ א ן און זי אַליין איז אויך אַ י י ד י ש ק ע. דער יידישער אָפי־ציר פון דער רויטער באַפרייערישער אַרמיי האָט אין צייט באַוויזן צו וואָרענען סטאַכען וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט איר מצד די אויפגע־קאָכטע פּויערים, און ער האָט זי מיט איר מאַן געראַטעוועט, צושטעלנדיק צו זייער דיספּאָזיציע אַ ספּעציעלן אַרמיי־אויטאָ, זיך אָפּצוטראָגן שנעל פונעם שטעטל.

סטאַכאַ באַגיסט זיך מיט טרערן, ווען זי דערציילט וועגן איר עופהלע, וואָס זי האָט געמוזט איבערלאָזן ביי אַ גוטן פריינט, אַ קריסט און אַזוי זיך געשיידט פון אים... שוין העכער אַ יאָר, אַז זי פאָרט פון שטאָט צו שטעטל און שפּירט־נאָך אין כלערליי אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, כדי צו געפינען עפּעס אַ שפּור פון איר קינד. זי קאָן זיך נישט אָפּגעבן דעם פולן גליק מיטן איצט געבוירענעם קינד, ווייל זי שפּירט נאָך די ליפּעלעך און פינגערלעך פון י ע נ ע ם מיידעלע. ס'לעבט נאָך זיכער, אַ מאַמעס האַרץ פילט...

און הינדע קאָן זיך נישט זאַט אָנדערציילן פון דער העלדישקייט פון איר חבר, וואָס האָט מיט זיין אומגעשראָקנקייט איינער אַליין ארויסגע־נומען 300 יידן פון די נאַצישע לאַפּעס און זיי אַוועקגעפירט אין וואַלד. זיי האָבן גענומען נקמה טאָג ווי נאַכט אין דער געגנט פון סטויבץ און מיר. איר חבר איז אומגעקומען פון... אייגענע הענט. ער האָט זיך אָפּ־געזאָגט אָפּצוגעבן זיינע רעוואָלווערן דעם פּאַרטיזאַנער־אָנפירער. אָפּגעבן

געוואָר פּריוויליק בלויז אויף דעם באַפעל פונעם עלטסטן — ניין. אַלס ייד האָט ער קיין איין רגע נישט געוואָלט בלייבן אַן געוואָר. הינדע קאָן זיך נישט באַרואיקן, וואָס איר חבר איז געפאַלן פון אייגענע הענט, אַן אַ שולד. אָבער זי איז שטאָלץ אויף זיין ייִדישער פּאַרטיזאַנישער האַנדלונג. אַזוי האָט ער געמוזט האַנדלען.

הער איך וועגן לעצטע מינוטן פון הלל צייטלין, וואָס האָט געפאָדערט, יידן זאָלן אַקטיוו קעמפן קעגן שונא, שפּרינגען פון צוג, ווייל דער טויט איז זיכער און מ׳דאַרף נישט לאָזן זיך. הער איך וועגן דער קלוגער קלאַרא סעגאַלאָוויטש און וועגן אייזיק סאַמבערג, דעם קרעפטיקסטן אַקטיאַרישן טאַלענט אויף דער פּויליש־ייִדישער בינע, וועגן דער העלדישער חלוצישער יוגנט מיט די ליכטיקע רעוואָלוציאָנערע טיפן פון השומר־הצעיר; דערציילט מיר יצחק ביטנער פון מאָרגנע וועגן חברטע מאַניע קאָרן, וועלכע האָט זיך נישט געוואָלט אויסטאָן נאַקעט און מען האָט זי געשאָסן מיט איר קינד אין איר שויס, און וועגן דער חברטע רייצל אין נוי־סאַנץ, וואָס האָט געהאַלטן די „שלום־רעדע” אינעם ספּעציעל איינגעאָרדנטן פּועלי־ציון־טאָג, שפּייענדיק קלעק אויף די נאַציס און עקזאַלטירנדיק אַלע חברים מיט איר טיפן גלויבן אין דער פולשטענדיקער נאַצישער מפּלה, ווען מ׳וועט פון זיי נקמה נעמען פאַר אַלע זייערע שאַנדטאַטן. דערציילט מען מיר וועגן „בונד”, וועגן קאָמוניסטן, רעכטע פּועלי־ציון.

ניין, ניין, כ׳וויל נישט, בפירוש; ס׳איז מיר דערווידער צו פּאַרצייכענען בלויז מאָמענטן, ווו ס׳האָבן זיך געלייטערט געשטאַלטן פון מיינע פּאַרטיי־חברים און פון מענטשן, וואָס זענען פּאָליטיש און סאָציאַל מיר געווען נאָענטער. כ׳האָב אין פּוילן געשלונגען און זיך פּאַרכלינעט מיט די דערציילונגען וועגן כלערליי ייִדן, וועגן ייִדישע מענטשן, אַבי זיי האָבן אויפגעהיט זייער גייסטיקייט און זענען דערהויבן געוואָרן אין די יסורים, מיטן כוח פון אַ העכערער אידייע. כ׳ווייס, אַז ס׳איז נישט געבליבן אַן רושם אָט־די צייט. ס׳יאָגן מיך נאָך ביז איצט און ביז אַהער בריוו און ידיעות, וועלכע דערווייזן, אַז אויך פּאָליטישע קעגנער האָבן געפונען אין זיך מאָראַלישן כוח צו מאַכן אויספירן, קעגן וועלכע זיי האָבן זיך

געווערט א גאַנץ לעבן. דאָס האָבן געטאָן מענטשן, וואָס זענען געבליבן איינזאַם און זיי האָט זיך געגלוסט צו געפינען א טיפערן געזעלשאַפטלעכן ט ע ם און זין פאַר זייער איצטיקן קיום. צו וואָס? צוליב וועמען? וואָס טוען מענטשן, וועמען עס האָט פאָרט אָפּגעגליקט צו ראַטעווען א קינד, א גאָר נאָענטן יונגערן קרוב? פאַר ז יי, פאַר דער י ו ג נ ט טאָר נישט גיין אין ניוועץ אַזאַ דערפאַרונג פון א גאַנצן פ אָ ל ק.

אין שאָטן פון וואַרשעווער חורבן, ביי דער שקיעה פון דער זון אינעם זשאָליבאָזשער פאַרנאַכט, קעגנאיבער די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, ווו מ'ען האָט טעג און נעכט געוואָלט אויספורעמען מאָדערנע יידישע שקלאַפן און ווו עס האָט זיך געשלייפט דער גייסט פון מרידה און אויפשטאַנד ביי די שוואַכסטע פון שוואַכע, ווייל זיי זענען די גלויביקסטע פון די גלויביקע — האָט זיך געשפינט די נייע יידישע לעגענדע, ווו ס'האָט זיך פאַרלאָרן דער יחידישער סימן, און ס'איז אויפגעגאַנגען דער ניגון פון כלל.

...אז שאַכנע זאַגאַן איז אנומלטן געקומען פון זיינעם א באַזוך ביי אַלבערט איינשטיין אין בערלין, האָט ער זיך כסדר אומגעקערט צו דער שילדערונג פון דעם פאַרנאַכט אין דער וונדערבאַרער וווינונג הינטער בער־לין. אונדזער דעלעגאַציע האָט, ווייזט־אויס, אויסגענומען, ווייל איינשטיין האָט זי מכבד געווען מיט זיינעם א... פידל־קאָנצערט. אָן א רעקל, היי־מיש־אויפגעלייגט, האָט דער גאון פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט גע־שפּילט פאַר דער פועלי־ציון־דעלעגאַציע, מיט וועלכער ער האָט נאָר־וואָס געפירט א לענגערן שמועס וועגן יידנפראַגע, וועגן ראַטנפאַרבאַנד, וועגן דער אויפשטייגנדיקער קולטור...

איך קאָן זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייען פון דעם געשפּענסט, וואָס פאַרפאָלגט מיך זינט חדשים, ווי דער ברייט־פּלייציקער שאַכנע מיט זיין גוטמוטיקן הארציקן מענטשלעכן שמייכל ווערט געשלעפּט, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, צום אומשלאַג־פּלאַץ, כדי פון דאָרט אין די קאַלכ־וואַגאָנען אוועקגעפירט צו ווערן מיט זיינע יידן, וועלכע ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט איבערלאָזן, קיין אָשוויענטשים אָדער טרעבלינקע...

האָט שאַכנע זאַגאַן, פאַרן אויסהויכן די נשמה, נישט געהערט דאָס מערקווירדיקע פידל־שפּילן פון אַלבערט איינשטיין, דעם גאונישן ייד אין דער פאַרהיטלעריזירטער וועלט?!

XVI

# איך פאליאקן פארשטייען

איך האב זיך אין פוילן אפט געטראפן מיט א הויכן רעגירונגס-פאר־שטייער, מיט וועמען מיר האבן זיך געהאט באגעגנט עטלעכע מאל אין ארץ־ישראל. דארט זענען מיר צוזאמען אויפגעטרעטן אויף פאלקס-פאר־זאמלונגען, ווו עס איז גערעדט געווארן וועגן דעם אומקום פון פוילישן יידנטום און וועגן דעם נייעם פוילן. א געוויסע צייט האט זיך מיין באַ־קאנטער געהאט אויסצובאהאלטן צוזאמען מיט נאך א קאלעגע אין א יידישן ארבעטער־קיבוץ. זיי זענען פארפאלגט געווארן אלס פוילישע פאט-ריאטן דורך די אגענטן פון דער לאנדאנער רעגירונג. האבן זיי דערווייל געהאט די געלעגנהייט צו באקענען זיך נענטער מיט דער סביבה פון יידי־שע ארבעטער אין ארץ־ישראל, זען די דאזיקע מענטשן ביי דער ארבעט און אין זייער טאגטעגלעכן אומגאנג. זיי האבן אין אט דער דירעקטער באַרירונג, אין אוממיטלבארן פארקער, באקומען דורך ארץ פארן ייד, אלס מ ע נ ט ש, דווקא אדאנק דעם, וואס ער האט נישט באהאלטן און נישט איינגעשרומפן זיין יידישקייט. זיי האבן דערקענט אויף אן אנשוילעכן אופן די נאטירלעכע מאדערנע יידישע ווירקלעכקייט און ס'איז זיי פארשטענד־לעכער געווארן די שטרעבונג פון די יידישע מאסן צו ארץ־ישראל; זיי האבן אין דעם דערשפירט די אינטימסטע שטרעבונג צו אייגנטימלעכקייט, צו אמתדיקייט, צו זעלבסטשטענדיקייט; נישט צוליב איזאלירן זיך און פארפרעמדן זיך צו דער וועלט. אדרבא, ס'איז דער הייסעסטער פארלאנג אריינצוגלידערן זיך אין דער געזעלשאפטלעכקייט, אבער דורכויס ווי

גלייכוווערטיקע און פּולבאַרעכטיקטע קינדער פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָ־לעקטיוו.

מיר האָבן זיך דערוואָרט דעם גליקלעכן מאָמענט, ווען מיר האָבן די נעכטיקע גלות־פּאַליאַקן געקאַנט באַגריסן אי צו דער באַפרייאונג פון זייער פאָטערלאַנד, אי זיי פּערזענלעך צו דער אַקטיווער געזעלשאַפטלע־כער ראָל, וואָס איז זיי אָנפאַרטרויט געוואָרן פון דער לובלינער רעגירונג פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט, ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַר די רדיפות און נגישות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן מצד די אַנדערס־לייט.

איצט האָבן מיר זיך מיט איינעם פון די באַקאַנטע פּאַליאַקן־פּאַט־ריאָטן געטראָפן אין וואַרשע, און מיין פריינט האָט זיך פאַרשעמט. טיף מענטשלעך פאַרשעמט פאַרן גאַליקן אַנטיסעמיטיזם און זאָאָלאָגישער יידנ־פיינטשאַפט, וואָס האָט געפלייצט אינעם באַפרייטן פּוילן. ער האָט עס עמפּונדן ריין פּערזענלעך, ווי אַ באַליידיקונג און דערנידערונג, וועלכע מ׳קאַן נישט אָפּקומען מיט סקאַרבאָווע אויסריידן און תירוצים. עס שי־פּעט דער אַנטי־יידישער שלאַנגען-גיפט פון אַלע זייטן, אין אַלע שיכטן. ער האָט זיך דאָ אויפן אָרט, אין דער היים, אין זיין נישט־יידישער סביבה איבערצייגט, אַז ס׳איז נישט קיין צופעליקע און פאַריבערגייענדיקע דער־שיינונג. און ער האָט אויפגעשווידערט. נישט מחמת הומאַניזם לגבי יידן. אין אים האָט גערעדט און פּראָטעסטירט דער זעלבסטגעפיל און זעלבסט־באַוווסטזיין פון אַ פּ אָ ל י אַ ק. אַזוי טיף געפאַלן זענען מיר? קאָנען מיר אויך איצט, נאָך היטלערן, נישט באַפרייען זיך פון די ווילדע אַנטי־יידישע טעאָריעס און גובר זיין אין זיך די אַנטיסעמיטישע משוגעת, וואָס האָט אונדז גענערט און געשפּייזט יאָרהונדערטער?

כאַראַקטעריסטיש איז געווען די באַגעגעניש מיט דעם פּוילישן דיכ־טער וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי. אויך ער האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אין ארץ־ישראל. מיר האָבן אים דאָרט אויפגענומען אין קרייז פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן און געזוכט אויף כלערליי וועגן אים לייכטער מאַכן און אַנגענעמער זיינע גלות־טעג. זיי, די פּאַליאַקן, זענען דאָך נאָך אינגאַנצן גרינהאָרנס אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן גלות נישט פאַר יחידים, נאָר פאַר מ אַ ס ן. בעת מיר, יידן, ווייסן יאָ דעם טעם פון זיין אין דער פרעמד. געוויסע יידעלעך האָבן זיך שוין צו־שטאַרק געפלייסט,

אַז די פּאָליאַקן זאָלן זיך אין ארץ-ישראל פילן „ווי אין דער היים". האָבן זיך דעריבער געפּונען גענוג פּאָליאַקן, וואָס זייער חוצפּה איז אַדאַנק דעם געשטיגן. זיי האָבן זיך דערמאָנט די „גוטע צייטן" אין דער „היים" און אַרויס מיט לשון צו די יידן. זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרלייד̈ן דעם יידישן אויפטו און כסדר געבורטשעט: ס'איז אַלץ אונדזער פּויליש האָב און גוטס, וואָס די זשידעס האָבן אַרויסגעפירט פון פּוילן. דאָס האָבן זיי אונדז באַראַבעוועט און מיר ווען זיך אונדזערס נאָך אָפּנעמען. געווען אויך אַזעלכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן אין זייער בלומרשטן ליבעראַליזם געטענהט: אַ, די פּאַלעסטינעזער — דאָס זענען גאָר אַנדערע יידן. ווי קומען צו זיי אונדזערע יידעלעך?! אָט די דאָ אַרבעטן און שאַפן טאַקע. צו ז י י מוז מען האָבן אַכטונג. ס'איז אַפילו אויפגעקומען אַ פּאַרקערטער „מה־יפית". זיי פלעגן חניפהדיק אַריינקוקן די יידן אין די אויגן, די ערשטע אַראָפּ־כאַפּן דעם הוט צום באַגריסן און... ס'האָט געעקלט די פאַלשקייט און צביעות.

געווען אָבער פּאָליאַקן, וואָס האָבן באַנומען די מעטאַמאָרפאָזע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם יידישן טיפּ אַדאַנק די נייע באַדינגונגען און אומשטענדן אין ארץ־ישראל. דערזעלבער פּוילישער ייד. ניי איז די סביבה און דער אָרט לעבן. זיי האָבן אָנערקענט דאָס נייע פּאָזיטיווע און אויס־געשטרעקט אויפריכטיק האַנט און האַרץ צו אונדז. בראַניעווסקי איז גע־ווען צווישן די, וואָס האָבן באַוויזן צו דערקענען דאָס שאַפערישע ארץ־ישראל און אויפגענומען דעם ריטם פון אונדזער מאָדערנער קולטור דאָרט. געקומען צוריק אין נייעם פּוילן, האָט דער דיכטער נאָך שאַרפער דער־פילט דעם ליגן פונעם אַנטיסעמיטיזם, זיין אַנטיקולטורקייט און צעשמע־טערנדיקע אויסווירקונג אויף דעם פּוילישן לעבן גופא.

האָט ער מיך באַגעגנט מיט די ווערטער: איך בין אַזוי דאַנקבאַר די ארץ־ישראלדיקע יידן פאַר זייער וואַרעמקייט און גאַסטפריינטלעכקייט און כ'וועל האַלטן פאַר מיין איניקסטן חוב צו ווערן דער מאָטאָר פאַר יידיש־פּוילישער פאַרשטענדיקונג און דערנענטערונג. כ'רעכן, אַז דאָס וועט זיין דער פאַסיקסטער דאַנק אייער ארץ-ישראל.

ער האָט געמוזט אַליין אָנהייבן דעם ערשטן שמועס מיטן ארץ-ישראלדיקן באַקאַנטן דווקא וועגן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז

איצט דער צענטראַלער ברען־פּונקט פאַרן פּראָגרעסיוון פּאָליאַק, בפרט ווען ער שטייט אויג אויף אויג מיט אַ ייד פון ארץ־ישראל.

די יידן אין פּוילן באַהאַלטן נאָך אַלץ אויס זייער יידישקייט. דורך דעם רעכענען זיי אויסצומיידן דעם אומגליק, וואָס דריקט זיי אויך אַצינד. ממילא איז דער פּראָגרעסיווער פּאָליאַק נישט סטימולירט אַליין צו מאַכן אָט דעם חשבון הנפש. ס׳איז נישט באַקוועם און נישט אַנגענעם. דער ארץ־ישראל־ייד דערשיינט אין זיין פולער יידישער גרויס, אָפן, נישט פאַרשלייערט און נישט צוריקגעהאַלטן. אָביעקטיוו מאָנט ער און פאָדערט אַ דערקלערונג. ער צווינגט צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע לגבי דעם שגעון פון יידן־מערדעריי, וואָס האַלט־אָן אין פּוילן.

דערציילט מיר אַ מעזריטשער ייד, אַז ער האָט זיך אומגעקערט נאָכן מבול, האָט ער געפונען גאַנץ זיין הויז און מעבל און אפילו מלבושים. נאָר דאָס אַלץ איז געווען אין רשות פון זיינע פּוילישע פריינט. ער האָט גלייך דערשמעקט, אַז זיי האָבן אַ קנאַפּע הנאה פון דעם, וואָס ער האָט זיך אומגעקערט. זיי האָבן געהאַט געמאַכט שלום מיטן געדאַנק, אַז ער איז אומגעקומען און זיי האָבן אים געירשנט. זאָל ער מאָנען זיינס? ס׳קאָן זיין, אַז ער וועט עס טאַקע דורכן געריכט אָפּנעמען. האָבן מיר דאָך אַ פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטישע רעגירונג און זי פאַרטיידיקט אַלע באַוואוסטע. אויך די יידן. אָבער ער וועט מוזן בלייבן לעבן מיט אָט די שכנים. זיי וועלן טראָגן האַרץ אויף אים, זיין אָנגעדרודלט, הלמאי ער האָט ב י י ז י י צ ו ג ע נ ו מ ע ן דאָס, וואָס זיי האָבן שוין פאַרמאָגט, נישט וויכטיק אויף וואָסער אופן. איז בעסער, זאָל זיינס אַריבערגיין. ער וועט שווייגן. גענוג, אַז ער האָט דאָס לעבן אָפּגעראַטעוועט. אַ כפרה דאָס פאַרמעגן. שווייגט ער. אָבער דער פּאָליאַק האָט אַ זכרון און ער געדענקט, אַז דאָס אַלץ, וואָס ס׳איז אַצינד אין ז י י ן רשות, האָט גע־הערט דעם ייד. און יעדעס מאָל, ווען ער טרעפט אָן אין גאַס דעם ייד, הייבט אים אָן פּלאָגן זיין געוויסן: פאַרוואָס גיסטו נישט אָפּ דעם ייד ז י י ן בגד, פאַרוואָס גיסטו נישט אָפּ דעם ייד ז י י ן דירה, פאַרוואָס גיסטו נישט אָפּ דעם ייד ז יי ן פאַרמעגן? אַ שלעכטע זאַך מיטן גע־וויסן: מ׳קאָן פון אים נישט פּטור ווערן, כל זמן עמיץ וועקט אים. נישטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי צו באַזייטיקן דעם וועקער, דעם ייד; וועט דאָס

געוויסן זיך באַרואיקן. מ׳מוז אים ערגעץ משלח זיין, דעם אַנטרייבער פונעם געוויסן. שלעכט. וואָס זאָל פאַרט טאָן דער ייד? שרייען און מאַ־נען? טויג נישט. ער וועט ארויסרופן דעם פּאָליאַקס צאָרן. שווייגן, מאַכן זיך תמעוואַטע? טויג ווידער נישט. דער פּאָליאַק וועט טראַכטן: זעסט, סאַראַ אָנשטעל! דער זשידלאַק מאַכט זיך געפּגרט, ווי קיינמאָל גאָר־נישט. אָבער ווי נאָר עס וועט זיך אונטערדרוקן אַ ליאַדע געלעגנהייט, וועט ער ארויס מיט אמתן לשון.

געוויס האָבן די שווערע טעג ארויסגעבראַכט אויף צאָלרייכע פאַקטן פון אמתער מענטשלעכער שיינקייט אין באַציאונג פון פּאָליאַקן צו יידן. ס׳זענען געווען אזעלכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך בפירוש מוסר נפש גע־ווען און געראַטעוועט יידן, ספּעציעל טוער און קעמפער. מ׳דאַרף געדענ־קען, מיט וואָס עס האָט געדראָט דאָס אויסבאַהאַלטן יידן. מ׳מוז האָבן אין זינען, אַז די אַרומיקע סביבה האָט עס נישט געוואָלט דולדן און איז גרייט געווען צו מסרן אייגענע פּאָליאַקן, כדי אָנצולערנען זיי פאַר זייער יידנפריינטלעכקייט. און דאָך זענען געווען פּאָליאַקן, וואָס האָבן נישט דווקא פאַר געלט געראַטעוועט. זיי האָבן מיטגעליטן און מיטגעוויייטיקט דעם יידישן אומגליק און זיי האָבן געוויינט מענטשלעך אויף דעם גורל פון די יידן. אָבער אין סך־הכל זענען עס געווען געציילטע טראָפּנס אין צעבושעוועטן ים פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. רעדסטו מיט יידן פון פאַר־שידענע קרייזן און שיכטן, איז מ י ט אָדער אָ ן באַוואָרענישן הערסטו פון אַלע, אַז 50 און אפשר טאַקע די פולע 75 פּראָצענט פון די יידישע קרבנות אין פּוילן דאַרף מען פאַרשרייבן אויפן חשבון פון די פּאָליאַקן. חלילה, זיי האָבן נישט געדינט דעם דייטש. זיי האָבן עס געטאָן אויס אייגענע מאָטיוון, כדי צו באַפרידיקן זיך אַליין, מיט דער אויסרעכענונג, אַז ווי ס׳זאָל נישט זיין, קאָן מען בינו לבינו פּטור ווערן איינמאָל פאַר אַלע מאָל פון יידן אין פּוילן.

מיט אָט דער יידנפיינטשאַפט האָט געאָטעמט די לופט, און ס׳איז דעריבער גייטיק געווען אַן אומגעהויערער מאָראַלישער כוח אַנטקעגנצו־שטעלן זיך דעם דאָזיקן שטראָם, אַ ל ס פּ אָ ל י אַ ק. כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז די מער פּראָגרעסיווע פּאָליאַקן, וואָס גאַרן מיטן גאַנצן האַרצן די וואָס שנעלערע גייסטיקע און מאָראַלישע רעסטאַווּרירונג און

געזונדונג פון זייער פאָלק, וואָלטן גערן געזען די אויסוואַנדערונג פון די רעשטלעך יידן פון פוילן היינט צו טאָג. מאָרגן, אַז די פאָלקס־פּסיכיק וועט איבערגעאַנדערשט ווערן, וועלן זיי גערן זען יידן אין זייער סביבה און זיין צופרידן מיט זייער מיטאַרבעט. היינט — נישט! היינט שטערן די יידן. היינט טאַרמאָזירן זיי די אַנטוויקלונג, ווייל זייער אַנוועזנהייט, פאַר זיך, ווערט אויסגענוצט פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן, כדי אויפצו־העצן דאָס פ אָ ל ק, דעם דורכשניטלעכן פּאָליאַק, קעגן דעם נייעם רעזשים, וועלכער ווערט פאָרגעשטעלט אַלס י י ד י ש ע ר, על כל פנים אַלס יידנטפרײנטלעכער. היינט מיינט עס אין דער פוילישער פאָלקס־פּסיכיק אַלס אַנטיפּוילישער. אַז מ'מאָרדעט אַ פּאָ־ליאַק, אַ רעגירונגס־טרייען, פאַרדריסט פונדעסטוועגן דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש. אייגן בלוט. קאַטויליש בלוט. אַ שאָד. אפשר אַן עבירה. אָבער אַז מ'שיסט־אונטער יידעלעך, איז מען צופרידן. יידיש בלוט פאַרפּלייצט דעם באַוווסטזיין, פאַרשיכורט. שיכורערהייט קאָן מען שוין מסכים זיין צו טאָן די ווילדסטע מעשים אויף קעגן אייגענע. דאַן קלערט מען נישט איבער. מ'פאָלגט. מ'גייט נאָך בלינד.

איז אין אינטערעס פון נייעם פּוילן, נעמענדיק די איצטיקע פּוילי־שע ווירקלעכקייט ווי זי איז, אַז יידן זאָלן זיך וואָס ווינציקער מישן אין די אַלגעמיינע מלוכה־ענינים, זאָלן בכלל נישט זיין אויף די אויגן. דאַן וואָלטן געשטאַנען פּנים אל פּנים שוואַרץ מיט רויט די פינצטערע אַנטי־פּוילישע רעאַקציע, און די „אומבאַפלעקטע" דעמאָקראַטיע, וואָס טראָגט ליכט און גליק דעם פּוילישן פאָלק. דאַן וואָלט די דעמאָקראַטיע געקאָנט אָנגרייפן, בעת איצט איז זי אין דעפענסיווע און האַלט זיך איין, כדי נישט צו „מחלל זיין" די „געפילן" פון פאָלק. אַ פּאָליטיקער מוז זיך רעכענען מיט אַזעלכע פאָלקס־געפילן, אויב אפילו זיי זענען אים כלל וכלל נישט צום האַרצן. ער וועט זיי מיט דער צייט אויסוואָרצלען. מ י ט ד ע ר צ י י ט, ווען ער וועט געווינען דעם צוטרוי פון פאָלק. אָבער עס איז כמעט ווי אויסגעשלאָסן היינט צו טאָג צו געווינען דעם צוטרוי פון דער פּוילישער פאָלקס־מאַסע, אויב דו חברסט זיך מיט יידן. ווער רעדט נאָך, אַז דו פּועלסט ביי זיך צו פאַרגיסן פּויליש בלוט אַלס שטראָף פאַר פאַרגאָסן יידיש בלוט.

דאָס ווייסן גוט און באַגרייפן יענע יידן, וואָס פאַרהוילן זייער יידיש־קייט; זיי ווילן אדורכשמוגלען זייער לעבן צווישן די פּאָליאַקן. אַ כאַראַק־טעריסטישער פאַל איז געווען אין לאָדזש. מ'האָט דאָרט געשטעלט צום שנעל־געריכט דעם תלין פון לאָדזשער געטאָ, קרעמערן. איז מצד דער מאַכט פאַר אים באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרטיידיקער אַ יידישער אַדוואָקאַט. ס'איז געווען ווילד, אוממפאַרשטענד־לעך, אָבער דער יידישער אַדוואָקאַט האָט די מיסיע אָנגענומען. און אַלס אַדוואָקאַט האָט ער, ווי ווינגווד אין לינעבורגער פּראָצעס קעגן קראַמער פון בערגען־בעלזען, געוואָלט דערפילן זיין אַדוואָקאַטישע שליחות „ערלעך", „געוויסנהאַפט". פאָרערט דער יידישער אַדוואָקאַט, וואָס האָט די געמיינ־הייט צו פאַרטיידיקן דעם געטאָ־תלין, מען זאָל אַרויסרופן צום געריכט אַלס עדות אַ ריי קריסטלעכע פרויען, וועלכע דאַרפן דערווייזן, אַז דער־זעלבער תלין איז געווען אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ, והראיה — ער פלעגט תמיד טיילן צוקערלעך צו קריסטלעכע קינדער, זיי האַלדזן און צערטלען. האָט אָבער דער דאָזיקער יידישער מנוול אָנגעטראָפן אויף אַ יידישן פּראָקוראָר, און יענער האָט גלייך אויפגעדעקט די קאָרטן. ער האָט געשטעמפּלט די מיאוסע שפּיל, וואָס אַ ייד גייט אויסשפּילן אין פּוילן אויף די סטרונעס פון דער אַנטי־יידישער שטימונג. דער פּראָקוראָר האָט נישט מסכים געווען אַרויסצורופן די קריסטלעכע עדות. זיי זענען נישט נייטיק. מ'באַשולדיקט דעם תלין נישט אין אַ שלעכטער באַציאונג צו פּוילישע און קאַטוילישע קינדער, נאָר אין אויס־מאָרדן יידישע קינדער, טאַקע צוליב דעם וואָס זיי זענען יידישע. איז אונדז אין דעם פאַל נישט אינטערעסאַנט צו הערן וועגן זיינע טובות פאַר פּאָליאַקן. דער אַדוואָקאַט, האָט געטענהט דער פּראָ־קוראָר, וויל דאָ אַריינברענגען אַ פּאָליטישן מאָמענט. ער וויל אָנרייצן די פּאָליאַקן, די קאַטאָליקן קעגן געריכט. ער וויל זיי אויפהעצן דורך דעם מאָמענט פון אַנטי־יידישקייט. ער וויל דאָ ברענגען ראיות, כדי צו דערווייזן, אַז דער תליון קרעמער האָט ליב געהאַט פּוילישע קינדער, איז בכלל געווען אַ פריינט פון פּאָליאַקן;

קומט אויס, אז דאָס געריכט גייט פאַרמשפּטן אַ פּ ו י ל י ש ן פּ ר י י נ ט
נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט נ י ש ט ל י ב געהאַט יידן...

דאָס געריכט האָט גריילעך אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט פונעם פּראָ־
קוראָר. אָבער די טאַקטיק, וועלכע ס׳האָט געוואָלט אָנווענדן דער יידישער
פאַררעטער, איז כאַראַקטעריסטיש; זי איז געווען אויסגערעכנט אויף
פסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס מ׳טאָר נישט איגנאָרירן אין היינטיקן פּוילן
אויב מען וויל זיך שטיצן אויף מאַסן. מען מוז פאַרשטיין, פאַרוואָס דער
רעאַקציע גייט ממש אין לעבן צו פירן אַזאַ האַרטנעקיגן אויסראָטונגס־
קאַמף קעגן דעם ביסל יידן אין פּוילן, וועלכע זענען זיכער פון קיין שום
שטאַנדפּונקט נישט קיין געפאַר פאַר דער מלוכה און פאַרן פאָלק. די רע־
אַקציע וואָלט גערן איינגעלאַדן יידן קיין פּוילן, אויב עס זאָל אויספעלן
אַט דער מין, אבי זי זאָל האָבן מיט וואָס צו באַנוצן זיך, כדי אויפצוהעצן
די פּוילישע מאַסע קעגן דעם נייעם רעזשים און קעגן יעטווערן פּראָגרעס.

עס האָט זיך צום וויפלטן מאָל אַרויסגעוויזן, אַז יידנשנאה איז דאָס
בעסטע געווער אין די הענט פון רעאַקציע און פאַשיזם. די נאַצישע הער־
שאַפט און גוואַלטטאַטן האָבן נאָך צוגעגעבן חוצפה די אַלע, וואָס האָבן
פון לאַנג געחלומט וועגן דעמזעלבן, נאָר נישט געוואַגט אַרויסצוטרעטן
אָפן, ווי די גאַרגל־שניידער פון דער טויזנט־יעריקער ציוויליזאַציע און
קולטור. היינט איז אַלץ כשר און ס׳איז נישטאָ קיין אַפּהאַלט־ברעמזע.
אי וואָס? היטלערס מפּלה? מוסאָלינים מפּלה? נישט געפערלעך. דאָס
וואָס ס׳האָט נישט געראָטן איינעם און דעם צווייטן, קאָן גריילעך אָפּ־
גליקן אַ דריטן. די רעאַקציע אין פּוילן איז פאַרביסן נישט דווקא קעגן
יידן. איר גייט אַ סך מער און אין עיקר וועגן דעם פּנים פון פּ ו י ל ן,
פון דער פּוילישער מלוכה, פון די סאָציאַל־פּאָליטישע באַדינגונגען, אין
וועלכע עס וועט זיך דאַרפן פאָרמירן דאָס וייטערדיקע לעבן פונעם פּוילישן
פאָלק. זי גרייפט אָן מיט ווט די יידן, ווייל דאָ איז זי זיכער מיט
דער סימפּאַטיע פון דער דורכשניטלעכער מאַסע. אַ רעגירונג מוז אַרויס־
טרעטן קעגן אַזעלכע כוליגאַנישע איבערפאַלן. יעדע רעגירונג. בפרט אַ ז אַ
רעגירונג, ווי די איצטיקע. וואָס ברוטאַלער דער איבערפאַל, מוז שאַרפער
זיין די רעאַגירונג. איז עס אויף דער האַנט דער רעאַקציע: נאַט און זעט
ווי די רעגירונג איז אויף דער זייט פון די יידן, ווי זי פאַרטיידיקט זיי,

באַשיצט זיי. זי איז אַ זייערע ריקע. דער אויספיר איז אויבן־אויף: גידער מיט אַזאַ רעגירונג, לאָמיר מאָביליזירן אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע פּוילישע כוחות, כדי אַראָפּצוואַרפן דעם יידישן יאָך.

דער ברודער־קאַמף אין פּוילן גופא וועט נישט אויפהערן אַזוי שנעל. עס זענען פאַראַן געגוג דרויסנדיקע פאַקטאָרן, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין אים, ווייל זיי זענען פאַראינטערעסירט, אַז אין פּוילן זאָל הערשן די פאַשיסטישע רעאַקציע; דאָס האָבן זיי אין זינען פּוילנס שכן — דעם ראַטנפאַרבאַנד. אַ רעאַקציאָנערע פּוילן איז פאַר אים אַ שטער. פאַר זיי — אַן איבערגאַנגס־בריקל, אַ שפּרונג־ברעט אָנצוגרייפן אים. עס וועט זיך נאָך גיסן בלוט אין פּוילן. יידן זענען פאַראורטיילט ווידער און ווידער צו זיין דאָס כפּרה־הינדל. זיי זענען אויף לעבן און טויט פאַרבונדן מיטן דעמאָקראַטישן רעזשים. סיי צוליב זייער טובה וועגן. סיי צוליב דער טובה פון פּוילן.

זענען זיי פּאָליטיש מיטן נייעם פּוילן. אָבער זיי ווערן געצוווּנגען אָפּצוטרעטן „געאָגראַפיש", כדי צו ראַטעווען זייער אייגענעם נאַקעטן לעבן. אָביעקטיוו — כדי צו ראַטעווען אין איצטיקן מאָמענט אויך דאָס נייע פּוילן. דאָס איז בשום אופן נישט מאָטיווירט מיטן פּחד פונעם יחיד, הגם רעאַל פּאָלימיקער מוזן אויך אים, אָט דעם יחידישן אינדיווידועלן פּחד, נעמען אין אכט. ער עקזיסטירט און ווערט פאַרשאַרפט מיט יעדן טאָג, מיט יעדן נייעם גידערטרעכטיקן איבערפאַל אויף יידן. אין באַן און אין אויטאָבוס, אין קליין שטעטל און — אָט, אָט — אויך אין דער גרויסער שטאָט.

פונדעסטוועגן מיין איך, אַז דאָ ווירקט אויך דער פּאָזיטיווער מאָמענט, וואָס עס וואַקסט אַלץ מער דער חשק צו פאַרווענדן די אָפּגעראַטעוועטע יידישע ענערגיע אויף אַ מער נוצלעכן אופן אין פאַרן אייגענעם יידישן פאָלק, אין פאַר אַנדערע פעלקער. ווערט די אויפמערקזאַמקייט נאַטירלעכערהייט אַלץ מער געריכטעט אין דער זייט פון ארץ־ישראל. ס'איז נישט וויכטיג, צי יעדער איינער מאַכט אָט דעם חשבון פאַר זיך. עס מאַכט זיך שוין דער חשבון דער אַלגעמיינער; וואָלטן יידן אין פּוילן געציילט, ווי פאַרן קריג, דריי און אַ האַלב מיליאָן, איז עס אַ סאָציאַל־פּאָליטישער כוח, וואָס איז עלול צו דעצידירן און מכריע זיין אינעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן גאַנג אין

די ראַמען פון דער מדינה. דאָן וואָלט דער פּאָזיטיווער נוצן, וואָס זיי ברענגען, מכפר געווען אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויף די קרבנות זייערע. היינט צו טאָג זענען זיי אינעם אינערלעכן געראַנגל בלויז אַ נעגאַטיווער פאַקטאָר. אַפילו ריין צאָלמעסיק. איז פאַר קיין פאַל נישט צו דרינגען, אַז יידן דאַרפן זיך נישט „מישן" אין די אינער־לעכע אָנגעלעגנהייטן פון פוילן. כל זמן זיי זענען אין לאַנד, זענען זיי סיי ווי סיי „אַריינגעמישט", אַפילו ווען זיי זאָלן זיין אינגאַנצן פּאַסיוו און זיך האַלטן אין דער זייט פון פּאָליטישן קאַמף. מען מישט זיי אַריין, ווייל עס לוינט זיך די פאַשיסטן אַריינ-מישן דעם יידישן מאָמענט. איז גלייכער און ווירדיקער, די יידן אין פוילן זאָלן באַוווּסטזיניק אַקטיוו זיך „מישן", כדי מיטצוהעלפן דעם דירעקטן קאַמף קעגן דער רעאַקציע.

ס'איז אָבער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס רייסט אַן אַלץ מער דער ווילן אַריבערצופירן די שלאַכט פון יידן, אַלס יידן, אין אַן אַנדער סאָ־ציאַל־פּאָליטישער סביבה, ווו די רעזולטאַטן און אויסגאַנג פונעם קאַמף וועלן אוממיטלבאַר האָבן אַ השפעה אויף דער ווייטערדיקער געשטאַלטונג פון אייגענעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאַט די געלעגנהייט צוצוקוקן זיך צום יידישן לעבן און אויפטועו אין ארץ־ישראל גראָד אין די יאָרן פון קריג, ווייסן אויסגעצייכנט דעם ווערט פון ארץ־ישראל פאַרן יידישן רענעסאַנס. זייער גלות אין ארץ־ישראל האָט זיי צופעליק געגעבן אַן אָנשווילעכע לעק-ציע וועגן דער שאַפונגס־קראַפט פון יידישן קאָלעקטיוו אין באַדינגונגען, ווו ער טראָגט אַליין די אחריות פאַרן גאַנצן לעבן און ווו ער איז אָנ־געוויזן אויף דער אַנטוויקלונג און אַנטפּלעקונג פון זיינע אייגענע כוחות.

דאָס איז ביי דעמאָקראַטישע פּראָגרעסיווע פּאָליאַקן דער הויפט־מאָטיוו אין זייער פּאָזיטיווער באַציאונג צו יידישער פרייער אויס־וואַנדערונג פון פוילן קיין ארץ־ישראל. נישט מחמת זיי ווילן פּטור ווערן פון יידן ביי זיך, הגם זיי ווייסן, אַז אין דער ווירקלעכקייט וועט דורך דער יידישער עמיגראַציע אַרויסגעריסן ווערן דער היימישער רעאַקציע אַ גאָר וויכטיקער אַרגומענט. זיי ווייסן אָבער, אַז דורך אָט דער אויסוואַנ־דערונג, אויף וויפל זי גייט קיין ארץ־ישראל, קומט אויף אין דער וועלט

א גאָר באַדייטנדיקער שאַפנדיקער פּראָגרעסיווער כוח, דער יידישער כוח אין ארץ־ישראל, און ד ע ר פ א ר זענען זיי פאַר העלפן דעם יידישן אויפבוי אין ארץ־ישראל.

אזוי האָבן אויך געווירקט די ארץ־ישראלדיקע שליחים, סיי די, וואָס זענען געקומען צום החלוץ און צו די פּאַרטייען פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל, סיי די זעלנער פון דער יידישער בריגאַדע, וואָס זענען געקומען זוכן קרובים, טויטע און בעיקר לעבנגעבליבענע אין פּוילן.

נישט ווי צעברוגזטע און צעקריגטע מיט פּ ו י ל ן זאָלן יידן פאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר ווי קינדער, וואָס קערן זיך אום א ה י י ם, כדי צו בויען ז י און ז י ך אין א י ר.

XVII

# אין אַ שנײַ־זאַווערוכע קיין לובלין

כ'האָב נישט אָנגעהויבן חושד צו זײַן, אַז דעם פרימאָרגן וועט נאָך אַרויספאַלן שניי. אָבער ווען מיר זענען קעגן 12 בײַטאָג אַרויס פון וואַר־שעווער „דזשאָינט" און זיך אַרײַנגעזעצט אינעם קליינעם אויטאָ צו פאָרן קיין לובלין, האָט שוין געשאָטן אַ זאַווערוכעדיקער שניי. מיר האָבן עס גלייך דערשפּירט, ווײַל פון בײדע זײַטן אויטאָ האָבן געפעלט שויבן, און כהרף־עין זענען מיר געוואָרן פאַרשאָטן און אויסגענעצט. עס זעט נישט אויס, עס זאָל באַלד אויפהערן. כ'האָב חרטה אויפן גאַנצן עסק: ס'איז פאָלג מיך אַ פאַרגעניגן צו פאָרן אין אַזאַ שנײַ־זאַווערוכע עטלעכע שעה אין אַן אָפענעם אויטאָ. אָבער קיין צוריק איז נישטאָ. אין אָוונט אויף הײַנט איז געמאָלדן מײַן פאָרלעזונג אין לובלין, כ'מוז באַזוכן דאָרט דער־נעבן מ אַ י ד אַ נ ע ק, און אויף מאָרגן באַווייזן אין ל אָ ד ז ש צום פאַרטיי־צוזאַמענפלי. ס'איז אָבער פאָרט נישט קיין שכל צו זײַן שעהן לאַנג אָפגעדעקט פאַרן שניי. האָבן מיר אויפן וועג אין פּ ר אַ ג ע זיך אָפּגעשטעלט בײַ די סקלאַדעס פון „דזשאָינט", און ח' מרדכילעס האָט אונדז מכבד געווען מיט צוויי קאָצן. מיר וויקלען זיך אין זיי אײַן. מען זעט אַרויס נאָר די אויגן. מיר לאָזן זיך מיטן וועג קיין פּילעווע. דער שנײַ־שטורעם האָט זיך צעיאַכמערט; וואָס אַ רגע ווערט ערגער און פּאַס־קודנער. דער שניי איז נאַס און צעקריכט שנעל. דער קאָץ איז געגונג דין, נעצט ער דורך און ס'נעמט מיך שטעכן אַ פּייכטע קעלט. דער שניי שמייסט אין געזיכט, די מאַשין יאָגט געשמאַק, און דאָך, ווען כ'וואָלט זיך נישט

געשעמט פארן שאָפער, וואָלט איך פאָרגעלייגט, מיר זאָלן פארקערעווען צוריק. עפּעס גלייבט זיך מיר נישט, אַז מיר זאָלן קאָנען אָנשפּארן קיין לובלין אפילו ביזן אָוונט, וויבאלד אז מיר פאָרן שוין עטלעכע שעה און מיר פרעגן זיך ערשט דעם וועג קיין גארוואָלין.

עס האָט זיך פונאנדערגעשפּילט דער שניי־שטורעם. כ׳דערמאָן זיך פושקינס: „שטורעם דעקט דעם הימל מיט פינצטערניש, דרייענדיק שניי־איקע כוואַליעס; אָט קלאָגט ער ווי א חיה, אָט וויינט ער ווי א קינד״. עס הערן זיך מיר געוויינען און קולות פון קינדער און פון חיות אויף די וועגן קיין לובלין.

ס׳הייבט־אָן צוצופאלן די נאכט, און כ׳בין שוין מסכים צו פאר־שפּעטיקן די פאָרלעזונג, אבי כ׳זאָל אינדערפרי זיין אין מאידאנעק. דעם אמת געזאָגט, בין איך נישט שטארק פאראינטערעסירט צו באזוכן לובלין. א מאָדנער געפיל האָט מיך ארומגענומען זינט איך בין געווען אין געטאָ ווארשע. נישט כדאי צו זען נ א ך. ס׳איז אומעטום דאָס זעלבע. נאָר אין א קלענערער מאָס, אין מיניאטור. קיין שום בילד פון חורבן קאָן שוין נישט מאכן אויף מיר קיין רושם. ס׳פארדריסט נאָר די אנטטוישונג ביי חברים אין לובלין, ביי דעם ביסל יידן. אָבער איך קאָן זיך נישט העלפן. דער ווייטערדיקער מארשרוט איז פעסט געצייכנט און קאָן נישט געענ־דערט ווערן. ס׳רעדט זיך אזוי: קאָן נישט געענדערט ווערן. אָט איז שוין נאכט און מיר זענען ערשט נישט ווייט פון ר י ק י. דאָרט איז היינט געווען א מארק־טאָג — פאָרן איצט וועגענער פון מארק צוריק אַהיים. א סך וועגענער. יעדע רגע מוז מען איבערוואַרטן און דורכלאָזן עמיצן. פאַ־ראַן, הפּנים, שיכורע באַלעגאָלעס; קריכן זיי בכיוון דווקא אויפן אויטאָ און יעדע רגע ברעכט־אויס א געקריגעריי. דער שניי שיט און שיט. מ׳האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט פון אויטאָ, טאנצן די שנייעלעך פון פאָרנט און פארשטעלן לגמרי דעם וועג. קוים וואָס מ׳זעט א פּאָר טריט פאר זיך. מוז מען פאָרן לאנגזאם. די קאָצן זענען שוין לאנג פּיטש־נאס און ס׳איז אומ־מעגלעך מיט זיי זיך צו באנוצן. דער ווינט האָט זיך צעהוליעט און מיר וויסן נישט, ווי זיך קעגן אים צו שיצן און ווערן.

פּלוצים — סטאָפּ. עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין דער מאשין. מען מייסטרעוועט אַהין, אַהער, און מ׳פאָרט ציטערדיק נאָך א שטיקל וועג. אין

הארצן האָט זיך שוין אריינגעגנבעט אַ ספק. אַלץ איז פאַרשאָטן, אָנגע־הויפּט שניי־בערג און בערגלעך, וואָס ס׳ווערט אַלץ שווערער זיי דורכצו־קריכן. דער מאָטאָר לאָזט ארויס אַ משונהדיקן קרעכץ און בלייבט אָנט־שווייגן. פּרובירט מען ווידעראַמאָל אויסזוכן פאַר אים אַ תיקון, ביז ביידע שאָפערן פּסקענען: האַדיע. דער מאָטאָר פונקציאָנירט נישט, כאָטש בלייב נעכטיקן אין מיטן וואַלד.

ס׳גוט צו זאָגן: נעכטיקן אין וואַלד. ערשטנס איז פּשוט קאַלט. און ס׳איז אויך אומהיימלעך. פון דער זייט דאָ דערנעבן ווינקט אַ פייערל, ווי פון אַ הויכער געביידע. אַ סימן, אַז מיר זענען נאָענט צו אַ ישוב. זיי אַ נביא און טרעף, אַ וואָסער ישוב דאָס איז. צי מעג מען אהין צוגיין? ווער וווינט דאָרט? ס׳איז לובלינער געגנט. דער צענטער פון רויבערישע באַנ־דעס. ס׳האָט שוין פּאַסירט און פּאַסירט. ס׳ווילט זיך גאָרנישט הערן די מעשיות, וועלכע האָבן פּאַסירט. אָבער יעדער איינער פון אונדז ווייסט זיי אויף אויסנווייניק. בלית־ברירה בלייבן מיר שטיין און וואַרטן. אויף וואָס? אויף וועמען? אפשר וועט פאַרבייפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ, צי אַ טאַקסי, וועלן מיר זיך אָנטשעפּען און נאָכשלעפּן ביז אַ גרעסערן ישוב. טראָגט זיך פאַרביי אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ, אָבער ער קימערט זיך נישט וועגן אונדזערע צייכנס און ער איז שוין העט פ אַ ר אונדז. אויך אַ טאַקסי יאָגט פאַרביי שנעל. זיי האָבן מסתמא מורא זיך אָפּצושטעלן, זיי טרויען אונדז נישט: טאָמער וויל מען זיי פאַרנאַרן?! מיר זענען אַליין ביים ברעג פון וואַלד, נישט ווייט פון אַ פייערל. זאָלן מיר פּרובירן אהין צו־גיין? זאָל גיין אַ שליח? ניין, איינעם וועלן מיר נישט שיקן. זאָלן צוויי גיין און צוויי וועלן בלייבן.

איך בין אינגאַנצן דורכגעפראָרן. ס׳איז מיר קאַלט און עס שטעכט אין די שפּיצן גלידער. טאַנץ איך, מאַך הקפות אַרום דעם אויטאָ און וואַ־רעם זיך אַביסל פונאַנדער. קוק אַלץ אהין, צום פייערל. פאַרוואָס דויערט עס ביי די שליחים אַזוי לאַנג? צי האָט זיי נישט פּאַסירט עטוואָס? אַ גאַנץ נאַרישע אומבאַקוועמע לאַגע. קיינער וועט נישט וויסן, ווו אונדזער געביין איז אהינגעקומען. אין וואַרשע איז מען זיכער, אַז מיר זענען שוין לאַנג אין לובלין. אין לובלין וואַרט מען אויף אונדז. וועט זיך ארויסווייזן,

אַז ערגעץ אין מיטן וועג זענען מיר אומגעקומען. ווען וועט עס זיך אַרויסווייזן?

ביז וואָס־ווען איז קאַלט, און דער הונגער איז אויך נישט קיין פּוי־לאַק. אָבער ס׳איז שיין אַרום. אַ ווייסע וועלט. ווייס און ווייס. אין מיטן רוקט זיך ווער. זענען עס סילועטן פון ביימער? און אפשר רוקן עס זיך יענע חברה־לייט פון דער געגנט. ווי לאַנגזאַם זיי רוקן זיך. זיי האָבן צייט.

יאָ, דאָס גייען, ווייזט אויס, אונדזערע. נישט צוויי; נאָר דריי. פיר. מיט וואָס קומען זיי? מיר האָבן גוט אָפּגעשניטן. דאָס הויז נישט ווייט איז אַ דאָרפס־שול. דאָס פייערל איז פון אַ קליין נאַפט־לעמפּל, וואָס ברענט אין לערערס הויז. אין דער שטאָק־פינצטערניש איז דער איינדרוק פונעם ליכט שטאַרקער. נישטאָ, נאַטירלעך, קיין אַנדערע ברירה, ווי בלייבן דאָ איבערנעכטיקן, און דעם אויטאָ אַוועקשלעפּן עטוואָס אין אַ זייט פון שאָסיי. מיר טרעטן טיף אין שניי, שטרויכלען און האַלטן זיך קוים איין אויף די פיס. פון הינטער אַ שווערן פּרענט עפנט זיך די טיר אין גרויסן פּאָדער־הויז און פון דאָרטן פירט מען אונדז אַריין דורך דער קיך אינעם וווין־צימער. דאָס קליינע פייערל קלעקט קוים אויף צו באַלייכטן דעם רי־זיקן צימער. אויפן בעט, איינגעהילט אין שמאַטעס, זיצט אַ יונגע קריסטין מיט אַן עופּהלע אויפן שויס. דער קאַכליע־אויוון איז כמעט אָפּגעקילט און פאַרהאָנגען מיט וויקעלעך. דלות פייפט פון אַלע ווינקעלעך. אַ קליין שיקסל באַדינט. ס׳איז אירס, הפּנים, די קליינע סאָפּקע. וואָס וועט מען טאָן מיט אונדז פיר? זיי האָבן זיך שוין מיישב געווען. פאַר מיר שלעפּט מען אַריין פון שכן אַ מאַטראַץ, און פאַר מיינע באַגלייטער ברענגט מען היי און שטרוי. מ׳וועט זיך צוטוליען איינער צום צווייטן, וועט זיין וואַרעמער. די קאָצן טרוקענען זיך אויף דעם אָפּגעקילטן אויוון. קיין עסן איז נישטאָ. זוך איך אויס אַביסל טיי־עסענץ, אַ פּאָר שניטקעס, מ׳שלעפּט־צונויף פון אַנדערע קלומיקעס. דערלאַנגט אונדז די באַלעבאָסטע קאָכיק וואַסער. צו־קער איז נישטאָ. די לערערס אין נייעם פּוילן האָבן דערווייל בלויז קו־פּאָנעס אויף צוקער. די באַפעלקערונג איז נישט שוה־בשוה מיט די לע־רערס, זי טרויט זיי נישט, מחמת זייער ראַדיקאַליזם. דער לערער־פּאַרוואַל־טער איז צו אונדז צוגעלאָזן. ער איז גענוג געפּייניקט געוואָרן דורך די דייטשן, דורכגעמאַכט טורמע און לאַגער. מען ברענגט נישט אויף די ליפּן

דאָס וואָרט  יי ד,  אָבער איך גיב אַנצוהערעניש, אַז איך קום פון פּאַ־
לעסטינע. ציען זיך שילדערונגען און תּרעומות אויפן לעבן, אויף די מענ־
טשן און אויף דער לאַגע. דאָס קינד איז אַ שטילס און די עלטערן לויבן
עס; דאָס גרעסערע יינגל פּירט זיך אויך אויף זייער קאָרעקט. דער זייגער
איז נאָך ניין. אין דאָרף איז עס שוין זייער שפּעט. דער שכן, אין צווייטן
העלפט הויז, אויך אַ לערער, האָט צו זיך נישט פאַרבעטן די אורחים. ער
האָט בלויז דעם מאַטראַץ פאַר מיר מנדב געווען. מ׳דרייט־איין דעם קנויט
און דאָס ליכט הייבט זיך אָן איינצושרומפּן, לויפט־אַוועק פון די ווינקע־
לעך אַלץ נענטער און נענטער צום צענטער, ביז ס׳ווערט פינצטער אינ־
גאַנצן. די פאַמיליע שלאָפט אין די צוויי בשכנותדיקע בעטן. דערמאָנט זיך
מיר, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, אברהם רייזענס „אַ געזינט זאַלבע
אַכט און בעטן נאָר צוויי, און ס׳קומט־אָן די נאַכט — ווו שלאָפן דאָן זיי.
דריי מיטן טאַטן, דריי מיט דער מאַמען, הענטלעך און פיסלעך געפלאָכטן
צוזאַמען".

איך ליג ווי אַ פּריץ אינעם אָנטאָן אויפן מאַטראַץ, אָן שום לייִלעך,
און דעק זיך צו מיט מיין מאַנטל. כ׳ליג לאַנגע שעהן מיט אָפענע אויגן.
דורכגעמאַכט איבער 130 קילאָמעטער פון וואַרשע. מיר האָבן נאָך אַ 30
קילאָמעטער. נישט געוואָלט פאָרן מיט דער באַן, מחמת די שויבן זענען
אויסגעהאַקט און די וואַגאָנען — אומבאַהייצט. האָב איך געזאָלט האָבן
אַ נייעם פּאַסאַזשיר־אויטאָ, אָדער גאָר אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ. ס׳איז נישט
איינגעפאַלן, אַז מ׳וועט זיך אין לעצטן מאָמענט אַרויסלאָזן, ווינטער, אין
אַזאַ ווייטן וועג מיט אַזאַ עובר־בטלדיקן טאַקסי, וואָס איז נאָך דערצו
אָפן פאָרן ווינט און שניי. לובלין איז שוין דערליידיקט. כ׳זאָל נאָר נישט
האָבן דעם זעלבן אָפּשניט מיט מאַידאַנעק. און ווען באַווייז איך קיין
לאָדזש? אָבער דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז: ווי קריכט מען אַרויס פון
דאַנען? צי ווען מיר האָבן אַ פאַרבינדונג?

אינדערפרי האָט די באַלעבאָסטע געמאַכט פאַר אונדז אַ ספּעציעל
מאכל, וועלכן קיינער פון אונדז האָט נישט געקאָנט פאַרדייען. אַ סברא,
אַז די באַלעבאַטים זענען אויך מיט  א ו נ ד ז  נישט געווען זיכער. זיי
האָבן שוין געהאַט כל־המינים  ג ע ס ט,  פון וועלכע מען איז אַרויס
בשן ועין. קיין באַצאָלט פאַרן נאַכטלעגער וויל די באַלעבאָסטע נישט נע-

מען. ס'איז פאר איר א באליידיקונג. ס'איז נישט קיין האָטעל און מיר אלע זענען דאָך מענטשן. מיט יעדן קאָן אַזוינס פּאַסירן. קוים איר איינגע־רעדט, זי זאָל נעמען א מתנה פאַרן קינד.

מיר זעגענען זיך מיט די שאָפערס און דינגען א פור קיין קוראָוו. דער שניי האָט א גאנצע נאַכט געשאָטן. איצט זעען מיר, אז די שול־געביידע איז ווייט פון דאָרף, און ס'האָט אונדז אָפּגעגאָלטן, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן איר. דער פייער דערציילט כלערליי געשיכטן וועגן איבערפאַלן אין דער געגנט. מיר האָבן צו בענטשן גומל. ערשט אין קוראָוו זעען מיר, פון וואָס מיר זענען ניצול געוואָרן דווקא אדאַנק דעם קאַליע־געוואָרענעם מאָטאָר. צענדליקער גרויסע און קליינע אויטאָס זענען דאָ געבליבן שטעקן צוליב די הורבעס אָנגעשאָטענעם שניי. א סך ליגן איבערגעקערטע, ווייל זיי זענען אַראָפּ פון דרך הישר און זיך איבערגע־קולעט. דער שניי־שטורעם האָט נישט געלאָזט זען דעם וועג. אין אָפענעם פעלד האָט דער ווינט אין איין אָרט אָפּגעפּוצט די ערד, גלאַט, אָן א שפּרענקעלע, און אין צווייטן אָנגעבלאָזן א באַרג א גאַנצן. קאָן דער אוי־טאָ נישט אדורכפאָרן. בלייבט איינער שטעקן, בלייבן שוין הינטער אים נאָך צענדליקער און דער גאַנצער וועג איז פאַרשפּאַרט. פון ביידע זייטן. נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן. עס פאָרן־פאַרביי סאָוויעטישע מיליטערי־שע לאַסט־אויטאָס, א גאַנצער עשאַלאָן. לויף איך אַנטקעגן און שריי אַריין צום שאָפער: „טאָוואַרישטש, חבר! העלף־אַרויס. איך האָב א געזעלשאַפט־לעכע שליחות אין לובלין און מיין מאַשין איז מיר קאַליע געוואָרן. פיר מיך צו, ביז לובלין". איינער הערט מיך אויס און הייסט מיר קריכן אויבן. ס'איז גליטשיק, און ער פאָרט שוין ווייטער. כ'באַוויז נישט אַרויפצו־כאַפּן זיך. לויף איך נאָך און גוואַלדעווע: חבר, חבר, שטיי, האַלט א רגע! דערביי מוז איך אכטונג געבן, איך זאָל זיך נישט אויסציען איבערן גלי־טשיקן וועג. דער שאָפער האָט א קוק־געטאָן אויף צוריק און איינגעהאַלטן דעם אויטאָ ביז מיר זענען מיט מיין טרייען באַגלייטער איבער די וועגן פון פוילישן חורבן, חבר פריץ, אַרויף גאָר אויבן און זיך איינגעאָרדנט צווישן די אָנגעהויפטע חלקים פון מאַשינען און זעק מיט מכשירים. א חבר פון לאָדזשער נאָדל־פאַראיין, איז פריץ געגאַנגען מיטן פוילישן מי־ליטער אין דעם קריג, אַריין אין דייטשלאַנד מיט דער רויטער אַרמיי ביז צו בערלין. פאַרהאַרטעוועט אין שווערע מאַרשן, ווערט ער איצט ווינציק נתפּעל

פון שניי־שטורעם, נאָר קימערט זיך וועגן מיר. מיין האַרבסט־מאַנטל איז ווינטער־צייט אפשר צו וואַרעם פאַר ארץ־ישראל, אָבער אין דעם שטעכיקן פראָסט אין פּוילן, בפרט אויבן, אויף מיין הויכן טראָן, אַרויסגעשטעלט אָפן צום ווינט און שניי, איז ער אַ קנאַפּער באַשיצער. וויקלט מיך פריץ איין איןביידע קאָצן. פאַר אים איז געגנוג זיין שינעל. איך בין אָנגע־שפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן דעם טורעם פון אויטאָ, און פריץ זיצט מיטן פּנים פאָרויס. איז ער מיין אַ ו י ג און „ראַדיאָ־ספּיקער", וואָס ראַ־פּאָרטירט מיר כסדר די לאַגע אויפן פראָנט. יאָ, ס׳איז פראָנט, די קרבנות ליגן אויסגעשפּרייט איבערן וועג, הונדערטער אויטאָמאָבילן אין פאַרשוי־דענע פּאָזעס שטערן זיך צו באַוועגן. אָבער אונדזער שאָפער איז אַ חברה־מאַן. ער רוט נישט און שפּאַרט מיט זעלטענעם אימפּעט פאָרויס. יעדע רגע שפּרינגט ער אַרויס פון זיין שאָפערקע מיט אַ לאָפּעטע, אַ האַק, אַ רודער און אַ פּאָר אין אַ זייט, מיידט־אויס די, וואָס שטעקן, און ער איז כסדר פון פאָרנט. אַזעלכע חברה־לייט האָבן עס געמאַכט דעם סאָוועטישן זיג. ריקזיכטלאָז, אונטערנעמעריש, געוואַגט, שטעלן־איין אַלץ, אַבי נישט וואַרטן. די פּיס גליווערן, דער ווינט שמייסט שניי־כוואַליעס אין פּנים, און איך קוק בלויז נאָך די וועג־צייכנס, ווו האַלטן מיר און וויפל איז נאָך געבליבן?

מיר פאָרן־דורך קוראָוו. מיט יאָרן צוריק האָב איך דאָ געהאַט אַ רע־פעראַט פרייטיק־צו־נאַכטס. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען, און איין חברטע קלערט מיר אויף, אַז עס דערוואַרט זי אַ שוואַרץ־שבת. מען וועט זי שלעפּן פאַר די האָר און מען וועט זי שלאָגן, הלמאי זי איז געגאַנגען מיך הערן. זי האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן. קוק איך איצט פון אויבערשטן זיץ מיינעם און וויל דערזען די חברטע: צי איז זי נאָך געבליבן דאָ מיט די פאַנאַטישע עלטערן, אָדער האָט מען זיי אַלעמען אַוועקגעשלעפּט דאָ דערנעבן, אין מאַידאַנעק? נישט צו דערקענען קיין סימן פון יידן אין אָט־די אַלע דערפער און שטעטלעך פון לובלינער געגנט, ווו ס׳האָט גערוישט און געברויזט יידיש לעבן הונדערטער יאָרן.

אונדזער חברהמאַנישער רויטאַרמעאישער שאָפער איז אַ מאַדים און קריכט פאָרויס. פונדעסטוועגן איז שוין נאָענט צו 2, ווען מיר שניידן זיך אַריין אין דער אומגעגנט פון לובלין, נעבן דעם גרויסן גאָרטן, ווו כ׳האָב

אַזוי ליב געהאַט צו שפּאַצירן ביי מיין יעדן באַזוך דאָ. דער שניי־שטורעם האָט אויך דאָ געלאָזט קענטיקע שפּורן, אָבער דאָ זענען מאָביליזירט הונ־דערטער מענטשן, וואָס רייניקן די גאַסן און רוימען־אַוועק דעם שניי. מיר פאָרן אין אַ דראָזשקע צום יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט. איך גיי נאָר אַריין, וואַרפט זיך אויף מיר אַרויף סרולטשע קופּער פון כעלם. היינט איז ער דאָ דער כל־ולך, איינער פון די אַקטיווסטע קאָמיטעט־טוער. מען האָט אויף מיר געוואַרט נעכטן, געזאָלט זיין אַ פאָרלעזונג. נישט פאַרשטאַנען, וואָס ס'האָט געטראָפן. מוז מען גלייך מעלדן וועגן היינט ביינאַכט. חלילה. איך בלייב נישט. אויף מאָרגן מוז איך זיין אין לאָדזש. וואָסזשע וועט זיין מיט לובלין? מען וועט אונדז נישט מוחל זיין. אָבער איר וועט דאָך סיי־ווי נישט באַווייזן צוצוגרייטן. וואָס הייסט, נישט באַווייזן? אין משך פון צוויי שעה ווייס די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. געגוג אַרויסצולאָזן דעם קלאַנג, אַז איר זענט דאָ. באַשטעלט מען אויף 5, ווען מיר וועלן צו־ריקקומען פון מאַידאַנעק.

עס קלייבן זיך דערווייל אַרום מיר פּאַרטיי־חברים פון לובלין, פון כעלם. חברים פון השומר הצעיר. יידישע קאָמוניסטן (פּ.פּ.ר.). ס'גייען טעלעפאָנישע געשפּרעכן מיט דער וואָיעוואָדסטווע וועגן שיקן אַ פּאַטרול־באַגלייטונג קיין מאַידאַנעק. אַנדערש פאָרט מען נישט אַהין. בפרט, אַז היינטיקע נאַכט האָט מען דאָרט אונטערגעצונדן איינעם פון די איבערגע־בליבענע באַראַקן. כ'וואַש זיך קוים אַרום, כאַפּ־אַריין אַ ביים און מיר לאָזן זיך מיט צוויי שליטעלעך קיין מאַידאַנעק. עס זענען פאַראַן מיט־פאָרער. אַ יידישער פּאַרטשניק, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק, דער ערשטער אַריין אין בערלין און פאַרצייכענען זיין נאָמען אויפן געוועזענעם רייכס־טאַג, אַז ער, דער יידישער שלאַכטמאַן, פייערט דעם נצחון איבערן נאַ־ציזם. ער האָט קרובים אין ארץ־ישראל, וויל ער זיי גריסן. ווער האָט עס נישט קרובים אין ארץ־ישראל, און ווער וויל עס נישט גריסן? די חברטע פון כעלם זעט אויס, ווי אַן אמתע שיקסע. ד אָ ס האָט זי געראַטעוועט. אָבער אירע עלטערן האָבן אַזוי נישט אויסגעזען, און זיי זענען געבליבן דאָרט, אין מאַידאַנעק. וויל זי מיטפאָרן, זייער אָנדענק איבערגעבן אַ גרוס, אַז זי, זייער טאָכטער, לעבט און ו ו ע ט לעבן אויס נקמה פאַר זייער טויט.

מ׳שמועסט הויך, מ׳לאכט. יאָ, מ׳לאכט אַ הויך געלעכטער און מ׳וויצלט זיך אויפן וועג קיין מאַידאַנעק. ווי איז עס מעגלעך, ווער וועט עס גלויבן? אָבער אַזוי איז עס. מיר פאָרן איבער דער שטאָט. אָט איז דער שטאָט־זייגער, אָט זענען מיר נעבן „רוסאַלקאַ", ווו ס׳פלעגן פאָרקומען די ריזיקע מאַסן־מיטינגען און פאָרלעזונגען, אָט־דאָ האָט געוווינט לאַנגפוס און דאָ — מיטלמאַן, און דאָרט — די חברטע, די יונגע היסטאָריקערין ב ע ל אַ, און דאָרט איז געווען אונדזער פּועלי־ציון־אַרבעטער־היים, און דאָרט די באָראָכאָוו-שול, און דאָרטן — די יידישע גאַסן. ווו זענען זיי אַלע? וואָס איז פון זיי געוואָרן? מען דערציילט מיר וועגן דער פעסטער האַלטונג פון דער בונדיסטקע ב ע ל אַ ש פּ י ר אָ און איר מאַן, דעם אַמאָליקן פּועלי־ציון נ ו ס ב ו י ם און וועגן חברים טרעגער און יוגנטלעכע. אין דער ישיבה פון חכמי לובלין איז איצט אַן אוניווערסיטעט, און דאָס יידי־שע פאַרמעגן — נישטאָ, ווער עס זאָל מאָנען צוריק. די יידישע באַפעל־קערונג — עטלעכע הונדערט מענטשן.

פאַרבייגעפאָרן דעם וואָקזאַל, אַריבער די רעלסן און מיר זענען הינ־טער דער שטאָט. פון ווייטן זעט מען סילועטן פון קוימענס. פון אַ סך געביידעס.

— „קוקט זיך איין, דאָס איז מאַידאַנעק!"

די איינוווינער ווייסן, אַז דעלעגאַציעס פון אויסלענדער פאָרן אָנקוקן די שפורן פון מאַידאַנעק. פאַראַן, וואָס אָנצוקוקן. ס׳איז אפשר דער איינ־ציקער טויט-לאַגער, ווו ס׳איז געראָטן דער רויטער אַרמיי אַלץ אָפּצוראַ־טעווען און פאַרכאַפּן די געפּלאַנטע צעשטערונג. ווייסע פעלדער אויף צענד־ליקער קילאָמעטער ווייט. צייכענען זיך אָן בולטער און רעליעפער אויפן ווייסן פאָן די קאָנטורן פון מאַידאַנעק. סטאַרטשעט ער אַרוים מיט זיין שוואַרצקייט און טונקלקייט, ווי ער וואָלט אויסשרייען זיין שוואַרצע קללה.

צו וועמען? קעגן וועמען?

XVIII

# מאַידאַנעק רופט!

דער הויכער עלעגאַנטער פּוילישער אויפזעער איבערן מלוכה־מוזעאום אין מאַידאַנעק האָט געוווסט וועגן אונדזער קומען און ער האָט אונדז אָפּגעוואַרט גלייך ביים אַריינפאָר אין לאַגער, ווי נאָר מיר זענען אַדורך דעם טויער און געבליבן פון אינעווייניק דעם שטעכל־דראָט. דעם מוזעאום וועלן מיר שפּעטער זען. לאָמיר פריער באַזוכן די געביידעס. ווי זיי זענען פאַרבליבן.

דער וועג־ווייזער האָט שוין, הפּנים, אויסגעפונען דעם סוד פון דעם נאַצישן פאַרניכטונגס ־ ס י ס ט ע ם; ער איז זיכער, אַז ער האָט דעם שליסל דערצו. גייט ער לויט אַ פּלאַן, עס זאָל זיך ביסלעכווייז אויפוויקלען פאַרן באַזוכער דאָס גאַנצע טייוולאָנישע בילד, און ער זאָל באַגרייפן דעם נאַצישן זין פון דעם אומבאַגרייפלעכן פאַר געוויינלעכע מענטשן־קינדער, אויך נ אָ כ ן קריג. ווי קאָן מען עס באַנעמען? צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן געאַרבעט לויט צוגעשטעלטע פּלענער פון אַרכיטעקטן און אינזשעניערן אין משך פון יאָרן; מ'האָט אויסגענוצט די לעצטע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אָנגעווענדט אירע כלערליי דערפינדונגען און אַנטפּלעקונגען. און דאָס אַלץ מיטן איין־איינציקן צוועק: פאַרניכטן וואָס מער מענטשלעכע וועזנס. מ'האָט זיך באַמיט נאָכאַנאַנד צו פאַרפולקומען דאָס סיסטעם, פאַרשנעלערן און צויאָגן דעם טעמפּ, פאַרגרעסערן און אויסברייטערן דעם פאַרנעם פון דער אויסראָטונג. נישט אין שלאַכט, און נישט אין אויפרעגונג, נישט מחמת אַ מאָמענטאַלער געפאַר

און א ווייטער סכנה; אויסגערעכנט, קאַלט, איבערלייגט און מיושבֿדיק,
אָן דער באַזונדערער הנאה אפילו פונעם סאַדיסט, הגם עס האָבן נישט
געפעלט אויך אַזעלכע. זיי זענען געווען איינצלנע אומנאַרמאַלע „בעס־
טיעס". די ריזיקע מערהייט פון די נאַצישע אויסראָטערס האָבן עס געטאָן
אָן ענטוזיאַזם און פּאַטאָס, ווי א געוויינלעכע מלאכה; ס'איז געווען פּאַר־
פולקומטע טעכניק, מעכאַנישע פּינקטלעכקייט, אָן התלהבות און אָן גע-
וויסן־בייסעניש.

גייען מיר ארום פון געביידע צו געביידע, פון באַראַק צו באַראַק, פון
באָד צו גאַז־קאַמער, ביז צו די ריזיקע זאַלן־סקלאַדעס, ווו מען האָט סאָר־
טירט און סעגרעגירט קליידער און צירונג, זאַכן און דאָקומענטן, פאָטאָ־
גראַפיעס און פּאַפּירן, ביז צו דעם קאַלך-אויוון, ווו מען האָט געברענט די
גופים און זיי דאָרט אריינגעשיבט דורך אַזאַ ספּעציעלן אינסטרומענט.
אגב, דער תליון האָפּמאַן האָט זיך דאָ דערנעבן געבאָדן אין אַן איינגע-
מויערטער שטיינערנער וואַנע. מיר גייען־אום, הערן די אויפקלערונגען, און
דער מוח ווערט אויפגעטרייסלט, ווען דו הייבסט־אָן א רגע גלויבן, אַז
דאָס איז טאַקע נישט קיין געשפּענסט און נישט קיין בלבול, נאָר אַן אמת
פון 20סטן יאָרהונדערט.

אָט האָסטו דאָך די קליידער אין פּ א ס ן, אין שטרייפן, ווי זיי
זענען אויסגעהאָנגען אין אָרדענונג, און איצט ווערסטו געוואָר דעם אונ־
טערשיד צווישן מלבוש און מלבוש סיי לויט נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט
און סיי צוליבן אונטערשיד אין דער גראַד שייכות צו די נאַצים גופא.
געווען אַזעלכע, וואָס לויט די בגדים האָט מען געוווסט, אַז פריער איז
ער געווען פון די קרימינעלע פאַרשוינען; און געווען אַזעלכע, וואָס האָבן
זיך „דערדינט" דורך זייער פלייסיקער ארבעט, אַז מ'האָט זיי „אמנעס-
טירט" און אַראָפּגענומען דעם „שאַנד־מלבוש", פאַרבייטנדיק אים אויפן
„ערן"־בגד פון א געוויינלעכן ס.־ס.־מאַן. אינעם בלוט פון די אומגעקו־
מענע האָט ער אָפּגעוואַשן זיין פאַרגאַנגענהייט. אָט-דאָ זענען די ב ע־
ד ע ר, ווו מען האָט געיאָגט טויזנטער; אָט האָסטו די צענדליקער קראַנען
אין סטעליע, און אָט זענען די וואַסער־באַסיינען, פון וואַנען מענטשן זענען
אריינגעקומען אין דער הערמעטיש־געשלאָסענער גאַז־קאַמער. וויפל האָט
מען דאָ אריינגעפּאַקט אויף איין מאָל? וויפל עס האָט זיך געלאָזט. מ'האָט



זרובבל מיטן פּאַרוטשניק פאַרבער אין מאַידאַנעק.

(לינקס א הויפן שאַרבנס און ביינער פון פאַרגאַזטע יידן)

נאָכגעשפּירט פון דרויסן דורך אַ פאָרטקע. אַט איז זי די גרויסע פאָרטקע, אַ פענצטערל אַ פאַרקראַטעוועטס.

פּלוצים זענען יאָרן אַוועקגעלאָפן אויף צוריק און כ׳האָב זיך דערזען אין דער לוקישקער טורמע, אין ווילנע. אין יאָר 1908. איך בין פאַרריגלט הינטער אַ טאָפּלטן שלאָס. איינער אַליין זיץ איך פאַרטיפט אין רעיונות צי אין אַ ספר, און מיטאַמאָל שניידט זיך אין מיר אַריין אַ קוקעלע פונעם „אויגל". דער „וואַלטשאַק" האָט זיך קוים אַ ריר־געטאָן און עס קוקט עמיצער אַריין. כ׳לויף צו און וויל זען דעם קוקער, אָבער איך זע בלויז דאָס שוואַרצאַפּל, בעת יענער, צו וועמען עס געהערט דאָס שוואַרצאַפּל, דרינגט מיך דורך אינגאַנצן און פּרובירט צו דערגיין די אַלע בייזע מחשבות, וואָס איך טראַכט וועגן דער זעלבסטהערשאַפט.

איצט איז נישט געגוג געווען אַן „אויגל". ס׳איז אַ גאַנץ ברייטע פאָרטקע, אַ פענצטערל, ווו אַ פּאָר מענטשן זאָלן קאָנען גוט אַכטונג־געבן און זען, וואָס ווערט מיט די הונדערטער גופים אין מאָמענט, ווען עס גיט אַ שטראָם־אַריין אַהער דער גאַז. איך בלייב שטיין אַ פאַרגליווערטער, ווי כ׳וואָלט געווען איינער פון יענע דאָן, און כ׳פיל דעם שדישן קוק פון יענער זייט פענצטערל, ביז מיר גיסן זיך צונויף אין איינס, מיר אַלע, די מ אַ י ד אַ נ ע ק ע ר, און די, וואָס זענען נאָך אין דרויסן און וואַרטן אויף זייער ריי. מיר דריקן זיך אַלץ מער איינער צום צווייטן. כ׳שפּיר די אומאַרמונג. קאָן זיך דען עמיצער באַפרייען פון אַט די פאַרגליווערטע און פאַרגליווערנדיקע גאַז־אָרעמס?

אומדערוואַרטעט האָב איך זיך געפונען אינעם ריזיקן ש י ך ־ זאַל. אַ לאַנגער זאַל, פוןביידע זייטן ציען זיך אָפּטיילונגען, אָנגעפּאַקט ביז אַרויפצו מיט שיך. שיך, שיך, שיך, 824 טויזנט פּאָר שיך האָט מען גע־פונען אויסגעסאָרטירט. וויפל האָט מען אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד? כ׳האָב געלייענט אַ סך באַשרייבונגען, געדיכטן און רעפּאָרטאַזשן וועגן אַט די שיך, און פונדעסטוועגן בין איך איצט געבליבן אַ פאַרחלשטער, דערזעענדיק מיטאַמאָל בחוש, מיט די אייגענע אויגן, אַט די שיך פון 20סטן יאָרהונדערט. איידעלע, ראַפינירטע טופליעס, גראָבע, מגושמדיקע שטיוואַלעס, שקראַבעס פון אַלטע לייט און קליינטשיקע פּאַנטאָפּעלעך פון עופהלעך, וואָס האָבן נאָך מן־הסתם נישט געקאָנט מאַכן קיין טריט און

שטיין אויף זייערע פיסעלעך. גוואלד, מאמעניו, מאמעניו, ווי האסטו אנ־
געקוואלן, ווען דו האסט אנגעמאסטן דאס ערשטע פאנטאפעלע אויפן
פיסעלע פון דעם נפשל, וואס האט זיך געטוליעט מיט זיין ווארעמען קער־
פערל צו דיר און ארומגעקלאמערט זיך מיט זיינע פוכיקע הענטעלעך ארום
דיין האלדז. איך קווענקל זיך און פיבער, און דאך טו איך זיך אן א כוח
צו נעמען אין מיינע הענט אט־דעם רויטלעכן סאנדאליקל. דאס קינד איז
אוודאי דערשטיקט געווארן פון יענעם ספעציעלן גיפט, ציקלאפ, וואס
איז דא אנגעזאמלט אין די פלעשער, און דער סאנדאליק איז געבליבן. א
סאנדאליק, א יתומל. ווער האלט זיך עס ביים פסוק: „שטיינער פון וואנט
שרייען"? פארוואס עפעס שטיינער? אלט און אפגענוצט איז יענער
פסוק. פאראן א נייער, א מער מאדערנער: ש י כ ע ל ע ך  פ ו ן  ד ע ם
ס ק ל א ד  ש ר יי ע ן און גוואלדעווען און יאמערן וועגן בראך, וואס
האט אונדז אלע געטראפן. ווער האט עס דערציילט? דוכט מיר, קאדיע
מאלאדאווסקי, אז „גייען שיכעלעך אוועק, ווו די וועלט האט אן עק".
איצט שרייען זיי געוויס, קלאגן און באקלאגן זיך אויף דער עוולה וואס
איז זיי געטון געווארן, ווען מ'האט פון זיי אוועקגערויבט די קליינע
קינדער...

ווי קאנען מיר נאך אנמעסטן שיכעלעך אונדזערע קינדער און נישט
הערן דאס געקלאג פון מאידאנעקער פאנטאפעלעך?

גייען מיר איבער דעם ריזיקן שטח און קוקן אריין אין פארשידענע
געביידעס, און בלייבן שטיין פאר די אויוונס. אט־דא האט מען אריינ־
געשיבט אויפן גערעדלטן טאץ־וועגל די גופים, כדי זיי צו פארברענען.
איך טרעט אויפן אש, כ'קלייב ביינער און שארבנס. וואס זאל איך זיי
זאגן? ווי קליינלעך און נאאיוו איז האמלעטס אויסטענהן זיך מיט יאריקס
שארבן לגבי די טענות, וואס עס האבן די שארבנס פון מאידאנעק?!

כ'פארשטיי נישט, פארוואס האט האפמאן געוואלט דווקא דא האבן
זיין וואנע. איז אים דער ריח פון געסמאליעט מענטשלעך פלייש געוועזן
צום הארצן, האט ער געהערט און פארנומען די געשרייען פון די קרבנות?
איז ער פשוט געווען אומנארמאל, ווי זיינע משונהדיקע ריזיקע אויערן
האבן דערויף עדות געזאגט? מ'דערציילט מיר, אז צו האפמאנס משפט
אין לובלין האט מען ארויסגערופן פארשידענע עדות פון צווישן זיינע גע־

וועזענע קרבנות. איז איינער, א ייד, געקומען אין זיין געשטרייפטן לאַ־געַר־מלבוש. האָט אים דער ריכטער א פרעג־געטאָן: צי דען האָסטו נישט קיין אַנדער בגד, וואָס דו ביסט איצט, פון דער פריי, געקומען דווקא אין ד ע ם מלבוש, וועלכער דערינערט דיך די שווידערלעכסטע תקופה אין דיין לעבן? אדרבא, פאַרקערט, האָט דער מאַידאַנעקער ייד געענטפערט: ס׳איז ביי מיר דער גרעסטער יום־טוב אין מיין לעבן, אַז איך קאָן זאָגן עדות קעגן אַט־דעם תלין, וואָס זיצט הינטער קראַטעס. נו, האָב איך זיך אויס־געפּוצט אין מ י י נ ע יום־טוב־קליידער, ע ר זאָל מיך דערקענען, און וויסן, אַז דאָס זאָג א י ך עדות קעגן אים. א י ך, דער מאַידאַנעקער ייד אינעם געשטרייפטן בגד.

אין דער פּאַרנאַכטיקער טונקלקייט האָב איך דעם איינדרוק, ווי עס שאָקלען זיך אויף די תליות פיגורן. אָפשר דוכט זיך עס מיר, ווייל איך ווייס, אַז אין א פּאָר טעג אַרום וועט מען דאָ טאַקע עפנטלעך אויפהענ־גען האַפּמאַנען אין ז י י ן מאַידאַנעק, פאַר ז י י ן ע ו ל ם קרבנות?!

אַז מ׳האָט מיך א פּאָר טעג שפּעטער, פאַרבעטן, איך זאָל מיט־פאָרן מיט א גרופּע יידישע אויסלענדישע זשורנאַליסטן און הילפס־עסקנים קיין מאַידאַנעק בייצווויזן די פּראָצעדור, ווי מ׳וועט עפנטלעך אויפהענגען האַפּמאַנען, האָב איך זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. האָבן דאָס געפיל פון נקמה, צוזעענדיק ווי האַפּמאַנס גוף וויגט זיך אויף דער תליה? ניין. וואָס פאַר א נקמה איז עס צו זען הענגען דעם א יי נ ע ם, וואָס האָט אומ־געבראַכט מ י ל י אָ נ ע ן ? וואָס פאַר א ממשות האָט די שטראָף פאַרן מ ע ר ד ע ר, ווען ס׳בלייבט אומבאַאַרירט די ש י ט ה פון פעלקער־מערדעריי, ווען די וועלט איז געבליבן גלייכגילטיק אויך איצט צום גורל פון דעם ג ע מ אָ ר ד ע ט ן יי ד י ש ן פ אָ ל ק ?

אין מוזעאום באַטראַכטן מיר בילדער און פאָטאָגראַפיעס און דאָס האַרץ האַלט נישט אויס. ס׳איז איבער די כוחות אויפצונעמען דאָס אַליץ מיט איין מאָל. ס׳פאַלט־צו די נאַכט. ס׳וועט זיין אומבאַקוועם צו פאָרן אַפילו אין באַוואָפנטער באַגלייטונג. פאַראַן דאָ עמיץ, וואָס וויל נישט, עס זאָל בלייבן א זכר פון די פייניקונגס־מכשירים און געביידעס. מיר

שרייבן אריין אין פ נ ק ס פון מאידאנעק צום אנדענק, אז מיר זענען דא געווען. נישטא קיין צייט צו טראכטן און פארמולירן. עס ברענט אין די פינגער: שרייב איך — בערך:

„יעדער מענטש, צו וואסער פאלק ער זאל נישט געהערן, מוז באזוכן מאידאנעק, כדי צו זען בחוש, וואס דער נאציזם האט אפגעטאן דער גארער מענטשהייט; יעדער ייד איז מחויב צו זיין אויך איצט אין מאידאנעק, כדי צו באנעמען דעם זין פון זיין לעבן נאך דעם אומקום פון די מיליא־נען, און כדי צו באגרייפן די אחריות, וואס לאסטעט אויף אונדז, סיי צו־ליב דעם אנדענק פון די אומגעבראכטע, און סיי לגבי דער צוקונפט פון די איבערגעבליבענע".

מיר ציען זיך צוריק אין די צוויי שליטעלעך פון מאידאנעק צו דער שטאט לובלין. געווען מיט א צייט צוריק אן עפנטלעכער אפיציעלער הספד אין מאידאנעק, — האט מען קיין יידישן קדיש נישט געזאגט און קיין רב האט נישט מזכיר נשמות געווען. נאר א קאטוילישער קשיאנדז האט געפרעפלט. ווי ס'וואלטן דא געווען דורכויס קריסטלעכע קרבנות. כ'האב געזען נישט לאנג א פילם וועגן מאידאנעק, און אויך דארט האט געפעלט דאס „פינטעלע ייד", הגם עס זענען געצייגט געווארן דאקומענטן פון בלעראליי בירגער, און לויט די נעמען האט מען דערקענט אויך יידן. דער דירעקטאר פון מוזעאום, האט יא געהאט טאקט, און די ערשטע פיגור, וועלכע באגעגנט דיך, ווי נאר דו קומסט אריין אין מוזעאום, איז א יי ד י־ ש ע, סיי לויט די שטרייפן פון זיין אנטועכץ, סיי לויטן פארקלעמטן גע־זיכט, דעם אויסדרוק פון צער אין די אויגן, אין די איינגעפאלענע באקן, אינעם שטעל איינגאנצן.

אבער צו וואס פיגורן און דאקומענטן און נעמען, אז די גאנצע לופט פון מאידאנעק איז אנגעזאפט מיט די יי ד י ש ע קולות, מיטן יי ד י ש ן ווייטיק, מיט יידישער ח ר פ ה און צ א ר ן. כ'ווייס נישט, וויפל זענען דא אונדזערע אומגעקומען. איך ווייס נישט אונדזער פראצענט, וואס מ י ר האבן דא אויסגעמאכט. איך שפיר אבער איצט, דא אין פוילן, מיט אלע מיינע חושים און פיבערן פון דער נשמה, אז מאידאנעק איז א ו נ ד־ ז ע ר ס; מאידאנעק און אשוויענטשים און טרעבלינקע און די אלע צענד־

ליקער טויט־פאבריקן און אויסראטונגס־לאגערן זענען אלע, אלע א ו נ ד־ז ע ר ע; אפילו, ווען דארט זענען אומגעבראכט געוואָרן אויך א נ ד ע־ר ע. דאָס האָט היטלער די א נ ד ע ר ע מזכה געווען מיט א ו נ ד ז ע ר מ ז ל; געמיינט האָט ער א ו נ ד ז. דורכויס א ו נ ד ז. ז י י ע ר פארניכטונג איז געקומען אין טראנס פון דער ארבעט. אָבער מיר זענען געווען דער איינגנטלעכער צ י ל. מיר — דאָס אויסדערוויילטע פאָלק; מיר, די שטאָלצע גרויסע יידן.

... מיר פאָרן גלייך צום פ ר ץ - ה ו י ז אין לובלין. דאָרט וואַרטן אויף מיר די יי ד י ש ע יורשים פון מאידאנעק. גענוג געווען א פאָר שעה, א פאָר מודעות אין די יידישע רעסטאָראַציעס, און דער גרויסער זאַל איז אָנגעפּראָפּט. דאָס פרץ־הויז פאַר יידישע פּליטים איז איבערפולט. כ'פאָר און גיי־דורך די געסלעך פון אמאָל, און מיר דוכט, אז עס שלייכן ארויס געשטאַלטן פון אמאָליקן „רינעק" און פון הינטערן „שלאָסבארג" און מ'קומט זיך צונויף אויפן אַלטן מאַרק. קענטיק, אז די מענטשן קומען פון שלאַכטפעלד, פון פּאַרטיזאַנקע, פון וואַלד, פון באַהעלטעניש. דאָס איז דאָס פ אָ ל ק, דער פשוטער המון, נישטאָ קיין אינטעליגענץ. די אַלע דאָ זענען אָנגעלאָפענע פון אומעטום; לובלין איז די ערשטע געוואָרן באַפרייט; דאָ האָט זיך קאָנסטיטואירט די צייטווייליקע רעגירונג, פון דאַנען איז געקומען דאָס ערשטע יי ד י ש ע וואָרט פון נייעם פּוילן. פון דאַנען האָבן מיר פאַרנומען די ערשטע יידישע גרוסן, די גרוס פון די רעשטלעך יידן, פון דאַנען האָט געזונגען ד י א נ א ב ל ו מ ע נ־פ ע ל ד די אין צער און טרערן געטובלטע לידער פון יידישן פאָלקס־דיכטער מ ר ד כ י ג ע ב י ר ט י ק, און מיר האָבן דאָרט, אין ארץ־ישראל, דערהערט דעם רוף:

„ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט,
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט,
און איר שטייט און קוקט אזוי זיך, מיט פאַרלייגטע הענט;
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער.

לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באווייזט, אז איר דאָס קענט".

א קאַלטער, נישט געהייצטער, נישט פאַרענדיקטער זאַל פון פּרץ־הויז אין לובלין. פאַרן קריג האָבן אים אָנגעהויבן בויען די בונדיסטן. איצט פאַרענדיקט אים דער יידישער קאָמיטעט. פּשוטע בענק. מענטשן שטייען קאָפּ אויף קאָפּ. אָנגעפּעלצט, אָנגעשמאַטעט, ס'הייבן זיך אָן באַגריסונגען, און כ'שטוין: א ל ע באַגריסן דעם גאַסט פון ארץ־ישראל: — פּ.פּ.ר., אַלס הויפּט מכנים־אורח, השומר הצעיר, א פּאַרטיי־חבר, א בונדיסט, א רעכטער פּועלי־ציון, און אַלע, אַלע שטרייכן זיי אונטער אויסדריקלעך דעם פאַקט, וואָס דער גאַסט קומט פון... פּאַלעסטינע, פון ארץ־ישראל; אַלע רעדן זיי, אַז דאָרט פירן זיך איצט ביטערע קאַמפן: א ו נ ד ז ע ר ע קאַמפן, פאַר אייגנקייט, פאַר זעלבסטשטענדיקייט פאַר מלוכהשקייט, פאַר נאָרמאַלקייט. ס'איז א ו נ ד ז ע ר קאַמף, אונדזער אַלעמענס.

ס'ווערט וואַרעם אין זאַל. כ'קאָן זיך נישט און וויל נישט באַפרייען פון מאַידאַנעק, — רעד איך וועגן דער טויט־פאַבריק און וועגן דער צוואה פון דאָרטן, און וועגן דעם רוף פון ארץ־ישראל. כ'קוק זיך איין אין די געזיכטער פון די פאָלקס־מענטשן: וואָס מיינט פאַר ז י י אַצינד דער גרוס פון יידן אין ארץ־ישראל, וועלכע זענען אַלע יאָרן פאַרטאָן אין בויען און אין קאַמף?! ווי גליען זייערע אויגן, די יידישע אויגן פון פאָלקסמענטשן... אָט זיצט מיר אַנטקעגן אין דער ערשטער ריי א ייד מיט א ברייט־צעשמיסענער באָרד. מחשבותן. די ערשטע יידישע באָרד, וואָס כ'טרעף אין פּוילן. פון וואַנען קומט ער, אָט דער יידישער ייד, ווו איז ער געווען אויסבאַהאַלטן די אַלע יאָרן? וואָס טוט ער איצט? אַרבעט ער, האַנדלט ער? און אפשר איז עס גאָר דאָס „הייליקע שניידערל" פון שלום אַשם „קידוש השם", וואָס האָט זיך א רגע אַוועקגעכאַפּט פון זיין לײדיק געוועלב, כדי צו דערציילן מיר, און איבערגעבן אַלעמען, וועמען כ'וועל טרעפן אין מיינע וואַגלענישן, אַז ער האַנדלט נאָך אַלץ, ווי אַמאָל, מיט... ב ט ח ו ן ? !

ס'ציען זיך צו מיר הענט מיט... קוויטלעך. דאָס זענען בריוועלעך־גרוסן קיין ארץ־ישראל. אויף דער גיך געשריבן, דאָ טאַקע, שטייענדיק,

מיט בלייִשטיפט, אויף שטיקלעך פּאַפּיר; ווי נאָר מען האָט זיך דער־וווסט, אַז איך נעם־מיט גרוסן אַהין, שפּאַרט מען זיך אין דער ריי. אַגב־אורחא וויל יעדער איינער כאַפּן אַ וואָרט, דערמאָנען מיר יענע אַמאָליקע פאַרזאַמלונג און יענעם אַמאָליקן מיטינג, אַזאַ געלונגען ווערטל... מ׳וויל זיך דערוואַרעמען ביים עבר, ביי יענעם ווייטן, ווייטן, לאַנג־לאַנג פאַר־קלונגענעם עבר.

אין דרויסן וואַרט אויף אונדז אַ פּרעכטיקער לאַסט־אויטאָ. יאָ, דאָס איז ד ע ר, וואָס איז אונדז פאַרבייגעלאָפן אין וואַלד נעבן קוראָוו. און מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן. ער איז טאַקע שפּעטער געבליבן שטעקן אין שניי און ערשט מיט אַ פּאָר שעה צוריק אָנגעקומען קיין לובלין. ער שטאַמט פון געהויבענעם יחוס, דער אויטאָ. ער קומט פון לאָנדאָן. געקו־מען אַהער ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אַלס אַ  באַ וו ע ג ל ע כ ע ש ו ל מיט אַן ארון־קודש, מיט אַ ספר־תורה, וואָס לאָנדאָנער יידן האָבן מיטגעשיקט אַ מתנה דעם איבערגעבליבענעם פּוילישן יידנטום. איצט — נישטאָ דער ארון קודש, נישט דער ספר־תורה. געבליבן דער ראַדיאָ, וואָס שפּילט־צו און ציט־צו פּאַסאַזשירן, וועלכע מען כאַפּט אַמאָל, אַגב, אַריין, כדי אונטערצופירן זיי אַ שטיקל וועג פון וואַרשע קיין פּראַגע און פון פּראַגע קיין וואַרשע. יידן דאַרפן דאָך פּרנסה. אַ גלגול פון אַן אויטאָ!

אין דער געביידע פון שול האָבן זיך צונויפגעקליבן חברים פון פאַר־שידענע קרייזן. אַ מין אימפּראָוויזירטער באַנקעט. מען האַלט נישט קיין רעדעס. מ׳שמועסט אָן מ׳דערציילט, מ׳כאַפּט אַריין נאָך אַ גרוס, אַ גע־רעדטן און אַ געשריבענעם. נאָך האַלבער נאַכט רירט אונדזער צוג קיין וואַרשע. ס׳האָט זיך צונויפגעטראָפן אַ גאַנץ פיינע חברותא, און מיר פאַרנעמען אַ גאַנצע אָפּטיילונג. פון שושקעריי דערוויסן מיר זיך, אַז אין שכנות דאָ פאָרן נאָך אַ סך יידן. די לערערין פון ווילנע דערציילט וועגן פּאָנאַרי, וועגן די לעצטע טעג פון ירושלים דליטא, וועגן אומגעקומענע דיכטער, לערער און דערציער. אין וואַגאָן איז וואַרעם. עולם כאַפּט אַ דרעמל, אין די שויבן שיינט אַריין אַ פּראָסטיקע ווינטער־ווייסקייט, און עס ציט זיך לאַנג, שעהן לאַנג דער וועג פון מאַידאַנעק צוריק.

ווילאַנג וועט ער זיך ציען?

# XIX

## אויג אויף אויג

ס'איז נישט געווען אויסגערעכנט, איך זאָל דווקא פון מאַידאַנעק פאָרן צו אַ חברים־צוזאַמענקום. געהאַט אין זינען האָבן מיר נאָר איינס: אַז מיט דעם חברשן פאַרטייאישן ק אָ ל ע ק ט י וו זאָל איך זיך טרעפן צום ס ו ף פון מיין באַזוך, ערב דעם צוריקפאָר פון לאַנד, נ אָ ך ד ע ם, ווי כ'וועל האָבן הי אַליין עפּעס געזען און געהערט און זיך דורכגענומען מיט דעם, וואָס ס'איז דאָ געשען און וואָס עס פאָרמירט זיך אויס אַצינד פון סניי.

מיר האָט זיך געוואָלט טרעפן מיט פוילן צוערשט אַ ל יי ן, זיין אויג אויף אויג מיטן חורבן, אָן עדות, ביחידות. צוקומען אָן פאַרטיקע מיינונגען, סוגעסטירטע איינדרוקן און קאַנאָניזירטע אויספירן. אָן אָנווייזונגען, אָן אינסטרוקציעס און אָן גוטע עצות, וואָס און ווי אַזוי צו זען. גלייך אין יענעם מאָמענט, ביי מיין אַרויסקוקן פון אַעראָפּלאַן, ווען ס'האָבן זיך פון אונטן־אַרויף אָנגעהויבן אויסמאַרקירן פאַר מיר די קאָנטורן פון דעם, וואָס גילט אַלס אַנומלטיקע וואַרשע, האָב איך דערפילט, אַז ס'ברעכט זיך אין מיר עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען פעסט און שטאַנדהאַפטיק אין משך פון צענדליקער יאָרן. איך האָב עס מער געאַנט אין זיך, ווי אַן איבערלעבונג, און נאָך נישט באַנומען מיטן שכל. האָב איך געוואָלט געפינען אין זיך כוח אויפצונעמען די ווירקלעכקייט, ווי זי איז און ווי זי איז אָנגעזאַפּט און אָנגעלאָדן נאָך מיט דעם נעכטיקן און פריערדיקן, וואָס ווענט זיך, הפּנים, קיינמאָל נישט אויסוועפן אינגאַנצן. כ'בין געווען זיכער, אַז

כ'וועל דאָ דערזען נ יי ע מענטשן. איך האָב געוווסט, אַז כמעט אַלע, אַלע אַמאָליקע פירנדיקע יידישע גייסטער זענען נישטאָ. איך בין אָבער געווען זיכער, אַז אויך די ווינציקע געציילטע, וואָס זענען איבערגעבליבן, זענען נישט מער דיזעלביקע וואָס פריער, נאָר זיי האָבן זיך א י ב ע ר־ג ע אַ נ ד ע ר ש ט. זיי זעען און פילן אַנדערש. זיי באַנעמען אַנדערש און רעדן אַנדערש.

כ'האָב זיך צעטומלט און פאַרלאָרן עטוואָס די ערשטע מינוט, ווען כ'האָב זיך באַגעגנט מיט דאָרטיקע מענטשן און דערהערט ז יי ע ר ל ש ו ן.כ'וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ס'איז מ יי ן לשון... פון אַ מ אָ ל; זייער קוק איז בפירוש מיין אַ יי ג ע נ ע ר קוק, נאָר פון אַ מ אָ ל. האָט עס מיך אַביסל שאָקירט און ווייגעטאָן. וווּ איז דער ש נ ו י אין זיי, אין זייער געמיט, אין זייער פסיכיק? עס קאָן דאָך, עס ט אָ ר דאָך נישט געמאָלט זיין, אַז ס'זאָל נישט האָבן זיי אין סאַמע עצם פאַרענדערט.

איך ווייס ביי זיך, אַז איך קום אַהער אַ פאַרענדערטער, אַן אַ נ־ד ע ר ע ר. טאָ פון וואַנען איז מיין אַנדערשקייט, אויב נישט פון דאָ־נען, פון דער היגער רעאַליטעט, וועלכע איך האָב געאַנט בלויז מיטן כוח פון דמיון, בעת ביי זיי, ביי די היגע איז זי געוואָרן פלייש און בלוט? האָב איך איצט געוואָלט קאָנטראָלירן זיך און זיי. אין פלוג זענען זיי, די היגע, מער באַגלויבט, ווי איך אין אַלץ, וואָס איז נוגע דעם הי. זיי און נישט איך האָבן דורכגעמאַכט די דערפאַרונג אויף אייגענער הויט און אין זייער דם התמצית איז אַריין דאָס, וואָס האָט אונדז פון ווייטן געגרוילט און צע־טרייסלט. זיי און נישט איך האָבן איינגעאָטעמט נאַצישע עמפירישקייט אין זייערע לונגען און אויפגעהיט אין זייער שוואַרצאַפּל בילדער, וואָס זענען צו אונדז אַפילו אין בייזן חלום נישט געקומען.

און דאָך האָט אין מיר אַלץ געשריען, אַז זיי זעען נישט, ווי געהע־ריק און זיי מערקן נישט דאָס סאַמע נייטיקע. עפּעס פ ע ל ט זיי. מיר האָט געפעלט די אוממיטלבאַרקייט פון פוילן. אָבער אויך זיי האָט גע־פעלט אַ ביז גאָר וויכטיקער, אַנטשיידנדיקער עלעמענט: דאָס לעבעדיקע איצטיקע ארץ־ישראל. כ'ווייס, אַז די שטאַרקסטע און בעסטע פון מיינע אייגענע האָבן נישט פאַרלוירן אויף קיין איין רגע דעם אידעאָלאָגישן פּאָ־ליטישן קאָנטאַקט מיט ארץ־ישראל. זיי האָבן אויך אינעם אונטערערד

דורכגעפירט א פרוכטבארע ארבעט: אויפגעקלערט דעם ענין ארץ־ישראל פאר דער נישט־יידישער פראגרעסיווער וועלט; זיי האבן אליין באנומען און ארויסגעבראכט פאר אנדערע דעם ווערט פון ארץ־ישראל און איר ראל לגבי דעם קאמף פון די יידישע מאסן אין ג ע ט א, און נ א ך דער באַפרייאונג — לגבי דער וויטערער פארזעצונג פון יידישן נאציאנאלן לעבן. א י ד ע א ל א ג י ש באנומען ריכטיק. עס האט זיי נאר געפעלט דער פ ס י כ י ש ע ר עלעמענט, וועלכער איז א פראדוקט פון אוממיטלבאַרער באהעפטונג און דירעקטן קאנטאקט.

וועל איך באווייזן צוזאמען מיט די שליחים פון ארץ־ישראל ברענגען אהער עפעס פון אט־דער ארץ־ישראלדיקייט, פון איר אייגנטימלעכער אטמאספער? על כל פנים וועל איך אליין פארזוכן די אוממיטלבארקייט פון ח ו ר ב ן פ ו י ל ן, און זיך איינקוקן אין דעם ביסל יידן, ווי זיי זעען אויס, ווי זיי זעען זיך אליין נאכן אומקום פון 6 מיליאן זייעריקע, אונדזעריקע, דא אין פוילן. דער בר־מינן איז נאך נישט געבראכט געווארן צו קבורה, דער מת ליגט נאך פאר די אויגן. ווי איז דער בליק פון די אויגן, וואס זעען אים פאר זיך די גאנצע צייט? צי זעען זיי אים טאקע?

האב איך געוואלט צוערשט זען אליין און דערנאך קוקן מיט די חבריש, פארטייאישע אויגן. איך האב געטראפן חברים און נישט־חברים. מענטשן פון אנדערע פארטייען. סתם יידישע מענטשן. מיר האבן נישט פאלעמיזירט און נישט דיסקוטירט, נאר גערעדט און געשמועסט. א חבר אין קאטאוויץ האט מיר דערציילט, ווי אזוי ער האט זיך 15 חדשים אויסבאהאלטן הינטער א שאפע מיט א שפיגלדיקער טיר. ער האט זיך מיט א ביוון אויסגעקליבן אט דאס באהעלטעניש. ער האט געדענקט פון ש. אנ־סקים „דיבוק” די מעשה מיטן גביר און שפיגל. א גביר איז געקומען צום רבין; האט אים דער רבי צוגעפירט צום פענצטער און געהייסן ארויסקוקן דורך דער גלעזערנער שויב אין גאס אריין:

— וועמען זעסטו?

— מ ע נ ט ש ן, — האט געענטפערט דער גביר.

האט אים דער רבי צוגעפירט צום שפיגל און ווידער געהייסן קוקן:

— וועמען זעסטו איצט?

— ז י ך, — האָט געענטפערט דער גביר, נישט תופס־זייענדיק נאָך דעם רבינס כוונה.

— זעסטו, — האָט אים דער רבי געזאָגט, — האָסט געקוקט צוויי מאָל דורך דעם זעלבן גלאָז. די שויב אין פענצטער איז פון גלאָז, און דער שפיגל איז פון גלאָז. נאָר דאָס גלאָז פון שפיגל איז באַזילבערט. האָסטו דורכן איינפאַכן גלאָז געזען מענטשן. אָבער דורכן שפיגל, ווייל ס'איז באַזילבערט, האָסטו שוין נישט געזען מ ע נ ט ש ן, נאָר ב ל ו י ז ז י ך.

האָט דער חבר אין עת צרה געמאַכט דעם געהעריקן פראַקטישן אויספיר און זיך אויסבאַהאַלטן הינטערן שפיגל. יעדעס מאָל ווען ס'וועט אַריין דער נאַצי און האָבן בדעה אַ קוק צו טאָן הינטער דער שאַפע, וועט ער אַנטרעפן אין שפיגל זיך און וועט שוין ממילא פאַרגעסן אָן דעם מענטש, וועלכן ער זוכט.

דער חבר האָט אויסגעטייטשט ריכטיק דעם פסיכאָלאָגישן מאָמענט, און ער איז ניצול געוואָרן.

איך האָב אומגערן און מיט שוידער באַמערקט, אַז אַ היפּשער טייל פון דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן האָבן איצט, שוין נ אָ ך דער באַפרייאונג זיך אַליין אָנגעשטויסן אָן אַ שפיגל, וואָס איז עטוואָס באַזילבערט, און זיי זענען נישט מסוגל צו זען די יידישע מ ע נ ט ש ן דאָרט, אויף דער גאַס פון נייעם לעבן. זיי זעען בלויז ז י ך. אפילו נישט די מתים.

דאָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן אויף שריט און טריט און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז אָט־די וועלן קיין נייַ יידיש לעבן נישט בויען. נישט דאָ, אין פוילן, און נישט אין ארץ-ישראל.

מען מוז די יידן איבערדערציען און אויסלערנען, צו זען דאָ און אומעטום, דעם גאַרן כ ל ל דעם יידישן, ווי ע ר זעט אויס נאָכן אַרויסשאַרן זיך פון קאַלכאַויוון. נאָר אויף דעם וועג וועט מען ראַטעווען די אָפּגעראַטעוועטע.

איך האָב געזוכט יידישע אַ ר ב ע ט ע ר, און כ'האָב נישט געטראָפן. דאָ און דאָרט זענען זיי דאָ און זייער צאָל מערט זיך צייטנווייז ביי געוויסע אומשטענדן. אָבער עס פעלט דער יידישער אַ ר ב ע ט ע ר־

ק ל א ס. דער יידישער פ ר אָ ל ע ט א ר י א ט איז נישטאָ. ער איז נישטאָ, און ס'איז נישטאָ זיין ק א מ ף. עס איז צערונען דאָס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע געוויכט פון יידישן לעבן — ס'איז צעקראָכן דער יסוד פון יידישער קולטור. עס ווערן דורכגעפירט פּאָליטישע רעפּעראַטן און ליטעראַרישע אָוונטן. ס'וועט געשאַפן ווערן אַ צווייטע און דריטע יידישע דרוקעריי און ס'וועלן דערשיינען נאָך צייטונגען. יעדע פּאַרטיי וועט אַרויסגעבן א י ר צייטונג, אַ ביכל און אַ צווייטס. און דאָך וועט עס נישט זיין דאָס שטראָמיקע שפּרודלדיקע קולטור־לעבן פון אַ יידישן כ ל ל.. איז נישטאָ דער סטימול און מאָטאָר פאַרן אַרבעטער־קאַמף אויף דער יידישער גאַס. ווו און ביי וואָס קאָן זיין זיין העגעמאָניע, ווו און דורך וואָס קאָן ער אַרויסברענגען זיין באַזונדערן כאַראַקטער, אַז יאָרן נאָך יאָרן וועט עס זיין אַ לעבן אויסגערעכנט אויף קצבה, אויף שטיצע פון דרויסן, ווייל עס וועלן פעלן די אייגענע קוואַלן, פון וועלכע ער זאָל שעפּן כוח און מאַכט. עס שניידט דעם מוח דער פאַקט, אַז אין בעסטן פאַל קאָנען די יידן אונטערשטיצן דעם א ל ג ע מ יי נ ע ם קאַמף, אָבער בשום אופן נישט באַשטימען אַלס זעלבסטשטענדיקער און פאַר זיך גופא ממשותדיקער כוח דעם פּרצוף פון יי ד י ש ן לעבן, דעם אויסזען פון דער יי ד י ש ע ר סביבה.

אינעם פּאָליטישן קאַמף פון היינטיקן פּוילן שפּילן די איצטיקע יידישע מאַסן אַ קנאַפּע ראָל, אויב אפילו עס זענען דאָ יחידים, וואָס האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם גאַנג און אויסגאַנג פון דעם געראַנגל אין דער פּוילישער מלוכה־גאַס.

געוויס וועט זיך די סיטואַציע אין אַ היפּשער מאָס ענדערן אין דעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך אָנהייבן די רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד. עס וועלן צוריקקומען צענדליקער טויזנטער, אפשר קרוב צו 150 טויזנט יידן, און גראַד פּ ו י ל י ש ע יידן. ס'וועט אָבער זיין אַ טעות צו באַטראַכטן די נעכטיקע פּוילישע יידן פאַר יידן פון היינטיקן פּוילן. ס'זענען אַ נ ד ע ר ע יידן, ס'איז אַן אַ נ ד ע ר פּוילן; די געשיכטע האָט אָנגעצייכנט אַן אַנדער תכלית פאַר פּוילן און פאַר יידן אין דער איצטיקער תקופה, נאָך מלחמה און חורבן, וואָס ביידע פעלקער האָבן אַזוי קאַטאַסטראָפאַל איבערגעלעבט.

איך האָב זיך געטראָפֿן מיט איינצלנע יידן, וואָס האָבן באַוויזן זיך אומצוקערן נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפֿיציעלע רעפּאַטריאַציע. יענע יידן האָבן געשטאַמט פֿון קליינע שטעטלעך, און זיי האָבן זיך קודם־כל אוועקגעלאָזן אין זייערע היימען. ס׳האָט זיך געגלוסט צוריק אַ ה יי ם. ווייסן מיר דען, וואָס מיינט אַהיים, כל־זמן זי פֿעלט אונדז נישט? אין אַ ריי ניַיע לענדער, ווו יידן האָבן זיך זינט צענדליקער יאָרן איינגעאָרדנט, רעדן זיי נאָך וועגן דער ה יי ם, האָבנדיק אין זינען די אַלטע, די אַמאָליקע „היימישע" היים, ווו אַלץ איז נאָענט און אייגן, ווו ס׳איז דאָ די וואַרעמקייט און די האַרציקייט און דער פֿולער צוטרוי צו דעם אַרום, צו יעדן מענטש און חפֿץ, צו יעדן גרעזל און שטיינדל, וויל פֿון זיי אַלע און פֿון אַלץ שטראָמט היימישקייט. מענטשן עוואַקואירטע און אַנטרונענע זענען איצט אויסגעמאַטערטע און אויסגעפּייניקטע פֿיזיש און גייסטיק. אין משך פֿון 5־6 יאָר, אויב זיי זענען אַפֿילו נישט געווען אין נאַצישע לאַגערן, האָבן זיי זיך געפֿונען אין די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען פֿון לענדער, ווו מ׳האָט געמוזט אַריבערפֿירן ס׳גאַנצע לעבן אויף מלחמה־רעלסן, איינשרומפּן זיך און אָפּזאָגן זיך באַוווסטזיניק און פּלאַנמעסיק פֿון סאַמע נייטיקסטן. מען איז געווען זיכער צו האָבן די געלעגנהייט און צוריק דערשפּירן זיך, ווי אין דער היים, בלויז אין די קליינע שטעטלעך. אַהין איז על־פּי־רוב נישט צוגעקומען דער חורבן און ס׳איז געבליבן גאַנץ, אָפּט אומבאַרירט דאָס אַמאָליקע פֿאַר־מלחמהדיקע. איז מען אַהין געגאַנגען מיט בענקשאַפֿט און צוטרוי. געטראָפֿן האָט מען ביַיזקייט און שנאה, האַס און צאָרן, הלמאי מען איז צוריק דאָ. מען האָט לאַנג נישט אויסגעהאַלטן און געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל, ביז ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס קליינע שטעטל איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן פֿאַרן ייד אין פּוילן. ס׳איז טאַקע אמת, אַז יידן זענען געווען אינעם פֿאַר־מלחמהדיקן פּוילן אַ שטאָטישער עלעמענט און זיך קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעט, אָבער דאָס שטעטל איז געווען דאָס יידישע ה י נ ט ע ר ל אַ נ ד. פֿון דאָרטן האָבן זיך רעקרוטירט ניַיע און פֿרישע רעזערוון פֿאַר דער שטאָט. סיי אַלס אַרבעטער און באַלמעלאָכעס, סיי אַלס אינטעליגענץ און מענטשן פֿון פֿריַיע פּראָפֿעסיעס, — אַלע זענען זיי אין משך פֿון דורות געקומען אין ברייט־פֿליסנדיקע שטראָמען פֿונעם שטעטל. פֿאַר דער יידישער פּוי־

לישער מאסע, פארן יידישן קאָלעקטיוו איז דאָס שטעטל געווען דער י ס ו ד, ריכטיקער דער ק ו א ל, פון וואַנען עס איז געפלאָסן דאָס מאַסנהאַפטיקע. איצט איז אַרויסגעשוווּמען אַ סאָציאָלאָגיש־פּאָליטישער אמת, אַז דאָס שטעטל איז נישטאָ, ווייל ס'וועט ווירטשאַפטלעך מער ביי זיך נישט דולדן דעם יידישן עלעמענט.

יידן וועלן אין די שטעט אין דער נייער ווירטשאַפט אזוי גיך נישט אַריין. עס וועלן דורכגיין לאַנגע יאָר ביז עס וועט זיך צוריק שטעלן אויף די פיס די פּוילישע שטאָט און אויפנעמען אין זיך די צענדליקער, די הונדערטער טויזנטער אייגענע פּוילישע צוריקקערער. דער נייער כאַראַק־טער פון דעם זיך אויפבויענדן פּוילן פאַרמלוכישט די גרויסע פאַבריקן און ממילא גייען אַהין אין גרויסע מאַסן די פּוילישע אַרבעטער; אפילו אין יענע פאַבריקן, וואָס זענען אין פלוג געווען דורות־לאַנג פאַררעכנט פאַר יידישע, אויב אויך נאָר צוליב דעם, וואָס די אייגנטימער זענען געווען יי ד ן. איצט איז די מלוכה דער אייגנטימער און אזוי מאַכט זיך עס שוין, אַז דער יידישער אַרבעטער טרעפט נישט דעם וועג אין פאַבריק. פעלט דעם יידישן אַרבעטער; ער איז אַן עלנטער, אַן אלייניקער, אַ פאַר־איינזאַמטער, אָן זיין פראָפעסיאָנעלן ק ל א ס ן - פאַראיין, ווייל עס פעלט אים דער מיטרייסנדיקער שטראָם פונעם נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו.

איך האָב באַזוכט אין לאָדזש אונדזער סטאָליער־קאָאָפּעראַטיוו „האַ־מער". די מאַשינען זענען אין ברוך־טיילן געבראַכט געוואָרן פון נאַצי־דייטשלאַנד און די חברים אליין האָבן זיי מאָנטירט און צוריק אויפגע־שטעלט. עס גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט, אַ נחת צו קוקן. עס דערמאָנט זיך די אַמאָליקע צייט: „מאָלאָט", „מלאָט", „האַמער" — מ'כאַפּט זיך אָן כאָטש אין דעם אַמאָליקן פאַרטייאישן נאָמען, כדי זיך דערמאָנען דעם י ח ו ס, און כדי אונטערצושטרייכן פאַר אַנדערע, אַז מ'ווייסט דעם אייגענעם אָפּשטאַם און מ'איז נישט קיין צופעליקע אויף דער יידישער גאַס. פאַראַן אַ טראַדיציע און מ'קוקט אויף זיך, ווי אויף אַ המשך. איך האָב זיך געפילט דערמוטיקט און געשטאַרקט דורך דער באַגעגעניש מיט די אַ ר ב ע ט ע ר ־ חברים פון „האַמער". זיי האָבן מיר דערציילט וועגן די אַלע שוועריקייטן, וואָס זיי איז אויסגעקומען גובר צו זיין ביז זיי האָבן אויסגעברייטערט זייער אַרבעטס־ראַם, און וועגן זייערע אַרבעטס־

פּלענער אויף ווייטער. און ס'איז מיר געווען פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער ענדציל פון זייערע פּלענער גרייכט צו... ארץ ישראל. זיי וואָלטן שוין לאַנג יעדער איינער זיך געלאָזן אין וועג אַ הײַן. אָבער זיי האָבן באַשלאָסן, אַז קיין ארץ־ישראל דאַרף מען אַריינברענגען נישט נאָר זיך, אַ נאַקעטן, אַ הוילן מיט ליידיקע הענט, אויך ווען דאָס זענען אַ רבעטס־הענט. גריילעך פאַר ארץ־ישראל איז גוט צו ברענגען דעם גאַנצן קאָאָפּעראַטיוו, ווי ער שטייט און גייט. פרעגן זיי מיך אויס נישט נאָר וועגן דעם וועג פאַר זיך אַלס אַרבעטער, נאָר אויך פאַר די מאַשינען. פאַר דעם גאַנצן אינווענטאַר, דעם לעבעדיקן און מאַטעריעלן.

קאָן מען אַזוי אָנהייבן אַ נײַ לעבן דאָ, ווען מען האָט אין זינען נאָכאַנאַנד דעם וועג? צי הייסט עס נישט זיצן כסדר אויף די וואַליזעס און פּאַקן דעם טשעמאָדאַן? איז דער אמת, אַז אַלע, אַלע יידן אין פּוילן זיצן איצט אויף וואַליזעס און קוקן אַרויס די שעה און די מעגלעכקייט צו פאָרן. די וואָס זענען נאָך אַלץ ברוגז אויף ארץ־ישראל, ווילן פאָרן קיין בעלגיע, קיין פראַנקרייך, הלואי קיין אַמעריקע. אָבער די וואַליזעס זענען ביי אַלע צוגעגרייט. כ'דערמאָן זיך דאָס מיידל אין בריסל, וואָס איז אָקערשט געקומען פון בערגען־בעלזענער לאַגער. איך האָב זי דאָן נישט פאַרשטאַנען. געראַטעוועט זיך אין מאָמענט פון באַפרייאונג, האָט זי זיך גלייך געלאָזן אַליין אַהיים קיין לאָדזש. זי האָט נישט געוואָלט וואַרטן ביז מען וועט אָפיציעל אַריבערשיקן די לאַגער־מענטשן אין די אַלטע היימען. זי ווייס צו „שוואַרצן" גרעניצן און גיין איבער וועגן. האָט זי געאײַלט אַהיים, קיין לאָדזש, געחלומט צו טרעפן טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער, אַן אייגענע סביבה. זי האָט קיינעם נישט געטראָפן. אפילו דאָס הויז אין באַלוט איז צעשטערט, גראָד נישט דורך די נאַציס בעת דער אָקופּאַציע, נאָר דורך פּאָליאַקן נאָך דער באַפרייאונג. נישט קיין גואל, נישט קיין פריינט, נישט קיין היים, אין אַן אַטמאָספער פון אַנטיסעמיטיזם און בלינדער שנאה — וואָס קאָן אַזאַ מיידל דאָ טאָן, ווי קאָן זי בלייבן לעבן אין אָט־דער שטאָט, איר אַמאָליקער היים? אַ פאַרביטערטע און אַ פאַרצווייפלטע האָט זי זיך אומגעקערט. וווהין? ווו האָט זי זיך געהאַט צוריקצוקערן אויב נישט אין איר לאַגער, אין בערגען־

בעלזען? ס׳טייטש, ווי קאָן מען עס ביי זיך פועלן, צוריקגיין אין אזא לאַ־גער? אוודאי איז דאָרט איצט נישט דערזעלבער רעזשים, וואָס פריער ביי די נאַצים. איצט האַלטן דאָרטן וואך די באַפרייער. אוודאי שיסט מען נישט ביים שטעכל־דראָטיקן פּאַרקאַן, אָבער דער פּאַרקאַן גילט נאָך ווייטער, און פון יעדן ווינקל און פון יעדן ברוק־שטיין שרייט דער נעכטן, שווימען אויף בילדער, וואָס רויבן די רו... און פונדעסטוועגן איז דאָס מיידל געגאַנגען פון דעם באַפרייטן לאָדזש צוריק אין בערגען־בעלזען. שפּעטער האָט זי געפונען דעם וועג קיין בריסל און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל. אַ סך האָבן דערנאָך געפונען אָט דעם וועג. נישט קיין צופאַל איז עס געווען און נישט דער אויפטו פון אַ גוטן ציוניסטישן אַגיטאַטאָר. ארץ־ישראל האָט אָביעקטיוו געגעבן אַ תשובה אויף דעם אינטימסטן באַ־גער פון הארצן, אויף דעם עלעמענטאַרסטן פאַרלאַנג פון דער נשמה: אָנ־הייבן אַ נאָרמאַלן געזונטן פּראָדוקטיוון פרייען לעבן אין אַן אייגענער היימישער סביבה.

זענען שוין געווען איינצלנע חברים צווישן די וואָס האָבן זיך די ערשטע געלאָזן מיטן דאָזיקן וועג. אָבער דער פּאַרטייאישער קאָלעקטיוו איז געווען צוריקגעהאַלטן. די פּאָליטישע פּאַרטיי איז געווען שאָקירט. עס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער ארץ־ישראל־עמיגראַציע כלערליי גרופּירונ־גען און אָרגאַניזאַציעס, ווי פּאַר גוטע ב י ז נ ע ס; זיי האָבן דער־שמעקט, אַז דאָ קאָן מען אָפּלעקן אַ ביינדל און אפילו גוט פ אַ ר ד י־נ ע ן. האָט מען שפּעקולירט אויפן חשבון פון יידישע צרות און גע־שאַברעוועט יידישע בענקשאַפט אהיים. געריסן פון טויט און פון לעבעדיק, געשונדן די הויט און די פּרייזן זענען געשטיגן מיט יעדן טאָג, ווייל ס׳האָבן זיך געמערט די בעלנים. מ׳איז נישט געווען איבערקלייבעריש אינעם מענ־טשן־מאַטעריאַל. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה. אחוץ די וואָס האָבן געוואָלט לויפן קיין ארץ־ישראל, האָבן אַ סך געוואָלט אַ נ ט ל ו י פ ן. ס׳האָבן געווירקט פאַרשידענע מאָטיוון. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דורך דעם אַנטלויפן פון פּוילן געוואָלט זיך דערווייטערן פון... ראַטנפאַרבאַנד, פון צו בלייבן שטעקן אין זיין „17-טער רעפּובליק"... עס האָבן זיך צוגע־שאַרט כלערליי טיפּן און נפשות סיי צו די, וואָס זענען געלאָפן און סיי צו די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דאָס לויפן. ביי אַ טייל איז עס געוואָרן אַ

מיאוסער האַנדל, אַ שענדלעכער געשעפט, וואָס האָט געמוזט וואַרפן אַ שאָטן אויף דער גאַנצער אויסוואַנדערונג, אַרויסרופן אַ בייגעשמאַק ביי פּאַרטייען און מענטשן, וואָס ארץ־ישראל איז פאַר זיי קיינמאָל נישט געווען קיין געשעפט און זיי איז נישט געגאַנגען אין אויסנוצן זי פאַר דער קאַסע, סיי פינאַנציעל און סיי אויך פּ אָ ל י ט י ש. שלאָגן פּאָ־ליטישן קאַפּיטאַל, מחמת מ'איז ביים גליק־קעסטעלע, ווו עס געפינט זיך דאָס לאָמעריע־צעטל פאַרן אַריינפאָר אין אָרץ־ישראל.

דאָס האָט אָפּגעשטויסן די פּאַרטיי און די מענטשן, וואָס האָבן זייער גאַנצן לעבן געקעמפט פאַר דעם, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אָנערקענט, ווי דאָס פּ אָ ל י ט י ש ע פּראָבלעם פון יידישן פאָלק, און עס זאָל גע־פונען ווערן דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר וועג פאַר זיין לעזונג. נישט דורך הינטערטירלעך, האָט זיך זיי געדוכט, דאַרף גיין די יידישע אויסוואַנדע־רונג פון פּוילן, נישט ווי אַן אוֹמלעגאַלע, נאָר ווי אַ פרייער אָפיציעל־אָנער־קענטער מאַסן־שטראָם, געשטיצט פון דעם פּראָגרעסיוון דעמאָקראַטישן רע־זשים פון דער אויפגעלעבטער פּוילישער מלוכה. עס איז געווען די געפאַר, אַז די „אומלעגאַלע" אויסוואַנדערונג זאָל פּוגע זיין דעם אויטאָריטעט פון די רעגירונגס־אָרגאַנען און דעמאָראַליזירן דעם אַפּאַראַט, וויבאַלד מען רעדט־איבער באַאמטע און גרעניץ־היטער, עובר צו זיין אויף אַ מלוכה־שן „לאו" און אַוועקקוקן פון דער אָפיציעל גילטיקער פאַראָרדנונג. עס קאָן אוֹיסגעטייטשט ווערן ווי אונטערמינירן די אָרדנונג און צעטרייסלען די געזעצמעסיקייט פונעם נייעם רעזשים. וואָלט עס זיך געהאַנדלט וועגן אַ פרעמדן, פאָליטיש־פיינטלעכן אָדער קעגנערישן רעזשים — איז אדרבא ואדרבא, אַ מצווה אים אונטערצושטעלן אַ פיסל און אַראָפּפירן זיינע מענטשן פון דרך הישר. אָבער די איצטיקע רעגירונג איז דאָך אַ א ו נ־ד ז ע ר י ק ע, וואָס מיר זענען מיטן גאַנצן האַרצן גרייט איר צו העלפן אין אַלע אירע אָנשטרענגונגען צו פאַרפעסטיקן איר ממשלה אין לאַנד. מאָ ווי קאָנען מיר מאָן „אומלעגאַלע" אַרבעט ק ע ג נ איר? מילא, אַנ־דערע גרופּירונגען אינעם ציוניזם האָבן נישט קיין אינטערעס פאַר דעם לעבן דאָ און פאַר דעם קאַמף אין דער נישט־יידישער סביבה. אָבער מיר האָבן דאָך פון שטענדיק געהאַט אינטערעס צום פּאָליטישן קאַמף אויפן אָרט און זיך אין אים אקטיוו באַטייליקט; מיר האָבן אָנערקענט אונדזער

פליכט צו ווירקן אויף דער איבערגעשטאַלטונג פון דער אַרומיקער סביבה, וועלכע איז דירעקט משפיע אונדזער לאַגע און אַנטוויקלונגס־אויסזיכטן — היינט ווי קאָנען מיר אונטערגראָבן דעם מאָראַלישן יסוד פון אונ־דזער רעזשים?

האָט זיך געבעטן דער לאָגישער אויספיר: אויב נישט באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער אָרגאַניזירונג פון דער „אומלעגאַלער עמיגראַציע" קיין ארץ־ישראל — וואָס פאַר אַ זין האָט פאַר דער פּאַרטיי אויפצושטעלן יוגנט־קיבוצים? אָרגאַניזירן די יוגנט פּאָליטיש און קולטורעל — געוויס. וועט עמיצער שפּעטער וועלן פאַרבינדן זיין גורל מיטן גורל פון ארץ־ישראל — מהיכי תיתי. מירן אים נישט שטערן. מירן אים בפירוש העלפן צו געפינען די געהעריקע גוטע פאַרבינדונגען. אָבער דער פּאַרטייאישער קאָלעקטיוו זאָל עס לכתחילה, בכיוון אַריינגעמען אין זיין פּלאַן — ניין, ס'איז נישט זיין וועג.

האָב איך אויף מיין נסיעה דערקענט די חברים אין זייער טאָג־טעגלעכקייט און זיך איבערצייגט, אַז ס'איז פאַראַן אַ געוויסע סתירה צווישן דעם, וואָס זיי טראַכטן אַלס חברים יעדער פאַר זיך, און דעם, וואָס זיי, אַלס קאָלעקטיו, זאָגן און טוען. אויך זיי זעען נאָך נישט די גאַנצע יידישע ווירקלעכקייט אין איר פולקייט, אין איר צוויי־שטחימדיקייט, ווו עס טרעפן זיך צונויף פּוילן מיט ארץ־ישראל, חורבן און אויפבוי, אומקום און אויפקום. ס'האָט זיך אָנגערוקט אַ צייט, ווען מען קאָן נישט מאַכן דעם חשבון־פּוילן אָן דעם חשבון־ארץ־ישראל. ארץ־ישראל איז אויך נישט מער קיין פּערספּעקטיוו - ציל, בנוגע וועלכן מ'קאָן יוצא זיין מיט רעזאָלוציעס. אַזוי האָט מען זיך געקאָנט נוהג זיין כל־זמן מען האָט זיך אַליין, אינדיווידועל, נישט גענויטיקט אין איבעראַנדערשן דאָס לעבן און מ'האָט געהאַט אויסזיכטן זיך איינצוואָר־דענען אין היגע אָרטיקע באַדינגונגען — בעסער צי ערגער. ווי נאָר עס האָט זיך אַוועקגעשטעלט די שאַרפסטע פּערזענלעכע פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי איינצואָרדענען זיך אַליין, און נישט שפּעטער, באחרית הימים, נאָר טאַקע היינט, מאָרגן, — האָט מען מער נישט געקאָנט אָפּלייגן און אָפּ־שטופּן דעם ענטפער. זיך מוז מען ענטפערן שוין, באַלד.

עס איז נאָך עפּעס קלאָר געוואָרן, אַז פּאַרטיי טאָר נישט איגנאָרירן

אַט דעם פּערזענלעכן מאָמענט, נאָר פאַרקערט, זי מוז אים אַריינגעמען אַלס עיקרדיקן. דאָס פּערזענלעכע און דאָס כּללישע ווערן אין איצטיקער תּקופה צונויפגעפּאָרט און באַהאַפטן אין העכערן סינטעז. דער סאָציאַליזם דערשיינט נישט מער, ווי אַ ווייטע שטרעבונג, וואָס די קומענדיקע דורות וועלן זי רעאַליזירן און פון איר געניסן. ס'איז אַ קאַמף פאַר היינטיקע רעאַלקייטן, פון וואָס יעדער איינער וויל און קאָן געניסן אין סאַמע קאָנקרעטער ממשותדיקער פאָרם. דאָסזעלבע איז איצט ציוניזם נישט קיין אַבסטראַקטער חלום וועגן באַפרייען און נאָרמאַליזירן דאָס נאַציאָנאַלע לעבן פון אונדזערע קינדס־קינדער. דער אויפטו אין ארץ־ישראל איז אַ ממשות ה יי נ ט, פאַר יעדן איינעם פון יידישן כּלל. יעדער איינער קאָן שוין איצט אַליין געניסן פון די דערגרייכונגען פון ציוניזם. אַ יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי דאַרף באַזירן אויף יידישע אַ ר ב ע ט ע ר, פאַראויסזען זייער היסטאָרישן גאַנג און אַקטיוו פירן די מאַסן אויפן דאָזיקן וועג. אַקטיווער גראַנגל פאַרן ציוניזם הייבט זיך אָן נאָך דאָ, ווייט פון די געאָגראַפישע גרעניצן פון ארץ ישראל. מ'קאָן נישט אָפּלאָדירן דעם קאַמף אין שפּיים און גבעת חיים און אַליין מורא האָבן פאַרן אומלעגאַלן ציוניזם ערגעצוואו. פונקט ווי ס'איז פאַלש אָפּצוטיילן די רויטע אַרמיי פון איר יניקה־קוואַל — פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אַזוי איז אויך פאַלש צו אָנערקענען די קאָלאָסאַלע ווערט פון ארץ־ישראל און נישט וועלן זען אין דער קיבוצישער און עליה־באַוועגונג די פאַרקערפּערונג פונעם ציוניזם.

דאָס נייע פּוילן האָט פאַרשטענדעניש פאַר דער שטרעבונג פון יידישע מאַסן אויפצוריכטן זיך אין ארץ־ישראל; כ'האָב איין־איינציק מאָל באַזוכט בעלוועדער און געשמועסט מיט אַ פּוילישן פּרעזידענט, געשמועסט אַלס ארץ־ישראלדיקער. געווען אַ לענגערער חברישער שמועס. הינטער מיינע רייד איז געווען איין־איינציקער אויטאָריטעט: דאָס ארץ־ישראל־ווערק. כ'האָב זיך געפילט בארעכטיקט צו באַטאָנען די אָנטשיידנדיקע ראָל פון יידישן אַרבעטער אינעם נאַציאָנאַלן ווידעראויפבוי. פּרעזידענט ביערוט האָט וועגן דעם געוווסט און עס אָקצעפּטירט אַלס פּאָזיטיווע דערשיינונג. ער האָט אויסדריקלעך דערקלערט, אַז די רעגירונג וועט דערלויבן די יידישע אויסוואַנדערונג פון פּוילן קיין ארץ ישראל. איז אין וואָס די מניעה? אין דעם, וואָס די ע נ ג ל י ש ע רעגירונג האַלט פאַרמאַכט

די טויערן פון ארץ־ישראל. קאָן דען געמאָלט זיין, אַז די פּראָגרעסיווע פּויליש רעגירונג זאָל איר פּאָליטיק לגבי דער יידישער פרייהייטס־באַוועגונג ריכטן לויט דעם דיקטאַט פון ענגלאַנד, ווו די לייבאָר־רעגירונג איז נאָך איינגעשפּאַנט אינעם וואָגן פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק? יידן זענען גרייט איינצושטעלן דאָס לעבן, דורכברעכן אַלע צוימען און גראַטעס כדי אַדורכשפּאַרן זיך קיין ארץ־ישראל. ס'איז אַ וועג פול געפאַר. יידן שרעקן זיך נישט אָפּ. נאָך די קאַלך־אויוונס און גאַז־קאַמערן האָבן זיי נישט מורא פאַר קיין שום שטער און אָפּהאַלט. די רעגירונג (דערויף איז זי דאָך אַ רעגירונג!) קאָן אָפּיציעל נישט מסכים זיין אַרויסלאָזן אירע בירגער אין אַ לאַנד, וווהין מען לאָזט זיי אָפּיציעל נישט אַריין. אָבער דאָס איז דאָך בלויז אַ פאָרמעלע קעגנערשאַפט. אין תּוך איז די רעגירונג פאַר יידישער אויסוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל. אין תּוך איז דער יידישער אויסוואַנדערער אין קאַמף קעגן אַן אַנדערער רעגירונג, קעגן יענער, וואָס לאָזט אים נישט אַריין אין זיין היים. וועלכע פּאָליטישע לאָגיק און וועלכע סאָציאַליסטישע מאָראַל קאָן אונדז דיקטירן, מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אונדזער גערעכטן קאַמף, ווו מיר זענען גרייט אָפּצוגעבן דאָס לעבן, נאָר כדי נישט צו שטעלן די פריינטלעכע צו אונדז רעגירונג אין אַ פאָרמעל אומבאַקוועמער סיטואַציע? אַזאַ דזשענטעלמענישקייט טאָרן מיר זיך נישט דערלויבן, ווען עס גייט וועגן אונדזער גורל־קאַמף, ווען עס גייט וועגן דעם, מיר זאָלן באמת ראַטעווען די אָפּגעראַטעוועטע און שאַפן באַדינגונגען פאַר די באַפרייטע צו לעבן פריי אין זייער אייגענער היימישער נאַציאָנאַלער סביבה. דאָס וואָלט געווען אַ ליגן לגבי אונדזערע אומגעקומענע, אַ ליגן לגבי דעם, וואָס מוז אויפקומען אין אונדזער לעבן.

אַ פּאָליטישע פּאַרטיי טאָר נישט און קאָן נישט איגנאָרירן אַ סטיכישע באַוועגונג, וועלכע פאַרכאַפּט און רייסט־מיט, ווי אַ מעכטיקע לאַווע, צענדליקער טויזנטער יידן. אויף וויפל זי זעט אין דער באַוועגונג שעדלעכע עלעמענטן און אומגעוווּנטשענע דערשיינונגען, איז איר חוב „אַריינצומישן" זיך אין דעם גאַנג פון דעם „סטיכישן פּראָצעס", אַריינטראָגן אין אים סדר און רעגולירן אים אין די אינטערעסן פון די מאַסן, וואָס מוזן

אַריינגעצויגן ווערן אין אים. קעמפן קעגן די מאַראָדערן און פּאַראַזיטן פון דער יידישער אויסוואַנדערונג, באַזייטיקן און אויסראָטן די פּאַניק און בהלה דורך אַריינברענגען באַוווסטזיין און פּאָליטישן תכלית.

איצט האָב איך זיך געקאָנט, ניין, געמוזט טרעפן מיטן פּאַר־טייאישן קאָלעקטיוו. כ׳האָב געהאַט די אינערלעכע איבערצייגונג, אַז מיר וועלן רעדן איין און די זעלבע שפּראַך, די שפּראַך פון דער נייער יידישער אומעטומיקייט.

נאָך דעם, ווי כ׳האָב געהאַט באַזוכט אַ רייע צענטרען, ווו עס ראַנגלט זיך דאָס יידישע לעבן צו געפינען פאַר זיך פאָרם און אינהאַלט, ראַם און ריכטונג, יסוד און ציל, נאָך דעם, ווי כ׳האָב זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט טויזנטער און טויזנטער יחידים פון פאַרשידענע פּאַרטייען, פאַרנו־מען אין אינטימע געשפּרעכן זייער אויפריכטיקן אמת, דעם פּערזענלעכן, דעם משפּחהדיקן און אפילו געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, — נאָך דעם אַלעם האָב איך געהאַט אַ אינערלעכע באַדערפעניש צו טרעפן זיך מיטן פּאַרטייאישן קאָלעקטיוו.

XX

# אויסטערלישע מתנות

צום פּאַרטיי־צוזאַמענפאַל בין איך געקומען דירעקט פון מאַידאַנעק. מיר זענען דורכגעפאָרן וואַרשע און גלייך אַוועק קיין לאָדזש. דאָ, אין ל אָ ד ז ש, און נישט אין וו אַ ר ש ע, וועלן מיר זיך טרעפן דאָס מאָל. מיט יאָרן צוריק, נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען נאָר־וואָס באַפרייטע פּאָליאַקן האָבן געטריבן די דייטשן, בין איך געקומען צום ערשטן לעגאַלן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי אין וו אַ ר ש ע. געפאָרן בין איך פון ביאַליסטאָק דורך ל אַ פּ י. ס'איז געווען די באַרימטע „סטאַנציע לאַפּי", ווו פּוילישע כוליגאַנעס האָבן געשלעפּט יידן פון די צוגן און זיי גע־ממיתט אכזריותדיק און אָנגעוואָרפן אויף דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג אַ פּאָגראָם־פּחד. חברים האָבן מורא געהאַט, איך זאָל פאָרן דורך לאַפּי, און מיר האָט זיך דווקא געגלוסט גיין מיטן „יידישן" וועג. פּילן זיך, ווי אַן אייגענער.

אין וואַרשע האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט דעלעגאַטן פון אַלע עקן פונעם נאָר-וואָס באַפרייטן און איצט אומאָפּהענגיקן פּוילן. פון אונטער דער ערד האָבן אַרויסגעשפּראָצט, אין שטעט און שטעטלעך, צענד־ליקער אָרגאַניזאַציעס. ס'האָט געשטורעמט דער אויפגעברויזטער ווילן צו אַ געזונטן, פרייען נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן, און ס'האָט זיך גע־שמייכלט דער גלויבן אין דעם נצחון פון סאָציאַליזם. פּוילנס פריי־הייט און אומאָפּהענגיקייט האָבן געגעבן די ערבות און גאַראַנטירט די אומפאַרמיידלעכקייט אויך פון יידישער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט סטימולירט די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד

און ס׳האָט זיך פֿאַראויסגעפֿילט דער רעוואָלוציע־מאַרש אין אַלע לענדער, ביי אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער. דער פּועלי־ציוניזם איז אויפֿגעקומען מיט אורקראַפֿט פֿון אַ פֿאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט מיטגעריסן אַרבעטער, אינטעליגענץ און האָרעפּאַשנע פֿאָלקס־מענטשן.

אין דער „אַרבעטער־היים" אין וואַרשע, אויף קאַרמעליצקע 23, האָט זיך קאָנצענטרירט די פּאַרטייאישע יום־טובדיקייט. דעלעגאַטן האָבן זיך באַקענט איינער מיטן צווייטן און דערקענט די אויפֿגעשטיגענע קאָלעקטיווע קראַפֿט; מען האָט זיך דערוווּסט פֿון ווייטע און אַרומגעכאַפּט מיט נאָענטע. ס׳איז געווען צופֿרידן די עלטער, וואָס האָט דערלעבט... ס׳האָט געטאַנצט די יוגנטלעכקייט, וואָס ווערט רייף אין געפֿיל און אין באַוווּסטזיין פֿון דער אחריות לגבי ק ל אַ ס און פֿ אָ ל ק. סאַראַ פֿרייד האָט אַרויסגעלויכטן פֿון אַלעמענס אויגן, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן דערשיינען די טייערע געסט, פֿירנדיקע חברים פֿון גאַליציע און פֿון עסטרייך און פֿון בערלין. איך האָב געבראַכט גרוסן פֿון ארץ־ישראל און פֿון אַמעריקע און פֿונעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, ווו דער אַרבעטער־קלאַס באַמיט זיך צו פֿאַרפֿעסטיקן די נאָר־וואָס דעראָבערטע מאַכט־פּאָזיציעס.

פֿעסטע אַרבעטער־אָרעמס האָבן מיך אַרומגענומען, אויפֿגעהויבן, און טרייע חברישע הענט האָבן מיך אַרויפֿגעטראָגן צום צוזאַמענפֿאָר ביז צו אונדזער אַלטער, אין קאַמף אויסגעפּרוּווטער פּועלי־ציון־פֿאָן. ס׳איז געווען דער ערשטער לעגאַלער פּועלי־ציון־צוזאַמענפֿאָר אין פּוילן, ערב באַראַכאָווס ערשטן יאָרצייט. כ׳קוק זיך איין אין די שיינענדיקע פּנימער. איך האָב זיי ס׳רוב נישט געזען, אָבער איך קען זיי. איך דערקען צענדליקער און צענדליקער, עלטערע און יונגע, לויטן געזיכט און לויט דעם נאָמען. זיי פֿאַרקערפּערן דעם מוח און כּוח פֿון דער באַוועגונג, זיי סימבאָליזירן איר קלאָרן געדאַנק, איר קאַמפּס־אַנטשלאָסנקייט, איר אומבויגזאַמען ווילן צו רעאַליזירן דעם אידעאַל, טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטערונגען. עס שפּירט זיך אין דעם גאַנצן שטעל זייערן די זיכערקייט אין דעם אמת פֿון אונדזער אידייע. אָט האָבן מיר דערלעבט דעם גרויסן טאָג פֿון באַפֿרייונג, און די יידישע מאַסן ציִען זיך צו אונדז, ברענגען אונדז זייער צוטרוי און גלויבן, זייער ליבע און טרייהייט. זיי האָבן געשיקט צום צוזאַמענפֿאָר זייער גרוס. זיי זענען גרייט צום קאַמף. שטענדיק גרייט!

קאָן מען דען פאַרגעסן אָט־יענע ערשטע באַגעגעניש אויפן פּועלי-
ציון־פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, דעצעמבער 1918?! אין די פאַר־
שידנסטע ישובים פון יידישער צעזייטקייט האָב איך מיט יאָרן שפּעטער
געטראָפן חברים, וואָס האָבן מיט זעלטענער צאַרטקייט אויפגעהיט אין
האַרצן די פרישקייט פון יענער מערקווירדיקער, כמעט מיסטישער איי־
בערלעבונג, וועלכע האָט זיי געטרייסט און געמוטיקט אין די שווערסטע
און ביטערסטע מינוטן פון זייער לעבן, אין גערא֜נגל מיט זיך און מיט די
אָנרייצנדיקע און פאַרפירערישע פאַקטאָרן, וואָס האָבן זיי געוואָלט אוועק־
שלעפן אויף זייטיקע קרומע וועגן.

איצט, נאָך דער נייער באַפרייאונג פון פוילן, פון וואַנען די דייטשע
האָרדעס זענען ווידער פאַריאָגט געוואָרן, קום איך ווידער צום פאַרטיי-
צוזאַמענפלי. כ׳קום נישט פון ל א פ י, נאָר פון מ א י ד א נ ע ק.
אויך אַ „יידישער" וועג. לאַפּי איז געווען אַ שפּילכל פון קאַליקעס־אַמאַ־
טאָרן קעגן דעם ריזן־ווערק פון מאַידאַנעק, וואָס וועט בלייבן אַלס איי־
ביקער שאַנד־מאָנומענט פאַר דער ציוויליזירטער מענטשהייט. ס׳איז דער
זעלבער חודש דעצעמבער, דער חודש פון באָראָכאָוו־יאָרצייט. 28 יאָר
זינט דעם זיג פון אָקטאָבער, זינט דעם טויט פון גאונישן לערער. ערשט
איצט, נאָכן צווייטן וועלט-קריג, הויבט מען אָן אָנערקענען און באַנעמען
די ליכטיקע אמתן פון באָראָכאָוויזם, זיין טיף אַריינדרינגענדיקן אַנאַליז
פון דער יידישער ווירקלעכקייט, די שאַרפקייט און ווייטזיכטיקייט פון זיין
פּראָגנאָז און דעם היסטאָרישן זין פון זיינע קאַמפס־לאָזונגען. מאַידאַנעק
האָט אויפגעדעקט די טראַגעדיע פון יידישער אויסנעמלעכקייט און דער
אויפשטאַנד אין די געטאָס האָט אַנטפּלעקט די גוואַלדיקע שעפערישע
קראַפט, וואָס איז פאַרבאָרגן און שלומערט אין אונדזער נאַציאָנאַלן אָר־
גאַניזם.

דער פאַרטיי־צוזאַמענפלי איז באַשטימט דאָס מאָל אין לאָדזש און
נישט אין וואַרשע. וואַרשע איז אָנגעזאַפּט מיט חורבן. לאָדזש פאַרמעסט
זיך אויף אויפבוי. וואַרשע איז פול אבלות. די שטיינער פון די ווענט און
פון די אָפּגעמעקטע גאַסן וויינען אויף דעם, וואָס איז געווען און איז
מער נישטאָ. אין לאָדזש, אויב מען איז נישט אין באַלוט, פאַרגעסט מען
זיך אַמאָל און מען טוט אַ שמייכל. אין וואַרשע כאַפּט מען זיך נישט

אַרוים מיט אַ י י ד י ש וואָרט. ס'איז נישט נאַטירלעך, פּריקרע. אין לאָדזש גיט נאָך פלוצלינג אַ פּלייץ יידיש, ווי אין די גאָר אַלטע צייטן. אין וואַרשע זענען כמעט נישטאָ קיין... וואַרשעווער. אַפּילו דאָס ביסל אמתע וואַרשעווער זענען איצט... פּראַגער. פּראַגע איז נישט... וואַרשע. נישטאָ דאָ יענע יידישע רחבות, די אויפגעלייגטקייט ביי אייגענער באַלעבאַטיש־קייט, ביי זיך אין דער היים. אין פּראַגע פילט מען זיך ווי אַ ש כ ן, וואָס באַמיט זיך צו לעבן בשלום מיטן באַלעבאָס און נישט דערוועקן ביי אים, חלילה, קיין אומחן.

לאָדזש פאַרמאָגט... לאָדזשער. זיי האָבן דאָ טאַקע געהאַט זייער אייגענעם געטאָ, אַפּילו באַגליקט געוואָרן מיט אַן אייגענעם „פירער", דעם באַרימטן ראש הקהל רומקאָווסקי, וועמעס אָפּאָריזמען און לאָזונגען פאַראָרדנונגען טרעפט מען נאָך עד-היום אין די לוחות, וואָס זענען פאַרבליבן פון דאַן לזכרון. די לאָדזשער האָבן דורכגעמאַכט דעם שטורעם אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן און וואָלטן כמעט זיך אַרויסגעדרייט פונעם מלאך המוות, ווען נישט דער לעצטער אָנגריף, וואָס האָט מיטאַמאָל אָוועקגעפּטרט צענדליקער טויזנטער פון זיי. דאָ זענען געבליבן די זעלבע אַלטע גאַסן אין דער צוריק־פאַרדייטשטער שטאָט „ליצמאַנשטאַדט"; ס'האָבן זיך ווו נישט ווו פאַרוואַלגערט מנינים יידישע איינוווינער. די צוריקגעקומענע און צוריק־אויפגעלעבטע יידישע פאַמיליעס און אָרגאַניזאַציעס געניסן דאָ, זינט דער באַפרייאונג, מיט אַ ברייטער האַנט פון פּוילישער באַנייאונג; זיי האָבן זיך על פּי רוב איינגעאָרדנט אין פּרעכטיקע געביידעס און נגידישע היימען: די שול און דער קיבוץ און די „אַרבעטער־היים", אַ פּשיטא דער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט, די רעדאַקציע פון דער ערשטער יידישער צייטונג, דער צענטער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, די ערשטע און דערוויל נאָך אַלץ איינציקע אין גאַנץ פּוילן יידישע דרוקעריי. שטורעמט די יוגנט גאַנץ אָפּט מיט לידער, וואָס גיסן זיך אַרוים אין די גאַסן און דערמאָנען די זמירות און ניגונים פון אַמאָל, וועקן האָפענונג, רייצן די פאַנטאַזיע און מאָלן אין ראָז די פּערספּעקטיוו...

אויך איצט זענען געקומען צענדליקער דעלעגאַטן און חברים פון פאַרשידענע עקן לאַנד, פון פאַרשידענע פּונקטן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן. פון לובלין און פון קראָקע, פון קאַטאָוויץ, פון טשענסטאָכאָוו און

פון ריכבאך. אפגעראטעוועטע האלעוועשקעס. ניצול געוואָרענע יחידים. אין זייער בליק זענען געבליבן פארשטארט אויף אייביק אָשוויענטשים און מאידאנעק. זייער שטים האָט באקומען אַ מאָדנעם קלאַנג: ס'איז אַ שטים פון יענער וועלט און פון יענער צייט. היינט פארשפּארט מען צו ווארטן מיט דער דערעפענונג. ז י י  װ ע ל ן  נ י ש ט  ק ו מ ע ן. נישט בוקסבוים און נישט זאגאן און נישט האלענדערסקי; נישט לאזער סטאָלער און נישט רינגעלבלום און נישט פריינד; נישט פאָליע און נישט מינע און נישט פייגע; עס וועלן נישט קומען די אַלע פאַרשטייער פון דער  פ א ר ט י י  און פון דער  י ו ג נ ט  און פון  י ו נ ג ב א ר און פון דער ספּאָרט־אָרגאניזאציע „שטערן"־„גוויאזדא" און נישט פון די קולטור־אינסטיטוציעס, די שולן, די אָוונט־קורסן און די ביבליאָטעקן. ז י י  וועלן נישט קומען. זיי זענען אומגעקומען. אין טרעבלינקע און אין אָשוויענטשים, אין מאידאנעק און אין פּאָניאטאָוו, אין דאכאו און אין בירקענאו, איז בערגען-בעלזען און אין בעלזשעץ, אין בוכענוואלד און אין די געטאָס. ווער — אַ פארשלעפּטער אין קאלך־וואגאָן און ווער — מיט געווער אין האנט בעתן אויפשטאנד. לערער און תלמידים פון אונדזע־רע שולן, חברים־טאטעס און זייערע קינדער, פּארטיי־פירער און די מאסע מיטגלידערשאפט. זייער אַלעמענס אש איז צעזייט איבער גאנץ פּוילן. די גאָרע פּוילישע ערד איז אָנגעטרונקען מיט זייער בלוט.

דער אין שווארצן איינגעראַמטער יזכור־טאָוול אויף דער וואנט האָט פארצייכנט צענדליקער נעמען פון די אַקטיווסטע באקאנטסטע חברים; אָבער דאָ, אין זאַל, שוועבט אצינד דער זכרון פון דעם אַנאָנימען  ח ב ר, פון טויזנטער און טויזנטער נאָמענלאָזע חברים. ווינציקע, געציילטע זע־נען געבליבן, וואָס האָבן דורכגעוויטיקט די גאנצע צייט, דורכגעטראָגן נישט נאָר דעם פערזענלעכן און פאמיליען־צער, נאָר דעם צער פון דער פּארטיי און פון דער באוועגונג. זענען אַלע אויגן און הערצער געווענדעט צו דער איידעלער, קרישטאל־ריינער. פיגור פון דעם איינציק געבליבענעם מיטגליד פון אמאָליקן צענטראל-קאָמיטעט פון דער פּועלי־ציון־פארטיי, הבר ד"ר  א ד א ל ף  ב ע ר מ א ן.  ער האָט געהאט די שווערע אחריות, אָבער אויך די גרויסע זכיה צו בלייבן דער איינער פון די אמאָ־ליקע ביי דער פאָן, ווען יענע איז געפליקט געוואָרן און געבלוטיקט צוזאַ־מען מיט דער מיטגלידערשאפט, מיט די 6 מיליאָן יידן פון דער בייזער

ווירקלעכקייט. ער איז געבליבן און אויסגעהאַלטן אויף זיין פּאָזיציע מיט אַזוי פיל כבוד און מאָראַלישער שיינקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערן קעמפער, פון אַ רעפּרעזענטאַנט פון פּועלי־ציוניזם כלפּי פנים און כלפּי חוץ.

אַ נאַכט און אַ טאָג און ווידער אַ נאַכט זענען מיר געזעסן אויפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאַל, דורכגעלופּטערט געפילן, מיינונגען און געדאַנקען. קאָנטראָלירט דאָס כללישע און אינדיווידועלע, געזוכט דעם סינטעז צווישן דעם געשעענעם אין פּוילן און אין דער וועלט, אין דער יידישער און אין דער נישט־יידישער גאַס, אַרויסגעבראַכט דעם פּיין און גרויל פון דעם פּוילישן חורבן און אויפגענומען דעם געשיכטלעכן פּאַטאָס פון דעם ארץ־ישראלדיקן ווערק. אין גייסטיקע און געדאַנקלעכע ווייען האָט זיך געפורעמט און געשטאַלטיקט דער נייער פּאַרטייאישער נוסח, וואָס האָט אין זיך איינגעוועבט אָרגאַניש פּוילן און ארץ־ישראל. ס'האָט זיך אריינגעפלאָכטן, ווי אַ גליענדיקער און פלאַמיקער רינג, די גראַנדיעזע באָראָכאָווער אַקאַדעמיע, וווּ אַ פּאָר טויזנט יתומים פון די אַמאָליקע 6 מיליאָן האָבן אין הייליקן עקסטאַז געשווירן צו נעמען נקמה פאַרן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק און אָפּגעבן דאָס גאַנצע לעבן פאַר דער אויפריכטונג פון אַ יידישן אַרבעטס־פאָלק אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער היים ארץ־ישראל.

דערוואַקסענע מענטשן האָבן געכליפּעט ווי קליינע קינדער ביי דער דאָזיקער שבועה אינעם ריזיקן זאַל, בעת טויזנטער האָבן שטייענדיק נאָכגעזאָגט אין הארצן. וואָרט ביי וואָרט די באַשווערונג, נישט צו רוען און נישט צו מאַכן שלום מיטן אַרומגעצופּטן קיום אונדזערן, נישט צו מפקיר זיין די טייערע קברים פון די קדושים וטהורים, נאָר זיי מיטנעמען מיט זיך, טיף אין נשמה און אין געמיט, טראָגן זיי איבער ימים און דורך וועלדער צום ליכטיקן מאָרגן און אויסלעבן זייער נישט־אויסגעלעבטן לעבן.

אַרום 4 פאַרטאָג איז עס געווען, ווען דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאַל האָט פאַרענדיקט זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן און אַ וואַרשעווער חבר האָט מיר צום אָפּשייד צוגעטראָגן אַ מתנה: אַן אורנע אַש און ערד פון די אומגעקומענע חברים, וואָס זענען באַגראָבן אויפן וואַרשעווער בית־עולם. ער האָט מיך געבעטן מיטנעמען די ערד קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו געפינען אַ תיקון פאַר די נשמות פון די געפאַלענע העלדן אין דעם אויפבויווערק פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

און גלייך נאָך אים איז אויפגעשטאַנען אַ צווייטער חבר, פון טשענסטאָכאָוו. אויך ער האָט געבראַכט אַ מתנה. נישט זיינע אַ פּערזענלעכע, נאָר פון די חברים פון טשענסטאָכאָוו. אין דער לעצטער שעה פאַרן חורבן פון יידישן געטאָ, ווען ס'איז שוין נישט געווען קיין אויסזיכט עמיצן צו ראַטעווען, האָבן חברים באַשלאָסן אָפּצוראַטעווען די פּועלי־ציון פאָנען. זאָל מען כאָטש זיי נישט פאַרשוועכן און נישט פאַר־אומרייניקן. האָבן חברים איינגעמויערט די פאָנען פון דער פּאַרטיי און פון דער יוגנט אין אַ הויז, מחוצן געטאָ, וואָס ס'זענען געווען שאַנסן, עס זאָל בלייבן, אויב נאָר די שטאָט וועט בלייבן און איבערקומען די קאַ־טאַסטראָפע. בלויז אַ פּאָר חברים האָבן געוווסט דעם סוד, ווו ס'זענען איינגעמויערט די פאָנען. די נאַצים האָבן צעטריבן און צעיאָגט די חברים איבער כלערליי אַרבעטס־לאַגערן און טויט־פאַבריקן, און די חברים האָבן אומעטום מיט זיך מיטגענומען די געהיימניש. שטייענדיק נאַקעטערהייט צום „אַפּעל" ביים קנאַקנדיקן פראָסט, לויפנדיק מיט די לעצטע כוחות אי־בער קילאָמעטערדיקע פעלדער, אונטערן סווישטש פון בייטש און וואַרטנ־דיק אויפן שטריק פון דער תליה. יעדעס מאָל פאַרן צעשיידן זיך האָבן די אוועקגייענדיקע איבערגעגעבן די איבערבלייבנדיקע די געהיימניש פון די פאַרמויערטע פאָנען: אויף דער און דער גאַס, אין דעם און דעם הויז, אויף דעם און דעם שטאָק, אַזוי פיל און אַזוי פיל ציגל פון ברעג און פון דער הויך, רעכטס נעבן פענצטער, זענען איינגעמויערט די פאָנען פון פּועלי־ציון. געדענקט חברים, טייערע, דאָס הייליקע אָרט און גיט וועגן אים אי־בער אַ צווייטן. ווען ס'וועט קומען דער טאָג פון גאולה, זאָלט איר נישט פאַרגעסן גיין צו יענעם פּלאַץ און אויסלייזן די פאָנען. ווי רירנדיק מענ־טשלעך האָט דער דערציילער איבערגעגעבן וועגן דעם חבר פרענקעל־ט־קע, וואָס איז געלעגן קראַנק אויפן טויטן־בעט און אין גסיסה־צושטאַנד צוגערופן צו זיך אַ חבר און אים, אין שטאַמלענדיקן מורמל, אָנפאַרטרויט מיט אַ נישט־דאַאיקער שטים דעם סוד: געדענק און געדענק, חבר. אַז ס'וועט קומען דער טאָג פון באַפרייאונג, זאָלסטו נישט פאַרגעסן אָן אונ־דזער אוצר...

און אַז ס'איז געקומען דער גרויסער טאָג און חברים האָבן זיך פון די לאַגערן אומגעקערט צו זיך אַהיים אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי גע־



צווישן די געראטעוועטע יידן אין קאטאָוויץ.

טראָפּן חורבן און חורבן: נישט קיין עלטערן און נישט קיין קינדער, נישט קיין פריינט און נישט קיין חברים. האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן די פּאָנען. צי זענען אויך די פּאָנען אומגעקומען? זענען זיי אוועק צו יענער גאַס און אויפגעזוכט יענץ הויז און אַרויפגעקלעטערט אַרויף צו יענער וואַנט, ביים ברעג פון פענצטער רעכטס, אויפן צווייטן שטאָק און געגומען זוכן און נישטערן, כדי צו געפינען די באַהאַלטענע פּאָנען. זיי האָבן דעם אוצר אָפּ־געזוכט. זיי האָבן אים געבראַכט אַהער — אַ מתנה דעם צענטראַל־קאָמי־טעט פון דער פּאַרטיי. די אומגעקומענע חברים האָבן מיטגענומען מיט זיך די געהיימניש פון זייער אייגן לעבן, אָבער די געהיימניש פון די פּאָנען האָ־בן זיי איבערגעגעבן בירושה אַנדערע. ס'איז די געהיימניש פון דער פּאַרטיי, פון דעם יידישן אַרבעטער־כלל. זאָל זי איבערגיין פון דור צו דור, פון על־טערן צו קינדער און צו קינדס־קינדער. די פּאָנען האָבן צו דערציילן נישט בלויז פון אומקום און דערנידערונג. די חברים האָבן אין מינוטן פון מענטשלעכער געפּאַלנקייט און שענדונג געדענקט די פּאָנען און געאָטעמט מיט זייערע הייליקע לאָזונגען. אין זכות פון די פאַרמויערטע פּאָנען האָבן זיי נישט פאַרצווייפלט אין מ ע נ ט ש און געווען זיכער אין אויפקום פון יי ד, אויב אַפילו זיי אַליין פּערזענלעך וועלן שוין נישט דערציען ביז דאַן. געהערן דעריבער די פּאָנען דער פּאַרטיי, דעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָט זיי גייסטיק געטראָגן הויך איבער דעם געטאָ און לאַגער און געוואַכט איבער זייער ערע און אמת.

אַ הייליקער ציטער נעמט אונדז אַלע דורך, ווען חבר בערמאַן דער־לאַנגט מיר איינע פון די אַרויסגעמויערטע פּאָנען, איך זאָל זי איבערגעבן דעם הויפּט־שטאַב פון דער באַוועגונג — דעם פּאַרבאַנדס־ביוראָ אין קעמפנדיקן און שאַפנדיקן ארץ־ישראל.

אַן אורנע מיט אַש פון די אומגעקומענע און אַ רויטע פּאָן פון די קעמפנדיקע!

אויסטערלישע מתנות!

ביידע זענען זיי נייטיק פאַר אונדז. נישט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אין דער גאָרער וועלט. מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז די אַש פון די זעקס מיליאָן זאָל בלייבן צעוויייעט איבער די פעלדער פון דער וועלט און אַז די קברים־ערד פון אונדזערע מאַרטירער זאָל ווערן פאַראומווירדיקט אין

פארגעסנהייט. ערד פון בית־עולם איז טייער, אָבער עס דערמאָנט בלויז וועגן טויט און אומקום. עס איז נייטיק אויך די פּ אָ ן. די פאָן רופט צום ק אַ מ ף. די פאָן פאָדערט און איז מבטיח לעבן. אין דער פאָן איז, אין יעדן פאָדעם און אין יעדער נאָט און אין יעדן שטעפּ, איינגע־וועבט ליבע אָן אַ גרעניץ, טרייהייט אָן אַ ברעג און גלויבן, גלויבן, וואָס שטאַמט פון די סאַמע טיפענישן פון געמיט און איז געטובלט אינעם בלוט פון אומגעבראַכטע און אין געראַנגל געפאַלענע.

מיר וועלן אין ארץ־ישראל די ביידע אויסטערלישע מתנות אָפּהיטן. מירן זיי האָבן פאַר זיך שטענדיק, נאָכאַנאַנד, כדי צו געדענקען און נישט פארגעסן. ווי די יידן אין גלות האָבן געגאַרט נאָך ארץ־ישראל־ערד, וועלן מיר אין ארץ־ישראל טראָגן מיט זיך די גלות־ערד. מיר גייען איצט אַנט־קעגן טראַגישע קאַמפן און ס׳וואַרטן אויף אונדז בייזע מינוטן פון שטרויכ־לונגען און דורכפאַלן. וועלן מיר האָבן פאַר זיך דאָס אַש פון די פאַר־גאַזטע, וועלן מיר נאָך פעסטער האַלטן און העכער הויבן די פאָנען פון די געפאַלענע.

איינגעהאַלטן און שטיל, לאַנגזאַם און ווי דורכגעזייעטע האָבן זיך געטראָגן די טענער פון דער פּועלי־ציון שבועה אין דער שפּעטער נאַכט, אין דער באַגינענדיקער שעה. יעדעס וואָרט איז איצט ארויסגעקומען פון אַן אויפגעהעלטן מוח, און יעדער קלאַנג — פון אַ געלייטערטן האַרץ. אַ שבועה אין זיך און פאַר זיך. אָט אַזוי האָבן מסתמא געזונגען די שבועה חברים ביי די געהיימע באַראַכאָוו־יאַרצייטן אין געטאָ און ביי די פאַר־באָרגענע יובל־פייערונגען פון דער באַוועגונג אין וואַלד און אין לאַגער. אין דעם הימן־געזאַנג האָבן זיך צונויפגעגאָסן פאַרלאַנגען און ווילנס פון יחידים און פון כלל, פון דאָ, פון גאַנצן לאַנד און פון אַלע יידישע ישובים. איצט האָבן דאָ געפלאַטערט די נשמות פון אַלע חברים, אויך פון די פאַר־פייניקטע און פארברענטע. א י צ ט ז ע נ ע ן ז י י א ל ע ד אָ ג ע ו ו ע ן. א ל ע, א ל ע. אַלע האָבן זיי געזונגען צוזאַמען די שבועה פון בלוט און פון טרערן:

און אויב אויך צו פאַלן אין מיטן דעם שטרעבן<br>
ווען ס׳האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף דאָ און דאָרט, —<br>
וועלן מיר אַנדערע דעם גייסט איבערגעבן,<br>
זיי זאָלן פארנעמען אין קאַמף אונדזער אָרט!

## XXI

# די העלדן פון געטאָ

כ'האָב זיך כסדר געהאַט באַגעגנט מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך אַליין באַטייליקט אין געטאָ־אויפשטאַנד און אין פּאַרטיזאַנער־קאַמפּן אין וועלדער. כ'בין נאָכאַנאַנד געווען אין דער מחיצה פון מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו די איניציאַטאָרן און באַגייסטערער פונעם באַוואָפנטן יידישן אויפשטאַנד קעגן דער אויסראָטונגס־מאַכט. און דאָך האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן פון אויספרעגן זיי פּרטים וועגן די דאָזיקע קאַמפן, בפרט וועגן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ און אין אַנדערע טויט־לאַגערן. צו וואָס פּרטים? אוודאי זענען זיי וויכטיק, און כ'האָב ביי יעדער געלעגנהייט צוגערעדט און געפּאָדערט פון יעדן איינעם, ער זאָל פאַרצייכענען אַלץ, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט און דורכגעלעבט, נישט אַדורכלאָזן די מינדסטע קלייניקייט, ווייל אַלץ, אַלץ איז וויכטיק און האָט אַ ווערט סיי פאַר אונדז און סיי פאַר שפּעטערדיקע דורות.

אָבער דעם אמת געזאָגט, האָט מיך איצט, זייענדיק אין פּוילן גופא, נישט אינטערעסירט דער אָדער יענער סטראַטעגישער פּרט און טעכנישע איינצלהייט, וואָס האָבן, מעגלעך, דעצידירט וועגן דעם אויסגאַנג פון דעם צוזאַמענשטויס אין אַ באַשטימטן מאָמענט. מיר איז געגאַנגען וועגן דעם ע י ק ר, וועגן ע צ ם אויפשטאַנד. איך בין נאָך עד־היום איבעראַשט און פאַרכאַפּט פון יענער גייסטיקער קראַפט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין דעם אויפשטאַנד, וועלכער האָט אונדז אַלע דערהויבן און באַשיינט מיט אַ העל ליכט דעם גאַנצן פּרק פון אונדזער געשיכטע אין דער דאָזיקער תקופה. ווען נישט דער אויפשטאַנד — ווי וואָלטן מיר אויסגעזען אין אונדזערע אייגענע אויגן, און אין די אויגן פון אונדזערע קינדער,

אויב אַזעלכע וואָלטן געקומען נאָך אונדז? ווי אַזוי וואָלט אויסגעזען דער זכר וועגן אונדז אין דער מענטשלעכער געשיכטע?

חדשים זענען אַדורך. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן קייטלען יאָרן, און מיר האָבן צעווייטיקטע אויפגענומען ידיעות וועגן הונדערטער טויזנ־טער יידן, וואָס ווערן געשאָכטן, געברענט, געשאָסן און לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער גאַז־קאַמער אָן ווידערשטאַנד, אָן וועלכער עס איז רעאַ־גירונג. מיר האָבן יענע יידן נישט געקאָנט פאַרשטיין. נישט ג ע וו אָ ל ט פאַרשטיין, הגם מיר האָבן געפּרוווט זיך אַליין מוסרן: אורטייל נישט דעם ברודער דיינעם, ביז דו וועסט זיך נישט געפינען אין זיין לאַגע.

אייגנטלעך איז שווער צו זאָגן, אַז איך האָב אין פּוילן יאָ פאַרשטאַ־נען די אַלע, וואָס האָבן נ י ש ט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. איך האָב נאָר באַנומען, אַז מ י ר קאָנען נישט אַרויסטראָגן קיין שום משפּט וועגן ז י י. מיר זענען נישט בכוח זייער לאַגע צו באַגרייפן. דאָס איז דאָך נישט געווען קיין אויסשלאַכטונג בעת אַ קריגס־אָפּעראַציע, ס'האָט דאָך נישט געהאַט אין דער מינדסטער מאָס צו טאָן מיט באַוואָרענען זיך און פאַרזיכערן קעגן אַ וועלכער עס איז געפאַר הינטערן פראָנט. דאָס איז געווען אַן אויסראָטונגס־„אַקציע" לויט אַ ניכטער און לאָגיש אויסגעאַר־בעטן פּלאַן, וואָס איז לכתחילה געווען אויסגערעכנט אויף לאַנגע יאָרן. דער פּלאַן האָט פאָראויסגעזען די פאַרטיליקונג פון מיליאָנען און אפשר צענדליקער מיליאָנען מענטשן. אין אָט־דעם פּלאַן איז געווען דער צענטער, לאָמיר זאָגן: דער שפּיץ — די פולשטענדיקע פאַרטיליקונג פון גאַנצן יידישן פ אָ ל ק. זענען דערביי אָנגעווענדט געוואָרן מעטאָדן און שיטות, וועגן וועלכע מען האָט ערגעץ נישט און קיינמאָל נישט גערעדט און געשריבן. די מענטשן זענען אינערלעך, פּסיכיש צעשטויבט געוואָרן. ס'איז פון זיי אויסגעצאַפּט געוואָרן דאָס מענטשלעכע. די אָפּגעשוואַכטע מענטשן, ווע־מענס ווילן ס'האָט געגוססט, האָט מען געלאָקט מיט אָנציענדיקע אילו־זיעס וועגן פרידלעכער אַרבעט און רואיקן לעבן אין אַ גן־עדן דאָ נישט ווייט, בלויז צופאָרן מיט דער באַן עטלעכע צענדליק קילאָמעטער. אפילו אַ צוזאָג פון אַ פּאָר קילאָ ברויט אָדער עפּעס פעטס האָט געצויגן, ווי אַ כישוף, גערייצט די פאַנטאַזיע, פּאַראַליזירט דעם קריטישן געדאַנק און

אפגעסמט יעטוועדע נייגונג צו רעדן אנטקעגן, א פשיטא שוין אנטקעגנ־שטעלן זיך.

די נאַציס האָבן זיך באמיט מיט דראַקאָנישע מיטלען צו פאַרשרייען דעם מענטש, צעטומלען אים, איבערראַשן דורך שנעלער חוצפהדיקער האַנד־לונג, וואָס פאַרטעמפּט און פאַרשמעליעט דעם סאַמע קוראַזשירטן, נישט געגעבן קיין געלעגנהייט און נישט געלאָזט קיין צייט צו אָריענטירן זיך און קומען צו זיך. אָקאָרשט איז מען געפאָרן אין א לוקסוס־צוג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, באַלאָדן מיט וואַליזעס פון כל־טוב, באַצירט און באַ־האַנגען מיט גאָלד, און פּלוצים — אָדם־נאַקעט, און מ׳בייטשט און מ׳יאָגט גלייך אין גאַז־קאַמער!

דעריבער טאַקע איז מעגלעך נאָר אין פּוילן גופא, אויפן אָרט, צו פאַרשטיין, וואָס עס האָט אין דער אמתן געמיינט דער א ו י פ ש ט א נ ד, דער ווונדער, דער נ ס פון אויפשטאַנד. נישט נאָר אונדז, פון ווייטן, האָט דער אויפשטאַנד איבערראַשט. ער האָט די היטלעריסטן נאָך מער דערשטוינט, און ס׳האָט גענומען א שטיקל צייט, ביז זיי האָבן זיך באַ־הערשט. זיי האָבן זיך געוועסט פאַרלאָרן. ס׳איז זיי באַפאַלן א מיסטישער פּחד. זיי זענען נישט געווען געוווינט צו ווידערשטאַנד. זיי האָבן אים, על כל פּנים, נישט דערוואַרט מצד י י ד ן, און ו ו ע ל כ ע יידן! פאַר־שפּיגענע, דערנידעריקטע, פאַרמאַטערטע, פאַרפּייניקטע, אָפּגעצערטע, נוטה־למותדיקע, וואָס ציטערן פאַרן לעבן. ז י י הייבן־אויף א האַנט קעגן דעם אַלמעכטיקן נאַצי; ז י י שיסן און טרעפן, און עס פאַלן קרבנות דייטשן! עס האָגלט אויף דייטשן פון אַלע זייטן, פון אונטן און פון אויבן, די ערד שפּייט מיט פייער און טויט לויערט פון יעדן ווינקל, אויף יעדן טריט; אפילו טאַנקען דייטשע שרעקן נישט אָפּ די יידישע אויפשטענד־לער, נאָר זיי ווערן אויפגעריסן דורך גראַנאַטן און ברען־פלעשער. א טאָג און צוויי, און א וואָך און א צווייטע און א דריטע און דער אויפשטאַנד האַלט־אָן, דויערט. די אויפשטענדלער גיבן זיך נישט אונטער. לאָזן זיך נישט כאַפּן לעבעדיקערהייט. פאַלן גערנער פון אן אייגענער קויל, איידער פון א נאַצישער, בעת עס איז נישטאָ קיין וועג אויסצומיידן דעם טויט.

א ז ו י נ ס האָבן נאָך די דייטשן ערגעץ נישט אָנגעטראָפן מצד דער אָקופּירטער באַפעלקערונג. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אז דער כוח

פון די יידישע אויפשטענדלער איז אין עיקר א מאראלישער, אז ער שטאמט טאקע פון זייער אויסנעמלעכקייט. זענען דאך געווען צו יענער צייט אונטערערד־באוועגונגען אין פארשידענע לענדער, ביי פארשידענע פעלקער, וואס האבן געקרעכצט אונטערן נאצישן שטיוול. אבער דער געטא־אויפשטאנד איז געווען אן אויסטערלישער. נישט אין וועלדער, נישט אין בערג, נישט אפילו אין אן אייגענער סימפאטיזירנדיקער העלפנדיקער באפעלקערונגס־סביבה האבן יידן געקעמפט. איז אויף וועמען דופן זיי, אויף וואס האפן זיי? נישט אמת, אז אין די רייען פון די אויפשטענדלער האבן געקעמפט נ י ש ט ־ יידן, צי גאר דייטשע אנטי־נאצישע דעזערטירן. נישט געווען במעט קיין שום ממשותדיקע הילף. יעדנפאלס איז זי געקומען שפעט און אין א זייער קארגער מאס. עס איז נישט ריכטיק צו זען אינעם אויפשטאנד הויפטזעכלעך א קאמף פון אנטי־פאשיסטן. אפילו די ל י נ ק ס ט ע, וואס האבן אנומלטן געלייקנט דאס ספעציפיש יי ד י ש ע האבן דאסמאל געפירט א יי ד י ש ן קריג. עס איז אויך נישט ריכטיק צו זען אין דער גבורה פון די אויפשטענדלער די פארצווייפלונג פון אויסגאנגסלאזיקייט. פאלש צו באנוצן לגבי זיי דעם סקארבאוון נוסח פון „תמות נפשי עם פלשתים”. די אויפשטענדלער האבן געוווסט, אז די מאדערנע פלשתים זענען גענוג גרויס אין צאל און שטארק אין מאכט, און וועלן נישט אומקומען צוזאמען מיט די הונדערטער יידישע קעמפער. זיי האבן נישט געהאט די מינדסטע אילוזיע בייצוקומען און מנצח זיין די הונען. עס איז געווען דער מאראלישער כוח פון קעמפער, וואס ווייסן אויף זיכער, אז זיי זענען נ י ש ט די ל ע צ ט ע, אז דאס יידישע פ א ל ק וועט בלייבן אפילו, ווען היטלער וועט האבן אויסגעשאכטן 5 און 6 מיליאן פון זיינע קינדער. ס'איז געווען דער כוח פון גלויבן אין דעם זיג פון ליכט איבער פינצטערניש, פון פראגרעס איבער רעאקציע, פון פעלקער־באפרייענדיקן אידעאל איבער פאשיזם און נאציזם. דאס אליין וואלט דא נישט גענוגט. איז צוגעקומען דער עכט־יידישער מאמענט פון דער אייגנארטיקער טיפער יידישער אמונה, אז דאס פאלק וועט קיינמאל נישט אונטערגיין: נצח ישראל לא ישקר. אז אויך דער המן פון 20־סטן יארהונדערט וועט אפגעמעקט ווערן פון אונטער די

הימלען, ווי די המנס און צוררס פון אַלע דורות אין דער ווייטער פאַר־
גאַנגענהייט.

צענדליקער יאָרן האָב איך באַקעמפט די פרומאַקעס, וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן רעליגיע, כדי צו מאַכן מיט איר פּאָליטיק און ביזנעס. און איצט אין פּוילן, האָב איך באַגריפן, ווי קיינמאָל נישט פריער, די גוואַל־דיקע קראַפט פון פאָלקסטימלעכער יידישער אמונה, וואָס דערהויבט די מענטשן צו קידוש־השם, צו מסירת־נפש. ווי פאַרשטענדלעך, ווי נאָענט און ווי טייער זענען זענען מיר געוואָרן יידן, איינפאַכע פאָלקס־מענטשן און רבנים, וואָס זענען געגאַנגען מיט שירה, „זינגענדיק און טאַנצנדיק", צום טויט. אין דעם איז געווען פאַראַכטונג צום רוצח, גלויבן אין זייער אויסדער־וויילטקייט און אייביקייט, זיכערקייט, אַז דער איצטיקער טויט איז אַ שטאַפּל און אַ וועג צום אמתן יענוועלטיקן לעבן. ס'איז נישט מיינער דער נוסח פון פּ א ס י וו ע ר ג ב ו ר ה. אָבער איך ווייס, אַז זי האָט גע־נערט און געשפּייזט צענדליקער דורות יידישע געשיכטע און געשאַפן אַ הימלישן יסוד פאַר אונדזער לופטיקן קיום. און אין מיר האָט אויפגעלויכטן אַ געדאַנק, אַז ווען נישט יענער קידוש־השם דורך פּ א ס י וו ע ר גבורה פון אונדזערע עלטערן, וואָלט אפשר נישט געקומען צו דער מסירת נפש פון אונדזערע קינדער און זייער אַ ק ט י וו ע ר גבורה מיט געווער אין האַנט. די געטאָ־אויפשטענדלער האָבן געשעפּט פון זעלבן קוואַל, נאָר אי־בערגעפורעמט אים אויף זייער היינטצייטיקן, וועלטלעכן שטייגער, אין אַ מין שפּרודלדיקן אומדערשיטערלעכן גלויבן אין נאַציאָנאַלן אויפקום, אין סאָציאַלער איבערגעבורט און אַלמענטשלעכער גאולה. האָט מען דער־שפּירט און דערזען אין די טראַגישע מאָמענטן פון יחידישן אונטערגאַנג, אַז מ'איז באַהאַפטן מיטן קאָלעקטיוו, וואָס ציט דורך דורות איז דער אייביקייט אַריין. איז אויב עס איז שוין אויסגעשלאָסן צו ראַטעווען די אייגענע פיזישע יחידישע עקזיסטענץ — טאָ לאָמיר ראַטעווען דעם כ ב ו ד און די וו י ר ד ע פון דעם קאָלעקטיוו: ע ר וועט דאָך בלייבן לעבן, און פאַר זיין ווייטערדיקער כללישער עקזיסטענץ איז שוין לגמרי נישט גלייכגילטיק, ווי אַזוי זיינע קינדער דאָ אין געטאָ שטאַרבן.

דאָ גריילעך האָט דעם געטאָ אַרויסגעהאָלפן ארץ־ישראל; פון דאָרט איז געקומען דער רוף צו לעבן. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין אַנדער

פּערספּעקטיוו, ווי המשך פון געטאָ אויך אין צוקונפט, אפילו ביי אנדערע פּאָליטישע באַדינגונגען, האָט נישט געפונען פּערזענלעך פאַר זיך קיין שום באַרעכטיקונג צו בלייבן לעבן נאָכן אונטערגאַנג פון געטאָ. ביי אָט־די האָט געגאָלטן דער לאָזונג: אומקומען שיין און שטאָלץ מיטן געטאָ, אייגנטלעך, מיט דער דאַאיקייט, צוזאַמען כדי עס זאָל איבערבלייבן אין דער געדעכעניש פון דער מענטשהייט, ווי טייער עס האָבן באַצאָלט פאַר זייער טויט די קינדער פון געטאָ. ארץ־ישראל האָט פאַרזיכערט ל ע ב ן פאַר דעם פּ אָ ל ק אפילו ווען אַ ט יי ל זיינער (ווי וויכטיק און גרויס אָט דער טייל זאָל נישט זיין), זאָל אונטערגיין ערגעצוווּ. איז נישט קיין צופאַל, וואָס די ערשטע ריי פון די געטאָ־אויפשטענדלער איז אויס־געפילט געוואָרן דורך די ארץ־ישראלדיקע עלעמענטן, צו וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלן נישט האָבן געהערט. זיי האָבן געטראַכט אין דעם מאָ־מענט אי וועגן געטאָ און זיין פּרעסטיזש, וועגן ארץ־ישראל און דער צ ו ק ו נ פ ט פון פּ אָ ל ק. זיי האָבן זיך עקזאַלטירט צום קאַמף אין געטאָ וויסנדיק וואָס פאַר אַ פּעולה עס קאָן האָבן דער ווירדיקער טויט דאָ אויף דעם ווייטערדיקן רעאַלן קאַמף פון די יידן פאַר זייער פאָ־טערלאַנד.

אַ ל ע פּאַרטיי־ריכטונגען האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם געטאָ־קאַמף. עס מוז אָבער מיט דער גאָרער אַנטשידנקייט אין דער סאַמע קלאָרסטער פאָרם אַרויסגעבראַכט און באַטאָנט ווערן די דעצידירנדיקע השפּעה וואָס די ארץ־ישראל־וויזיאָנערן האָבן געהאַט אויף דעם גייסט און כאַראַקטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און איר קאַמף אין געטאָ. מען מוז דעם דאָזיקן פאַקט אויפנעמען נישט, ווי אַן אַרגומענט פאַר קליינלעכער קלייזל־קאָנקורענץ, נאָר ווי אַ טיף־גרייפנדיקן פאַקטאָר פון פּסיכישער באַדייטונג און ווירקונג. די, וואָס האָבן אויפריכטיק און ערנסט באַנומען דאָס יידישע לעבן אין די ראַמען און אויפן יסוד פון ד אָ אַ י־ק יי ט, באַשטאַנען קאַטעגאָריש אויף דעם פּרינציפּ, אַז „דאָ זענען מיר און דאָ וועלן מיר בלייבן" — זיי האָבן דערזען פּלוצלינג דעם טראַגישן אָפּגרונט: נישטאָ קיין בריק און נישטאָ, ווו ה י ן ד י ב ר י ק אַ ר י ב ע ר צ ו וו אַ ר פ ן. אויף וויפל זיי האָבן נישט געזען קיין אויסוועג און אויסלייזונג פאַרן יידישן כלל אין אַן אַנדער געאָגראַפישן

און סאָציאַל־פּאָליטישן שטח, האָבן זיי געמוזט, אין דעם מאָמענט, מאַכן אויך דעם לעצטן חשבון פֿאַר זיך אַלס יחידים.

ביי די ארץ־ישראלדיקע איז געווען דער סינטעז פֿון „דאָ" און „דאָרט". זיי האָבן געשעפּט גייסטיקע דערהויבונג און גבורה־עקסטאַז פֿון די תּל חי ־ פּאַרטיידיקער אין ארץ־ישראל און גענומען זיי פֿאַר אַ ביישפּיל אין געטאָ; אָבער פּונקט אַזוי האָבן זיי געצילט דערצו, אַז די האַלטונג פֿון געטאָ זאָל גילטן ווי אַ מוסטער פֿאַר ארץ־ישראל און סטימולירן די קעמפּער אויף אייגענעם באָדן פֿאַר דעם קיום און צוקונפֿט פֿון פֿאָלק. די אַלטע פֿאָרמולע פֿון „נצח ישראל" האָט באַקומען אַ נייעם אינהאַלט און אויסדרוק. דער יחיד פֿאַרענדיקט זיין חשבון אין געטאָ. דאָס פֿאָלק ציט ווייטער דעם חשבון, ביז צום פֿאָטערלאַנד!

וואַרפֿט זיך אַראָפּ פֿון העכסטן שטאָק דער קעמפּער, אַרומגענומען אין פֿלאַמען און איינגעוויקלט אין דער נאַציאָנאַלער פֿאָן. שיטן זיך פֿון זיין פֿלאַקערנדיקן קערפּער שטראַלנדיקע פֿונקען, וואָס ווערן אַריינדרינגען ווייט אין די קומענדיקע צייטן פֿון אונדזער יידישער געשיכטע. צילט דער קעמפּער אין זיין אייגענער מאַמע, און זיין האַנט ציטערט נישט; ער פֿאַרשווינט דורכדעם איר קערפּער און כבוד, זיי זאָלן נישט פֿאַראומווירדיקט ווערן דורך די טמאדיקע נאַצישע לאַפּעס. רייסן זיך אויף אויפֿשטענדלער אונטערן דייטשן טאַנק, כדי צו זיכערן דורכדעם אַ וועג פֿאַר חברים צו ראַטעווען זיך.

שיינען־אויף די פֿאַראָבלטע געזיכטער פֿון פֿאַריתומטע קינדער און יוגנט, ווען עס געלינגט זיי אַריינצוברענגען אין באַלאַגערטן געטאָ נאָך אַ „שפּייער" און נאָך אַ ביקס און נאָך אַ לאַבן ברויט. נישט פֿאַר זיך ריזיקירן זיי מיט זיך. פֿאַרן פֿאָלק טוען זיי עס. זיי רעהאַביליטירן דעם נאָמען פֿון געטאָ. דערהויבן זיין פּרעסטיזש.

נישט אמת, אַז אין געטאָ זענען נישט אויפֿגעקומען קיין שאַפֿנדיקע כוחות. אמת איז, אַז אין געטאָ ווערן זיי דערשטיקט און אָפּגעוועלקט פֿאַר דער צייט, אין געטאָ האָבן זיי נישט קיין פֿרישע לופֿט צו אָטעמען און קיין פֿרייען שטח פֿונאַנדערצעוויקלען זיך. אָבער די כוחות זענען דאָ. זיי

רייסן זיך צו אַנטפּלעקונג, זיי שפּאַרן זיך צו פרייער אַנטוויקלונג. ד אָ ס ג ע ט אָ האָט זיך אויפגעבונטעוועט און דערוויזן דער וועלט, אַז ס'איז צו אים קיין גלייכן נישטאָ. אַן דרויסנדיקער הילף, אָן אינסטרוקטאָרן, אָן געווער, אַפילו אָן צוזאָגן און דערמוטיקונגס-ווערטער האָט דאָס יידישע געטאָ דער ע ר ש ט ע ר אויפגעהויבן די פאָן פון מרידה און געצייגט אַ מוסטער, ווי אַזוי צו קעמפן, ווי צו האַלטן זיך ווירדיק אין אָנגעזיכט פון טויט, ווי צו ש ט אַ ר ב ן מיטן רוף צו ל ע ב ן.

ווער זענען זיי געווען, די געטאָ-אויפשטענדלער? ק י נ ד ע ר פ ו ן פ אָ ל ק. יוגנט און אַרבעטס-מענטשן. פאָלקס-מענטשן. זיי אַלע האָט פאַראייניקט דאָס געפיל, אַז זיי געהערן צום פאָלק און אַז פון זייער אויפפירונג און האַלטונג ווענדט זיך, וואָס פאַר אַ ש ם דאָס פאָלק וועט מיטנעמען מיט זיך אויף זיין ווייטערדיקן געשיכטלעכן וועג. ס'האָט געווירקט אַ געפיל, אַ באַוואוסטזיין. אַ שטים פון דורות. כ'האָב זיי געטראָפן. אחוץ עטלעכע געציילטע פירער, זענען עס אין פלוג „דורכשניטלעכע" פאָלקס-קינדער. בחורים און מיידלעך. טייל באַנעמען אפשר אַליין נישט די גרויסקייט פון זייער טאָט. זיי באַטראַכטן זיך נישט אַלס העלדן, און זיי רויטלען זיך בעת מען רימט זיי. זיי האָבן דאָך אַנדערש נישט ג ע ק אַ נ ט טאָן. זיי האָבן געמוזט ווי עס איז באַפרידיקן דעם פאַרלאַנג, וואָס האָט געמאַכט אויפשטורעמען זייער געמיט און זידן זייער בלוט — דעם פאַרלאַנג פון נ ק מ ה. סאַראַ איידעלע, פיינע נשמות פאַרמאָגן זיי. ס'רוב פון זיי — סאַראַ צאַרטקייט און ווייכקייט שטראָמט פון זייערע בליקן! און דאָך — ווי האַרט און פעסט-אַנטשלאָסן זענען זיי, ווי נאָר עס קומט צו רייד וועגן נקמה. זיי האָבן פאַר ו ו אָ ס און פאַר ו ו ע מ ע ן צו נעמען נקמה. פאַר קינד, פאַר מאַן, פאַר ווייב, פאַר שוועסטער און ברידער, פאַר עלטערן, פאַר חברים, פאַרן פ אָ ל ק. מען האָט ביי זיי אַלץ אוועקגערויבט: די קינדער-יאָרן, די יוגנט-התלהבות, די פרייד פון אַרבעט, דעם גלויבן אין מענטשן, אין אידעאַלן, אין צוקונפט. מוזן זיי פאַר דעם באַצאָלן און באַשטראָפן.

זייערע געזיכטער שטראַלן, בעת עס קומט זיי אויס אומגערן צו דערציילן וועגן אַן אַקט אַ געראָטענעם, ווי זיי האָבן באַשטראָפט די פייניקער און שענדער. אַ שוואַרצע כמאַרע פאַרוואָלקנט זייער פּנים, ווען מען וויל

פון זיי ארויסבאקומען געגויערס וועגן דעם, ווי ס'האָבן זיך צו זיי פאַר־
האַלטן צייטנווייז נישט־יידישע פּאַרטיזאַנער. בעסער נישט דערציילן. גע־
בליבן אַ קריץ אין דער נשמה. פונדעסטוועגן פאַראַן אַ באַפרידיקונג: אפילו
יענע האָבן געמוזט צוגעבן און אנערקענען, אַז יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט
אין די קאַמפן. טייער האָט געקאָסט אָט־די אנערקענונג. מען האָט זי אויס־
געקעמפט. אויך דאָ האָט געגאָלטן דער לאָזונג: אין דיין בלוט וועסטו
לעבן. דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון יידישע אויפשטענדלער האָט דערוואָרבן
אַ ש ם — זיי און זייער פאָלק.

...אַ פּאָר טריט פון „יידנראַט" אין וואַרשע איז אויפגעריכט דער
ק ב ר פ ו ן ד ע ם א ו מ ב א ק א נ ט ן געטאָ־העלד. פאַראַן נאָך
סימנים פון פאַרוויאַנעטע בלומען־קראַנצן, וועלכע מען האָט דאָ געלייגט
בעת דער פייערלעכקייט. געוווייקט פון רעגן, געהאַרטעוועט פון פראָסט,
ליגן דאָ לענטעס מיט אויפשריפטן אין יידיש „פאַר די העלדן פון געטאָ".
דער קבר איז איינזאַם, איינער אליין. צווישן דעם געגשער בית־עולם,
וועלכן דו אנסט פון ווייטן, און דעם בית־עולם פון גאַנצן וואַרשעווער
געטאָ. וועט קומען אַ צייט, ווען צו אָט־דעם קבר פון אומבאַקאַנטן געטאָ־
אויפשטענדלער וועלן זיך ציען מחנות באַזוכער פון דער גאַרער יידישער
וועלט? אפשר אויך פון דער נישט־יידישער? דערווייל קומען צו אים איי־
גענע, חברים־פּאַרטיזאַנער, יידישע בריגאַדניקעס פון ארץ־ישראל, יידישע
זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי, פון דער רויטער אַרמיי. שטייען שטום
און שווייגנדיק אין יראת־הכבוד: דאָ זענען געפאַלן קעמפער פון געטאָ,
דאָ האָט די נשמה פון געטאָ־פאָלק באַקומען אַ תיקון דורך זיינע קינדער
— די העלדן פון געטאָ.

XXII

# צוריקקער און אויפבוי

מ׳האָט אָנגעהויבן באַזוכן פּוילן. נישט סתם געסט. קאָרעספּאָנדענטן פון גרויסע וועלט־צייטונגען. אויך יידישע זשורנאַליסטן און געזעלשאַפט־לעכע טוער. ס׳קומען דעלעגאַטן פון כלערליי אָרגאַניזאַציעס און אינסטי־טוציעס. מ׳פרעגט זיך אויס. מ׳פאָרשט. מ׳אינטערעסירט זיך. מ׳מאַכט סך־הכלען. עמיץ האָט אַרויסגעזאָגט דעם חשש, אַז ס׳וועט באַלד ווערן אַ ד ע וו אַ ל וּ אַ צ י ע פון דעלעגאַטן. מ׳ווערט צוגעוווינט. מען ווייסט שוין אפריער די פראַגעס און מען האָט צוגעגרייט אויך די ענטפערס. אַ פּעאַיקער פּעליעטאָניסט אין לאָדזש האָט שוין אַפילו געפּרווט אויפשטעלן אַ פאַרטיקן מוסטער, אַ מין שאַבלאָן פון באַגריסונגס־רעדעס צ וּ די דעלעגאַטן און ענטפערס פ וּ ן די דעלעגאַטן. מען דאַרף נאָר, לויט זיין אָנווייזונג, יעדעס מאָל בייטן און ענדערן דעם נאָמען פון דער אינסטי־טוציע און פון דעם דעלעגאַט. דער גאַנצער נוסח און אינהאַלט מוזן בלייבן אומגעענדערט.

איך האָב מורא צו זאָגן, אַז דאָס האָט אין אַ היפּשער מאָס דעוואַ־לואירט אויך דעם מאַטעריאַל, וואָס קומט פון אָפיציעלע יידישע קוועלן פון פּוילן. און ווען איך לייען, ווי אייניקע אָרטיקע טוער פון די „קאָמי־טעטן” פרעגן די אויסלענדישע יידן מיט פאַרביטערונג: „פאַרוואָס גלויבט איר אונדז נישט?”, גלוסט זיך מיר זיי ענטפערן מיט אַ פראַגע, אויפן יידישן שטייגער: פאַרוואָס זאָגט איר אונדז נישט דעם ג אַ נ צ ן אמת?

פאַראַן בפירוש אַ טיפער, וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן דעם, וואָס עס זאָגן אָפּט אין פּריוואַטע, אינטימע שמועסן פאַראַנטוואָרטלעכע טוער אין פּוילן, און צווישן דעם, וואָס מען דעקלאַרירט און מ'פּאַרזיכערט עפנטלעך. נו, געוויס קאָן מען נישט אַ ל ץ זאָגן אין דער הויך. דער אמת איז, אַז מען טאָר נישט אַ ל ץ „אויסזאָגן". נישט, חלילה, ווייל עמיצער דערלויבט עס נישט, נאָר ווייל דאָס געפיל פון א יי ג ע נ ע ר א ח ר י ו ת דערלויבט עס נישט. אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן פאַר־באָרגענע, דיסקרעטע ספּעציפישע אָנגעלעגנהייטן, נאָר וועגן זאַכן, ווו עס איז דאָ, אדרבא, אַ נויטווענדיקייט און אַ מ ו ז עפנטלעך ארויסצוזאָגן אַ ל ץ. דאָס וועט בשום אופן נישט וואַרפן קיין שאָטן און באַפלעקן די, וואָס זענען ריין און אומבאַפלעקט. עס וועט נאָר אַריינטראָגן אמת און קלאָרקייט אין אונדזער יידישער וועלט. און ד אָ ס, ל פּ ח ו ת דאָס האָבן מיר אַ רעכט צו פאַרגינען זיך.

איך בין זיך מודה: איך קאָן נישט באַנעמען און פאַרשטיין יענע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס אויך איצט, נאָך אונדזער יידישן חורבן אין פּוילן, ווענדן זיי אָן דעם אַלטן טראַפאַרעט ביים באַהאַנדלען די יידישע פראַגע, ווי ס'וואָלט נישט פּאַסירט דאָס, וואָס עס האָט פּאַ־סירט. איך באַגרייף נישט זייער רואיקייט און „געזעצטקייט". איך ווייס נישט, אין וועלכער פּאָליטישער שול זיי האָבן עס געלערנט און ווען און ווו זיי האָבן באַוויזן זיך מיט דעם איינצולעבן, אַז ס'גייט ביי זיי אַלץ אזוי גלאַטיק.

אַ שטייגער, ס'איז געוואָרן אַ מנהג, אַז יעדער אויסלענדישער באַ־זוכער, גייט צום אָרט, ווו עס איז געווען דאָס יידישע געטאָ אין וואַרשע. ס'האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז עמיצער זאָל נישט ווערן דערשיטערט און געפּלעפט, בעת ער שטייט דאָרט. אַלע דערציילן, אַז ס'ווילט זיך וויינען, ס'ווילט זיך שטומען, ס'ווילט זיך שרייען. איינס איז אויסער יעדן ספק: דאָ דערשפּירט מען דעם חורבן, אַז ער איז איבער יעדער מענטשלעכער פאַנטאַזיע און פאַרשטעלונג, און אַז די אינערלעכע רו איז ביים באַזוכער אויף אייביק אוועקגערויבט. איז עס אַן א י נ ד י ו י ד ו ע ל ע אייגנ־שאַפט, האָט עס צו טאָן מיט געוויסע פּערזאָנען, וואָס זענען מער סענ־טימענטאַל, אָדער אויף אַ ספּעציעלן אופן פאַרבונדן מיטן יידישן וואַרשע?

בשום אופן נישט. מיר האָבן געהערט, אַז אויך די קריסטן פון דער ענג־ליש־אַמעריקאַנער פאַרש־קאָמיסיע זענען, ביים אָנבליק פון געטאָ־חורבן, געווען דערשיטערט און געוויינט.

איז לאָמיר אָננעמען, אַז ס׳געפינט זיך איינער, אַ פעסטער, שטאַנד־האַפטיקער מענטש, וואָס דערקלערט: געזען, געוויינט, געזאָגט קדיש און — מיר גייען ווייטער! איך קאָן זיך קוים אַזאַ איינעם פאָרשטעלן. אָבער אָנגענומען, אַז ס׳איז דאָ אַזאַ איינער! איז דען ער כאַראַקטעריסטיש פאַרן כּלל? קאָן זיך אַזוינס זאָגן דער יידישער כּלל אין פּוילן, אין דער וועלט? קאָן זיך אַזוינס זאָגן יעדער איינער פון די יידן, וואָס האָט דורות דאָ פאַרלאָרן אין דעם דאָזיקן חורבן? אָדער, פאַרקערט, עס איז נאַטירלעך, אַז יעדער איינער זאָל מיט זיך מיטנעמען פון דעם חורבן דאָס געשריי פון דורות, פון מיליאָנען, פון אַן אומגעקומענעם און אָפּגעהאַקטן פאָלקס-לעבן און פאַרשטיין, אַז דאָס זעלבע דאָ, אויפן זעלבן אָרט, קאָן נישט און וועט נישט אויפקומען?

ווער וועט דאָ פּסקענען? ווער פאַר ווּעמען קאָן פּסקענען?

עס קומט איצט קיין פּוילן אַ יידישע רעפּאַטריאַציע פונעם ראַטנ־פאַרבאַנד. נאָר־וואָס האָט מען געשריען: ס׳טייטש, אין פּוילן זענען גע־בליבן 60 טויזנט יידן, — האָט מען דערויף געענטפערט: ס׳אַ ליגן. פאַראַן ווידער אין פּוילן איבער 130 טויזנט יידן, מחמת עס זענען געקו־מען פון ראַטנפאַרבאַנד 70 טויזנט. גוט, געקומען זענען פרישע 70 טויזנט. אָבער פון די שוין געוועזענע אין פּוילן זענען דאָך פאָרט אָפּגעקומען צענדליקער טויזנטער. איז עס אַ פאַקט, איז עס אמת? ווי אַזוי קאָן מען עס לייקענען? פאַרוואָס זאָל מען לייקענען? איז דען די אויסוואַנ־דערונג אַ פּראָדוקט בלויז פון פּאַניק, פון בהלה? איז דען חורבן נישט אמת? קאָן זיך וועלכע עס איז פּאַניק־מאַכעריי פון ערגסטן מין פאַרגלייכן אין ווירקונג מיט דעם חורבן פון וואַרשעווער געטאָ?

אָט, אַז מ׳וויל און מ׳האָט מאָראַלישן כּוח, קאָן מען זיך שטעלן אַ פּשוטע פראַגע: פאַרוואָס ריכטעט מען אָפיציעל די יידישע רעפּאַטריאַנטן קיין נידערשלעזיע און נישט קיין וואַרשע און לאָדזש, נישט קיין וואָלאָצ־לאַוועק און ביאַליסטאָק? „אויב ס׳איז אַזוי גוט — טאָ פאַרוואָס איז אַזוי שלעכט?" פאַרן דען פּוילישע רעפּאַטריאַנטן אויך נישט צו זיך אַהיים,

אין זייער שטאָט און דאָרף, נאָר אין די נייע געוווּנענע געביטן? מען וועט עס פּרובירן דערקלערן דערמיט, וואָס אין נידער־שלעזיע זענען פאַראַן בעסערע אויסזיכטן און רעאַלע מעגלעכקייטן פאַר יידן איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, צו פאַרמערריי און דגל. מעג מען דאָך יעדנפאַלס זיך שטעלן די פראַגע (און דורכדעם אויף אַ האָר נישט פוגע זיין דעם כבוד פון נייעם דעמאָקראַטישן פּוילן, פון דעם נייעם רעזשים און פון דער איצטיקער רעגירונג): פאַרוואָס איז עס כשר צו ריכטן די פּוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד קיין נידערשלעזיע, כדי דאָרט איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, און פאַרוואָס איז פּסול און טריף צו ריכטן די זעלבע יידן קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און צו פאַרמעריי? פון ווען־אָן איז עס דער פּוילישער ייד פון וואַרשע און לאָדזש מער אויסגעבונדן פּסיכיש און נאַציאָנאַל־פּאָליטיש מיט נידערשלעזיע, ווי מיט ארץ־ישראל? און פאַרוואָס איז מען מחויב פּאָליטיש זיך צו באַגייסטערן פאַרן געדאַנק צו באַזעצן זיך אין ריכבאַך און מ׳טאָר פון מויל נישט אַרויסברענגען דעם כלומרשט „אַנטי־פּוילישן" חשק צו באַזעצן זיך אין עמק, צי אין גליל, צי אין נגבֿ?

פּוילישע יידן פאָרן און ווערן געפירט אין נידערשלעזיע, וווּ שוין לאַנגע דורות זענען אפילו קיין פּאָליאַקן נישט געווען — צי ווערט דערמיט נישט צוגעגעבן עפּנטלעך, פּאָליטיש, אַז אין זייערע פריערדיקע מקומות, אין די פאַרמלחמהדיקע ערטער, קאָנען זיי זיך נישט אומקערן און באַזעצן? פאַרוואָס־זשע האָבן יידישע פאַרשטייער מורא דאָס צו באַשטעטיקן און מאַכן די פּאָליטיש־ריכטיקע אויספירן דערפון?

ס׳איז נישט קיין נייע פראַגע. מיר האָבן אַנומלטן אַן ענלעכע פראַגע געפרעגט בנוגע ביראָבידזשאַן אין ראַטנפאַרבאַנד. רעדט מען דאָך, אייגנטלעך, וועגן נידערשלעזיע, ווי וועגן דעם „ביראָבידזשאַן פון פּוילן". נו, איז דאָן געווען די פראַגע: פאַרוואָס מעג מען רופן און אַגיטירן יידן פון כאַרקאָוו און מינסק צו פאָרן טויזנטער קילאָמעטער ווייט — אין ביראָבידזשאַן, און פאַרוואָס טאָר מען נישט רופן און אַגיטירן יידן פון כאַרקאָוו און אָדעס צו פאָרן קיין ארץ־ישראל? פאַרבייט מען אין פּוילן ביראָבידזשאַן מיט נידערשלעזיע, — אָבער עס בלייבט די זעלבע אַלטע קשיא.

מען מעג עס וויסן: כ׳האָב געטראָפן אין פּוילן מערערע ראַטנפאַר־

באַנדישע יידן, וואָס האָבן גערעדט ערנסט וועגן ארץ־ישראל. זיי האָבן אויסדריקלעך באַטאָנט, אַז זיי באַטראַכטן עס נישט ווי אַ בגידה לגבי ראַטנפאַרבאַנד. די מענטשן זענען אָרגאַניש, אידעיש און פּסיכיש פאַר־בונדן מיט „אָקטאָבער"; זיי האָבן אין די שווערסטע יאָרן געבויט דעם ראַטנפאַרבאַנד און גענומען איצט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קריג, פאַרטיידיקט דעם ראַטנפאַרבאַנד קעגן דעם נאַצישן איבערפאַל. יאָ, זיי האָבן בשעת־מעשה געהערט אין ראַטנפאַרבאַנד דעם רוף פונעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין קויבישעוו און אין מאָסקווע, צו די „יידן ברידער אין דער גאָרער וועלט", אַז דער קריג איז אויך אַ יידישער קריג, היות ווי היטלער האָט דערקלערט אַ פאַרטיליקונגס־קריג דעם יידישן פאָלק. דער קאָמיטעט האָט דעריבער גערופן די יידן פון גאָר דער וועלט אַרויסצוטרעטן אין קריג קעגן דעם צורר פון יידישן פאָלק און זיך באַטייליקן אין יידישן קריג. יידן האָבן זיך אויס־געצייכנט אין דער רויטער אַרמיי מיט זייער פאַרביסנקייט און מוט קעגן שונא. זיי זענען דערויף שטאָלץ. זיי האָבן געטאָן זייער פליכט לגבי זייער סאָוועטיש פאָטערלאַנד. זיי האָבן דערמיט דערפילט אויך זייער פליכט לגבי זייער יידיש פאָלק. ווייזט זיך אַרויס, אַז גראָד אינעם קריג האָט זיך פאַר זיי אויפגעדעקט די טראַגיק פון דער יידישער אַנאָמאַליע. זיי האָבן געהאַט אַ סך געלעגנהייטן צו איבערצייגן זיך אין אַ פיינלעכן אמת, אַז 28 יאָר „אָקטאָבער" זענען נישט גענוג געווען, כדי אויסצוואָרצלען דעם אַנטיסעמיטיזם ביי ברייטע פאָלקס־שיכטן פון אוק־ראַינער און ווייסרוסן און אַנדערע. „אָקטאָבער" האָט פאַרטריבן דעם אַנ־טיסעמיטיזם פון דער אויבערפלאַך, בפרט, אַז פאַרן אויסדרוק „זשיד" אויף רוסיש קריגט מען לאַנגע יאָרן תפיסה. נו, איז נוצט מען נישט דעם אויסדרוק. מען פאַרבאַהאַלט אים טיף. ס'איז אָבער גענוג געווען, היטלער זאָל פאַרנעמען אַ סאָוועטישן געביט, און מ'האָט דעם אויסדרוק אַרויסגעשלעפּט פון באַהעלטעניש און געלאָזט אין גאַנג, באַגלייט מיט שאַנדטאַטן, מיט פּאָגראָמען און שחיטות, מיט גערן־וויליקן אויסהילף היטלערן.

ס'וועט זיין פּאָליטיש געמיין און נידערטרעכטיק, אויב עמיצער וועט זיך דערמיט באַנוצן, ווי מיט אַן „אַרגומענט" קעגן ראַטנפאַרבאַנד: „אַהאַ,

## זרובבל אויף א פאָלקס-פארזאמלונג אין פּראגע



אין פּרעזידיום זיצן (פון לינקס צו רעכטס) מאָרדכעלעס, וואסער, באשע בערמאן, דעפּ. א. בערמאן, שטאָקפיש, רוזשקע, זאמיעטשקאָווסקי און ראָטענבערג.

אָט האָט איר אַנטיסעמיטיזם אין געוועזענע ראַטנפאַרבאַנדישע געביטן". דאָס דערוווייזט בלויז, אַז 28 יאָר אָקטאָבער קלעקן נישט און זענען נישט בכוח אויסצוואָרצלען עפּעס, וואָס איז געפלעגט געוואָרן אין משך פון דור־דורות. עס מוז דויערן לענגער. עס מוז קומען די גרינטלעכע א י ב ע ר־ד ע ר צ י א ו נ ג פון די מענטשן, כדי זיי זאָלן זיך באַפרייען פון דער אַנטי־יידישער ירושה.

אָבער די ראַטנפאַרבאַנדישע יידן האָבן זיך דערביי נאָך עפּעס אויס־געלערנט, געמלעך, אַז ס'מוז קומען אַן ענדערונג אויך אין דעם לעבנס־שטייגער פון די י י ד י ש ע מאַסן, אַן ענדערונג אין דער אָפיציעלער פּאָליטישער לאַגע פון יידישן פאָלק צווישן אַלע פעלקער, עס זאָל אויפ־הערן זיין אויסנעמלעכקייט, ספּעציפישקייט און גלותדיקע אויסטערליש־קייט. ווילן זיי איצט גאַנץ באַוווסטזיניק, טאַקע ווי ר ע וו אָ ל ו צ י אָ־נ ע ר ן, מאַכן אַ סוף צו דער יידישער גלותדיקייט. זיי ווילן אויפריכטן יידישע פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט. ווי פריער, פולבאַרעכטיקטע ראַטנ־פאַרבאַנדלער, האָבן זיי נישט קיין מורא צו רעדן וועגן י י ד י ש ע ר מ ל ו כ ה ש ק יי ט. עס איז פאַראַן פּוילישע און אוקראַינישע מלוכהש־קייט, — טאָ פאַרוואָס זאָל נישט טאָרן זיין קיין י י ד י ש ע מלוכהש־קייט? נאָך מער, גריילעך אין קריג האָבן זיי זיך אויסגעלערנט נישט מורא צו האָבן פאַרן געדאַנק, אַז אָט די יידישע פּאָליטישע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט זאָל רעאַליזירט ווערן אין... ארץ־ישראל. זיי האָבן אין די אויפרופן פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט געפונען זייער שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע לויב־געזאַנגען פאַר די דערגרייכונגען פון יידן אין ארץ־ישראל, זיי האָבן באַקומען אַ הכשר צו „דערמאָנען" זיך דעם אָרט און ראָל פון ארץ־ישראל אינעם געשיכטלעכן גורל־קאַמף פאַר יידי־שער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט. זיי האָבן געהערט וועגן דער יידי־שער בריגאַדע און געטראָפן אירע זעלנער. זיי האָבן איצט געהערט וועגן די קאַמפן פון ארץ־ישראל קעגן דער פּאָליטיק פון בריטישן אימפּעריאַליזם, וועלכער פאַרהאַקט די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די געראַטעוועטע יידן פון מאַידאַנעק און אָשוויענטשים. א ו ן ז י י ה אָ ב ן ח ש ק מ י ט צ ו ה ע ל פ ן אָ ט ד ע ם ק אַ מ ף. נישט ווי יחידים. מאַסן יידן פון ראַטנפאַרבאַנד ווילן עס. זיי מיינען עס ערנסט. זיי ווילן נישט

פארראטן דאס ס אָ וו ע ט י ש ע פאָטערלאַנד; זיי ווילן גלייכצייטיק נישט פארראטן זייער י י ד י ש פאָלק אין דעם טראַגישסטן קאַפּיטל פון זיין געשיכטלעכן לעבן, ווען עס ווערט דעצידירט: לעבן ווייטער אַלס אַ נאָרמאַל פריי פ אָ ל ק, אָדער נאָך מער צעברעקלען זיך אין אַ פארהיט־לעריזירטער וועלט.

זיי געדענקען נאָך גוט, ווי איציק פעפער האָט בעת דער מלחמה גע־מאָלדן הויך און שטאָלץ דער וועלט: „איך בין אַ ייד", אַז ער איז פאר־בונדן מיט אַלע יידישע דורות און אויך מיט די היינטיקע יידן פון ארץ־ישראל. פארוואָס טאָר אַ יידישער רויטאַרמייער א י צ ט, נאָכן קריג, נישט שרייען הויך און שטאָלץ וועגן זיין אַנטטוישונג, וואָס דער קריג האָט נישט געבראַכט אפילו די אָנערקענונג פון דעם יידישן חורבן, ווער רעדט שוין וועגן אונדזער רעכט אויף נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ? פארוואָס מעג מען שיקן יידן אויפצוריכטן די חורבות פון פוילן, און פארוואָס טאָרן ראַטנ־פארבאַנדישע יידן נישט ווען אויפריכטן דאָס יידישע פאָטערלאַנד אין ארץ־ישראל? פארוואָס שעמען זיך נישט פאָליאַקן צו רופן פאָליאַקן פון גאָר דער וועלט צו בויען פוילן, און פארוואָס טאָרן יידן נישט רופן אַלע יידן פון אומעטום צו בויען ארץ־ישראל? ווער׳מען איז מען פוגע, ווע׳מעס רעכט פאַרמינערט מען דורכדעם, וואָס מען באַשטייט אויף די רעכט פון יידן?!

די אָפיציעלע יידישע פאָרשטייער אין פוילן זענען זייער עמפינדלעך לגבי דעם דעמאָקראַטישן פוילן. זיי זענען גערעכט. ס׳איז זייער פליכט אָפּצוהיטן זיין כבוד. אָבער לפּחות דעם זעלבן גראַד פון עמפינדלעכקייט זענען זיי מחויב אָפּצוהיטן לגבי דעם יידישן פאָלק.

טאָר מען נישט דולדן קיין שעדיקערישן טאָן לגבי דעם נייעם פוילן און מ׳מוז זיין גרייט צו געבן אַ ווידערשטאַנד די אַלע שונאים פון רע־אַקציאָנער־פאַשיסטישן לאַגער, וואָס ווילן אונטערמינירן דאָס נ י י ע און היינטיקע פוילן. ס׳איז נאָך מער דער עלעמענטאַרסטער חוב פון אַ יידישן טוער צו זען די זאַכן ווי זיי זענען אין דער אמתן און זיי אָנרופן ביים אמתן נאָמען, אויך ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער יידישן לעבן. דאָ קאָן מען נישט יוצא זיין דערמיט, וואָס מען וועט קלאַפּן טרעוואָגע און אַלאַרמירן די „יידן ברידער" פון אומעטום, מען זאָל שיקן הילף די

יידן אין פּוילן. הילף? געוויס מוז מען זי שיקן, און וואָס מער,
און וואָס שנעלער! גראָד ארץ-ישראל האָט געצייגט א מוסטער,
און האָט נישט אָפּגעשוואַכט קיין איין מאָמענט איר הילפס־טעטיקייט
בנוגע די יידן אין פּוילן גופא. ס'איז זייער פיין, אז כלערליי געזעל־
שאַפטן און אָרגאַניזאַציעס באַשטימען צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן, כדי
אויפצושטעלן וואַרשטאַטן, פאַבריקן און אינסטיטוציעס אין פּוילן. גע־
בענטשט זאָלן זיין די הענט. מ'מוז פירן אַן אַקטיווע, אויסגערעכנטע פּאָ־
ליטיק צו פּראָדוקטיוויזירן יידן, ווו און וויפל זיי זאָלן נישט זיין. אויך
אין פּוילן. זאָלן זיי זיין אומעטום פּראָדוקטיווע עלעמענטן, גע־
זונטע, פיזיש און גייסטיק, שטאָלצע, פרייע מענטשן; זאָלן זיי אומעטום
זיין גרייט צו באַשיצן זייער כבוד און לעבן, אַלס יידן. נישט וועגן אָט
די עלעמענטאַרע, יידיש-מענטשלעכע פּרינציפּן גייט אונדז דאָ. אָבער אַז
מען קומט אין נאָמען פון פּוילישע יידן, מיט בודזשעטן פון מיליאָ־
נען דאָלאַרן, כדי כלומרשט צו רעקאָנסטרואירן דאָס
יידישע לעבן אין פּוילן, איז אַ פליכט צו פרעגן די בודזשעט־רעפּערענטן:
מיינט איר ערנסט מיט אייערע פּאָרשלאָגן? אויף וועלכן יסוד און סמך?
וועלכעס פּוילן? פון ווען-אָן מיינט באַזעצן יידן אין
נידערשלעזיע רעקאָנסטרוקציע פון יידישן
לעבן אין פּוילן? מיט וואָס איז ישוב ארץ-ישראל פון דעם
שטאַנדפּונקט, נישט די רעקאָנסטרוקציע פונעם לעבן פון פּוילישן יידנ־
טום? אַזאַ אַרבעט פּאָדערט יאָרן, אַ שלל ענערגיע פון חלוצים, אידעאַליסטן-פּיאָנערן,
וואָס זאָלן גובר זיין אויסערלעכע שטערונגען און אינערלעכע שוואַכקייטן און גע־
וויינהייטן; עס פּאָדערט אַ גרייטקייט צום קאַמף קעגן אויסער־
לעכע פאַקטאָרן און עלעמענטן, וואָס וועלן קוקן בייז און קרום אויף דעם
אויפקום פון אַ נייעם געזונטן יידישן ישוב ביי דער גרענעץ פון דייטש־
לאַנד, אין אַ נייער פרעמדער סביבה, צווישן שכנים מיט כלערליי פרע־
טענזיעס און תרעומותן צו די נייע זידלער.

מיט וואָס זענען עס די היינטיקע, צופעליק געבליבענע און נאָמי־
נירטע יידישע פאָרשטייער פון וואַרשע, קאַמאָוויץ, ראַדאָם, מער קאָמפּע־

טענט צו באשליסן אין אַט דעם קארדינאַל־פּאָליטישן פּראָבלעם, איידער די יידן פון אנדערע לענדער, בפרט די יידן, וואָס האָבן אויף אַ קאָנצענט־רירטן נאַציאָנאַל־באַרעכנטן אופן באוויזן אויפצושטעלן אין ארץ־ישראל אַזוינס, וואָס ווערט אנערקענט און געשעצט סיי פון יידן און סיי פון דער נישט־יידישער וועלט, ווי גאָר אַ גרויסע ערשט־ראַנגיקע דערגרייכונג פון אומגעהויערן ווערט פאַר דער לייזונג פון דער יידנפראַגע בכלל?!

יידישע קינדער פילן זיך גוט אין די דייטשע ווילעס, אין די כישוף־פּאַלאַצן פון די יוגנט־היימען, וואָס די דייטשן האָבן ערשט נישט לאַנג אויפגעבויט פאַר זייערע אייגענע קינדער? פאַרוואָס זאָלן זיי זיך נישט פילן גוט אין באַקוועמע הייזער, אין אייגעאָרדנטע היימען?

איז אָבער אין דעם אַלעם פאַראַן אויך נאַציאָנאַל - יידישער תכלית? אויף דעם קאָן מען ענטפערן נאָר דאָן, ווען מ'וועט זיין זיכער, אַז דאָ אין אַט די ערטער פון נידערשלעזיע וועט זיך טאַקע שאַפן און ס'וועט האָבן כוח אָנצוהאַלטן אַ לענגערע היסטאָרישע תקופה אַ מאַסנ־האַפטיק יידיש לעבן, ווירטשאַפטלעך איינגעפונדעוועט און איינגעוואָרצלט אין אַ קולטור־געזעלשאַפטלעך סימפּאַטיזירנדיקער אַטמאָספער.

איז דען פאַראַן וועלכע ס'איז ערנסטע רעאַלע אויסזיכט דערפאַר?

קינדער זינגען אין פוילן, טאַנצן אין די קינדער־היימען?! בחורים אַרבעטן אין קיבוצים, באַלמעלאָכעס — אין וואַרשטאַטן?! געוויס זינגט מען און מען וועט לערנען און אַ סך וועלן קומען צו זיך, אַז ס'וועט זיין וואָס צו עסן און וואָס זיך אָנצוטאָן. מיט געלט קאָן מען אַלץ מאַכן, כדי צו פאַרלייכטערן דעם קיום. אָבער איז אין דעם פאַראַן אַ פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוו? איז עס פאַראַן אין דעם מלוכה־פּלאַן, ווי אַן אומאָפּטיילבאַרער חלק, אַז אָן אַט דעם יידישן ישוב קאָן פוילן זיך נישט אויפבויען? איז עס אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן פּלאַן, אַז אָן נידערשלעזישן ישוב קאָן דאָס יידישע פאָלק זיך נישט אויפריכטן?

ניין און ניין. דאָס איז נישט קיין אָרגאַנישער פונאנדערוווקס פון דעם, וואָס איז געווען. ס'איז נישט קיין המשך. עס ווערט געפּלאַנט עפּעס נייעס. טאָר דאָס נישט זיין קיין צופעליקייט אין

עמיצנס אַ נישט־יידישן פּלאַן. עס מוז דאָ זיין אונדזער יידי־שער רעקאָנסטרוקציע־פּלאַן.

איך האָב גערעדט אָפן און קלאָר צום פּרעזידענט בירוט, צום אויסערן־מיניסטער זשימאָווסקי, צו אַנדערע, אַז די מאַסן־שטראָמען פון יידן קיין ארץ־ישראל טאָרן נישט באַטראַכט און באַהאַנדלט ווערן, ווי אַנטלויפער פון פּוילן. דאָס ציען זיך יידישע בויער קיין ארץ־ישראל. אויב שמועסן וועגן רעפּאַטריאַנטן, ווילן זיי צו־ריקאויפריכטן זייער פאָטערלאַנד און זיך צוריקאויפבויען אַלס פאָלק.

גרייַלעך ביי די פאָרשטייער פון נייעם דעמאָקראַטישן פּוילן האָב איך געפונען פאַרשטענדעניש דערפאַר און הסכמה דערצו.

## XXIII

# ארץ ישראל און די שארית הפליטה

אין די ערגסטע היטלער־צייטן האָבן אַ סך יידן אין פּוילן געטראַכט וועגן ארץ־ישראל. נישט ווינציק איז געווען די צאָל פון די, וואָס האָבן באַדויערט, נאָכמאָל זיי האָבן באַצייטנס נישט געהאט דעם שכל אויס־וואַנדערן אַהין, ווי מען האָט זיי צוגערעדט און ווי זיי האָבן שוין געוועסט אָפּגעמאַכט ביי זיך. מען האָט אַלץ אָפּגעלייגט ביז מען וועט ליקווידירן די געשעפטן דאָ. נו, אויב ליקווידירן, איז דאָך וויכטיק צוצוטרעפן דעם פּאַסיקן מאָמענט, ווען עס וועט זיך בעסער „לוינען" די ליקווידאַציע. האָט זיך דער ישוב הדעת פאַרצויגן ביז ס'איז געוואָרן צו־שפּעט. אייניקע האָבן ערשט איצט געזוכט אַ וועג קיין ארץ־ישראל, וועלנדיק אויסגעפינען אַ זכותל צו קריגן דאָס נויטיקע אריינפאָר־פּאַפּירל. בונדיסטן, וואָס זענען אויך אין ד ע ם מאָמענט געבליבן טריי זייער פּאָליטישן אידעאַל, האָבן גאַנץ רעאַל געטראַכט וועגן אַרויסראַטעווען זיך קיין ארץ־ישראל. געווען גרייט צו ווערן דאָרט נוצלעכע בירגער פון דער יידישער געזעלשאַפט, אויב אַפילו זיי וועלן זיין פּאַסיוו פּאָליטיש אין דער געזעלשאַפטלעכקייט. זיי האָבן פאַר זיך אַליין געהאט גענוג מאָטיוון צו מתיר זיין זיך דאָס פאָרן קיין ארץ־ישראל. זענען זיי דאָך, אַלס בונדיסטן, די לעצטע יאָרן געווען נוטה צו אָנערקענען פּאַלעסטינע אַלס יידישן ישוב, גלייך ווי אַנדערע יידישע ישובים. חלילה, נישט אַלס יחסן און בן־יחיד, אָבער שוין אויך נישט מער אַלס שטיף־קינד, וואָס איז נאָכאַנאַנד געווען אין חרם. מ'מעג פאָרן קיין פּאַלעסטינע — אויך נ י ש ט אַלס ציוניסט. זענען דאָך פאַ־

ראַן אין פּאַלעסטינע נישט ציוניסטן. וועלן זיי אויך זיין דאָרט. אָבי זיי וועלן ראַטעווען דאָס  ל ע ב ן.  ס'האָט זיך געגלוסט לעבן. יונגע, פּעאיקע אַקטיווע מענטשן — האָט זיך געוואָלט לעבן פאַר יעדן פּרייז; אַפילו פאַרן פּרייז פון.. באַזעצן זיך אין פּאַלעסטינע.

אויפן ברייטערן עולם האָט געווירקט דאָס עצם האַלטן זיך פון די חלוצישע עלעמענטן, פון יענע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן יאָרנלאַנג זיך געגרייט צום אריבערפאָרן קיין ארץ-ישראל. ס'האָט געווירקט זייער האַלטן זיך צוזאַמען. אין מינוטן פון סכנה, ווען דער טויט לויערט פון אַלע זייטן, זוכט דער יחיד געוויינלעך, נאָרמאַל, אַליין  ז י ך  צו ראַטעווען. ער מיילט זיך אָפּ פונעם כּלל, ווייל ווו עס קאָן דורכקריכן איינער, איז נישט מעגלעך דעם גאַנצן עולם. טאָ זאָל זיך יעדער איינער ראַטעווען ווי  ע ר  קאָן, אויף איינגענעם באַראַט און אחריות. אָבער גראַד אין אָט דער סיטואַציע האָבן די חלוצישע עלעמענטן זיך נאָך ענגער און פעסטער צוזאַמענגענומען און פאַראייניקט זייער גורל אויף לעבן און אויף טויט. זיי האָבן געזוכט דעם וועג קיין ארץ-ישראל געמיינזאַם, געגאַנגען מיטן גאַנג פונעם קאָלעקטיוו, געטראַכטן מיטן טראַט פון קאָלעקטיוו. דער געמיינזאַמער ציל אין זייער  ל ע ב ן  האָט זיי צונויפצעמענטירט אין די טעג פון גיין אַנטקעגן דעם עוונטועלן טויט.

די אידעאישע באַהעפטונג מיט ארץ-ישראל האָט איבערגעאַנדערשט און באַאיינפלוסט זייער פּסיכיק און אַפילו טאָג-טעגלעכע אויפפירונג. אויפן וועג צום טויט האָבן זיי געקעמפט פאַרן כבוד און ווערדע פון לעבן. ס'איז דורכויס אמת, אַז יידן פון אַלע פאַרמייען און אַפילו סאָציאַלע שיכטן האָבן געהאַט זייער חלק אין דער רעהאַבילִיטירונג פונעם יידישן געטאָ, געוועזן אַקטיוו אין אַלע זיינע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס האָבן אַנטפּלעקט די גרויסקייט און שיינקייט פון יידישן כּלל אונטער דער רוט פונעם שמייסער. ס'איז אָבער אויך אמת, אַז די „ארץ-ישראלדיקע" זענען געוואָרן דער צענטער דער געזעלשאַפטלעכער אין די געטאָס, אין די וועלדער, אין די בונקערס. זיי האָבן פאַרבונדן דעם געטאָ-ייד מיטן יידישן כּלל אין ארץ-ישראל, מיטן יידישן כּלל אין דער גאָרער וועלט, איבערגעוואָרפן אַ בריק צווישן דעם היינט און דער צוקונפט.

אַדאַנק דעם ארץ-ישראל-מאָמענט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דאָס

געפיל פון עלנטקייט און פאריתומטקייט ביי די יידן. מען האט געוווסט, אז ס'זענען פאראן מיליאנען יידן אין אמעריקע. רייכע יידן, איינפלוס־רייכע יידן. מ'האט געווארט, אז זיי וועלן זיך אפרופן, אז זיי וועלן שיקן הילף. איז מען דאך געווינט פון אלע יארן, אז אמעריקאנער יידן העלפן זייערע ברידער אין אייראפע. אבער דאס מאל איז אויפגעקומען א נייער פאקטאר, וואס האט ווי ארויפגעצווונגען האפענונג און אנגעזאגט טרייסט: ארץ־ישראל. אוודאי האבן אלע יידן קרובים אין א מ ע ר י ק ע. אבער איצט האט מען זיך ארומגעקוקט און אנגעהויבן דערמאנען, אז יעדער ייד האט א קרוב אויך אין א ר ץ ־ י ש ר א ל. די ארץ־ישראלדיקע יידן האבן די לעצטע יארן געשיקט א גאנץ באדייטנדיקע פינאנציעלע שטיצע צו זייערע קרובים אין פוילן. איצט האט מען זיך אויך דערמאנט אזוי שארף און קלאר, אז די ארץ־ישראלדיקע האבן זיך נישט געוואלט באנו־גענען מיט שיקן פון צייט צו צייט הילף. זיי האבן ג ע ר ו פ ן צ ו ז י ך. איינגעלאדן און פארבעטן צו קומען, אריבערטראגן זיך מיט האק און פאק אהין, טאקע צו זיי. די פארבינדונג מיט די אמעריקאנער איז, א סברא, כסדר געווארן א שוואכערע. יענע האבן געוואלט ליבן „פון ווייטן", העלפן די ארימע קרובים און אומגליקלעכע ברידער אין יוראפ. בעת די ארץ־ישראלדיקע האבן זיך אלץ מער „איינגעגעסן אין די ביינער" און מיט כוח פון ליבע געשלעפט עלטערן און נאענטע פריינט צו זיך אין זייער נייער היים, וואס האט געזאלט, לויט זייערע רייד, ווערן א היים פארן גאנצן פאלק.

די ערשטע אנטרונענע פליטים זענען טאקע אוועק קיין ארץ־ישראל. די ערשטע גרוסן וועגן ממשותדיקער הילף און רעטונגס־ארבעט זענען אויך געקומען פון ארץ־ישראל. די ערשטע יידישע זעלנער, וואס זענען, ווי י י ד י ש ע ז ע ל נ ע ר, געקומען ראטעווען און אויסלייזן, זענען געווען די זעלנער פון ארץ־ישראל. אוודאי זענען געווען יידן זעלנער אין אלע אליאירטע ארמייען, אין דער ענגלישער, אין דער אמעריקאנער גאר א סך, א היפש ביסל אין דער דרום־אפריקאנער, אין דער פראנצויזישער און שוין גאר אין די הונדערטער טויזנטער זענען יידן געווען באטייליקט אין דער רויטער ארמיי. אבער די איינציקע זענען דערשינען די יידישע זעל־נער פון ארץ־ישראל אויסדריקלעך אלס י י ד י ש ע, מיטן אפגעדעקטן

פּרצוף, לעצטנס בפירוש אונטער דער אייגענער יידישער פאָן מיטן איי־
גענעם נאַציאָנאַלן הערב, דעם מ ג ן ־ ד ו ד. טאַקע דערזעלבער מגן־דוד,
וואָס האָט געגאָלטן אין פּוילן אַלס שאַנד־צייכן צו דערנידעריקן און באַ־
ליידיקן דעם ייד, איז דערהויבן געוואָרן צום סימבאָל פון יידישן נאַציאָ־
נאַלן שטאָלץ, פון יידישער זעלבסטווערדע און זעלבסט אַכטונג. ארץ־
ישראל איז געקומען אַן אומפאַרשלייערטע י י ד י ש ע, אַן אייגענע, אַ
טרייע און איבערגעגעבענע. מ׳האָט זיי, די יידן אין ארץ־ישראל, נישט
גענויט און נישט געצוואונגען פון דרויסן, זיי זאָלן זיך מאָביליזירן צום קריג.
מען האָט זיי נישט ג ע ק אָ נ ט נויטן און צווינגען; ארץ־ישראל איז אַ
מ אַ נ ד אַ ט ־ לאַנד און די מאַנדאַט־מאַכט ט אָ ר נ י ש ט איינפירן
דאָרט קיין מיליטער־צוואַנג. און דאָך זענען צ ע נ ד ל י ק ע ר ט ו י ז נ ־
ט ע ר יידישע בחורים און מיידלעך פ ר יי ו ו י ל י ק געגאַנגען און
זיך צוגעשטעלט צום מיליטער־דינסט. פרייוויליק? אפשר איז עס נאָר
פ אָ ר מ ע ל אַ ריכטיקע באַצייכענונג. ס׳איז מער אמת פאַראַן אין דעם,
וואָס מיר געבן־צו, אַז ס׳איז געווען אַן אייגענער אינערלעכער יידי־
שער מאָראַלישער צוואַנג. ס׳האָט זיך געשאַפן אַזאַ אַטמאָספער, אַז ס׳האָט
זיך ג ע וואָ ל ט גיין, אַז ס׳האָט געלאָקט און געצויגן אין מיליטער. נישט
דאָס מיליטערישע, אַוואַנטורישע. ס׳האָט גערופן דער יידישער נאַציאָנאַ־
לער אומגליק, די סכנה, וואָס האָט געדראָט מיט פולשטענדיקער פאַרטי־
ליקונג, מיט אַבסאָלוטן אומקום פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. ס׳האָט גע־
רופן דער מעכטיקער פאַרלאַנג צו נעמען נקמה פון שונא, דער אור־אינס־
טיקט צו ראַטעווען דעם כבוד פון פאָלק.

כ׳וויים נישט, ווי אַזוי האָבן אין אַנדערע לענדער יידישע עלטערן
אַרויסבאַגלייט זייערע קינדער צום מיליטער, ווען יענע זענען גערופן גע־
וואָרן דערפילן זייער פליכט אַלס בירגער פון לאַנד. אין ארץ־ישראל האָבן
טאַטעס און מאַמעס מיט טרערן אין די אויגן, אָבער מיט גאווה אין הארצן
געגעבן זייער ברכה די קינדער צום געפערלעכן גאַנג, זיך פאַרמעסטן מיטן
נאַצי־פאַשיסטישן שונא. עלטערן זענען אומעטום... עלטערן. בפרט זענען
די עלטערן אין ארץ־ישראל געווינט צו זאָרגן און איבערקלערן וועגן
זייערע קינדער; אין קיין שום לאַנד און ביי קיין שום פאָלק אפשר גיט
מען זיך נישט אָפּ אַזוי ערנסט און גרינטלעך מיט אַזוי פיל ליבע און

„כוונה” די קינדער, ווי די יידן אין ארץ־ישראל. ס'איז נישט קיין חידוש. ס'איז דערפאַר, וואָס דאָ בויען מענטשן ציל־באַוווסט דאָס לעבן און די צוקונפט פון זייער פ אָ ל ק, און זיי ווייסן, אַז דער יונגער דור — ע ר איז ד אָ ס פ אָ ל ק א י ן ד ע ר צ ו ק ו נ פ ט. אַט די עלטערן האָבן זייערע קינדער, וועמען זיי האָבן אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, געוואָלט זען אויפן פ ר אָ נ ט אין דירעקטן געראַנגל מיטן שונא. די עלטערן האָבן טעג און נעכט געטראַכט וועגן די קינדער, מיט אַ ציטערנדיק האַרץ אָפּגעוואַרט יעטוועדע ידיעה, וואָס איז געקומען פון פראָנט, טאָמער, חלילה, האָט עפּעס פּאַסירט זייערע קינדער. און דאָך האָבן זיי ג ע וו אָ ל ט דעם פראָנט, געפאָדערט, מען זאָל שיקן זייערע קינדער אין דער פייער־ליניע און נישט געזוכט אויסצומיידן דעם קאַמף. אוודאי האָבן זיי געוואָלט, דער קריג זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן און די קינדער זאָלן זיך געזונטע און גאַנצע אומקערן אהיים. אָבער זיי האָבן געוואָלט נישט אַנדערש, ווי אַ פולשטענדיקן נצחון איבערן פיינט. זיי זענען גרייט געווען צו נאָך אַ יאָר און צו נאָך סכנות, אַבי דער שונא זאָל פולשטענדיק צעשמעטערט ווערן. עלטערן זענען אַליין געגאַנגען אויפן פראָנט. עלטערן און קינדער זענען דערשינען, ווי זעלנער אין דערזעלבער אַרמיי. זיי האָט באַוויזן דאָס זעלבע געפיל, זיי האָבן געהאַט דעם זעלבן אינטערעס אין זינען, דעם זעלבן ציל — ראַטעווען דאָס פאָלק, אָפּהיטן זיין ערע.

פ ו י ל ן איז געווען דער צענטער פון דעם דאָזיקן אינטערעס. ווייל פון פוילישן יידנטום איז רעקרוטירט געוואָרן אין זייער גרעסטער צאָל דער חלוצישער און אַרבעטער עלעמענט אין ארץ־ישראל, אויך דער בירגערלעכער קאַפּיטאַליסטיש־נאַציאָנאַלער. ווייל אין פוילן האָבן זיך געפונען די קרובים, די נאָענטע און ווייטע פריינט, ווייל אין פוילן איז געווען די נעדיכטע יידישע מאַסנהאַפּטיקייט, די שוואַרץ ערד פון דער יידישער אומה, ווייל אויף פוילן האָט זיך אויסגעגאָסן די גאַנצע תוכחה. דאָרטן זענען געווען אָשוויענטשים, מאַידאַנעק און טרעבלינקע, און דער מלאך המות האָט דאָרט נישט געוואָלט איבערהיפּערן קיינעם, קיינעם. לגבי ארץ־ישראל איז פוילן געווען דער סימבאָל פון יידישן גלות, דאָס הינטער־

לאַנד. פֿאַר פּוילן איז ארץ־ישראל געוואָרן דער ליכט־טורעם, דער אויסגע־בענקטער האַפֿן.

האָט ארץ־ישראל געבראַכט קיין פּוילן געוועזער אין האַנט און ליבע אין האַרצן. דאָס איז געוועזן איר צושטייער צום יידישן לעבן אומעטום — האָט עס געפֿונען דעם פֿולסטן און רירנדיקסטן אויסדרוק לגבי פּוילן.

די, וואָס זענען געפֿירט געוואָרן צו דער שחיטה, האָבן געגלויבט, אַז ארץ־ישראל וועט נעמען נקמה. די, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, האָבן געחלומט וועגן אַריינבאַקומען זיך אין ארץ־ישראל. ארץ־ישראל האָט צוריק אויפֿגעוועקט דעם גלויבן אין דעם יידישן קיום און דערפֿאַר אויך אין זיין המשך — אין אַ צוקונפֿט. די קיבוצים־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַזוי ברייט צעוואַקסן נאָך דער באַפֿרייאונג פֿון פּוילן, איז נישט געווען קיין פּראָדוקט פֿון ספּעציעלער ציוניסטישער אַגיטאַציע, נאָר אַ רעזול־טאַט פֿון אַ בענקשאַפֿט און אַ שטרעבונג, וועלכע האָבן יאָרנלאַנג גענערט דעם מוח און האַרץ פֿון די מער שטאַנדהאַפֿטיקע פֿיזיש און גייסטיק, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט מיט די לעצטע זעלישע קרעפֿטן פֿאַר דער האָפֿענונג אויסצוהאַלטן און דערלעבן דעם טאָג פֿון גאולה.

ארץ־ישראל איז דערשינען אין די גאולה־טעג, אַ לויטערע, ליבנדיקע און גלעטנדיקע, אַ היילנדיקע און טרייסטנדיקע, אַ מאָנענדיקע, אַ קעמפֿנ־דיקע און פֿאַרזיכערנדיקע. דערוואַקסענע פֿון אַלע שיכטן און קלאַסן, פֿון אַלע עלטערס, אויך וויפֿל עס זענען געבליבן פֿאַרשידענע עלטערס ביי יידן אין פּוילן, האָבן זיך גענומען ציען אויפֿן וועג קיין ארץ ישראל. יוגנט איז געלאָפֿן און זיך אָרגאַניזירט אין קיבוצים, כדי צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. דעמאָביליזירטע זעלנער האָבן געפֿאָדערט, מען זאָל זיי געבן די מעגלעכ־קייט גיין אויפֿן „ארץ־ישראל פֿראָנט". זיי האָבן געקעמפֿט פֿאַר דער וועלט, ווילן זיי איצט קעמפֿן פֿאַרן יידישן פֿאָלק. קינדער האָבן אין דער לופֿט דערשנאַפּט און אין זיך טיף איינגעאָטעמט דאָס ארץ־ישראלדיקע; אויף יעדן טריט און שריט האָט מיך באַגעגנט און באַגלייט די פֿראַגע: ווי אַזוי קאָנען מיר קומען קיין ארץ־ישראל?

די מערסטע גרוסן, וואָס זענען דורך דעם יידישן ראַדיאָ אין לובלין געשיקט געוואָרן צו יידן אין דער וועלט, זענען געווען אַדרעסירט קיין ארץ־ישראל. נישט נאָר צו דירעקטע קרובים. מען האָט אויסגעזוכט און

זיך דערמאַנט פון אַמאָליקע פאַרמלחמה צייטן אַ גוטן פריינט, אַ סתם באַקאַנטן אין ארץ־ישראל און זיך צו אים געווענדעט מיט דער מעלדונג: איך לעב! דאָס האָט די שארית־הפליטה פון פוילן ראַפּאָרטירט דער יידי־שער וועלט, אַז זי לעבט. דער ראַפּאָרט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער הויפּט־קאָמענדאַנטור אין ארץ־ישראל. מען האָט געהאַט די זיכערקייט, אַז ארץ־ישראל וועט עס שוין ווייטער איבערגעבן און סיגנאַליזירן.

ארץ־ישראל האָט טאַקע אַלאַרמירט, געקלאַפּט טרעוואָגע, געוועקט און גערופן, געמאָנט און געזאַמלט, פאַרפליכטעט, מען זאָל ראַטעווען, מען זאָל העלפן אויפן מאָמענט און אויסלייזן אויף תמיד. עס וועט נאָך קומען דער שפּעטערדיקער געשיכטע־שרייבער און אָנשרייבן די פּרקים וועגן די העלדישע און ברידערלעכע טאַטן פון די יידישע בריגאַדניקעס. איינער פון די שענסטע און דערהויבנדיקסטע פּרקים וועט זיין דאָס קאַ־פּיטל וועגן דער באַגעגעניש פון די יידישע בריגאַדניקעס מיט דער שארית הפליטה פון פוילן. די באַגעגעניש מיט די לאַגעריסטן, מיט יענע אומ־גליקלעכע, וואָס זענען אין לעצטן מאָמענט ניצול געוואָרן. אָפּגעראַטעוועט געוואָרן בפירוש אין דער רגע, ווען ס'האָט זיך איבער זייער לעבן אויפ־געהויבן מיט דער גאַנצער ריקזיכטלאָזיקייט דער נאַצישער חלף, וואָס האָט אין איילעניש געוואָלט פאַרענדיקן אויף דער גיך זיין מאָרד־אַרבעט, איידער עס קומט אָן דער זיגערישער חייל. די באַגעגעניש צווישן ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן זיך ס'רוב נישט געקענט און דאָך זיך געצויגן איינער צום צווייטן אַ דור אַ גאַנצן מיט דער קראַפט פון אַ פאָלק, וואָס האָט דערשפּירט אין זיין בלוט דעם רוף פון יאָרהונדערטער, צונויפזאַמ־לען צוריק די צעשאָטענע און פונאַנדערגעריסענע רינגען און גלידער און אויסשמידן זיי דורך ל י ב ע און געמיינזאַמער גורל־אחריות אין איין שאַפנדיקער נאַציאָנאַלער איינהייט. יונגע בחורים און מיידלעך פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, עמיצער זאָל וואַגן זיי פּוגע בכבוד זיין אומבאַשטראָפט, האָבן דערפילט, אומאַרמענדיק די קרבנות פון אָשוויענטשים און דאַכאַו, ווי זייער אייגן לעבן ווערט געפּאַסעוועט, פאַרשמיסן און מ'גליט־אוים אויף זייער ברוסט דעם שאַנד־צייכן, וואָס ברענט אויף דער ברוסט פון זייערע פאַרפּייניקטע און געשענדעטע שוועס־טער, וועלכע זענען פאַראומרייניקט געוואָרן דורך מנוולים פון פאַרשידע־

נע נאַציעס אין דינסט ביים נאַצי־פאַשיזם. זיי האָבן זיך נישט אָפּגע־קערט, די ריינע, אָפּגעהיטענע ארץ־ישראל־קינדער, נאָר מיט זודיקע טרערן געוואַשן דעם שמוץ פון די פאַריאושטע שוועסטער און מיט זייער יוגנט־לעבן פלאַם געצונדן אין זיי גלויבן אין לעבן, אין אויסגעלייטערטן יידישן מענטש אין ארץ־ישראל. זיי, די ארץ־ישראלדיקע „צאַבּרעס", האָבן זיך פריידיקע געטובלט אין דעם זאַלציקן ים פון יידישע יסורים, אין זיך איינ־געזאַפּט די טראַגעדיע פון מיליאָנען יידן אין דער גאָרער וועלט און ערשט איצט, געלייטערטע, באַנומען דעם אמתן היסטאָרישן זין פון אייגענעם ארץ־ישראל־לעבן און קאַמף, וואָס נישט אַלע האָבן אים ביז אַהער תופס געווען. זיי האָבן דאָך געהאַט ארץ־ישראל אויך אָן דער יידישער פּראָב־לעמאַטיק, וואָס האָט זייערע עלטערן אַהין געבראַכט. פאַר זיי האָט ארץ־ישראל געגאָלטן אָפּט, אויב נישט על פּי רוב, ווי אַ ישוב פאַר זיך, ווי עס ווילן אים אין זייער „וווילגעגנויגטקייט" זען און אנערקע־נען יענע „קליגערע" און מער ערלעכע קעגנער, וואָס קאָנען נישט אָפּלייקע־נען דעם פאַקט, אַז ס'איז דאָ אַן ארץ־ישראלדיקער ישוב, אָבער זיי ווילן נישט זען זיין ווערט פאַר דער לייזונג פונעם יידישן פּראָבלעם. איצט האָט ארץ־ישראל אַדאַנק דער יידישער טראַגעדיע געפונען איר תיקון ביי אירע אייגענע קינדער, ביים יונגן דור דאָרט געבוירענע. אַ הארץ פילט אַ האַרץ. און ס'יידישע האַרץ אין פּוילן האָט דערפילט, וואָס זי קערט זיך אָן ארץ־ישראל, און פאַרקערט. נישט דווקא ציוניסטן, נאָר יידן פון פאַר־שידענער אַמאָליקער אידעאָלאָגישער אָריענטאַציע האָט גענומען ציען צו ארץ־ישראל; זיי האָבן דערשפּירט, אַז דער אומגעאַנטער יידישער נאַציאָ־נאַלער בראָך אין פּוילן קאָן האָבן זיין היסטאָרישע פאַרגיטיקונג נאָר אין אַ יידישער אויפריכטונג פון זעלבן גיגאַנטישן פאַרנעם, וואָס זאָל גרייכן דעם סאַמע נאָפּל פון אונדזער קיום, משפּיע זיין דעם געהיימען אומפאַרשטענדלעכן, אָבער אייביק שפּרודלדיקן פּראָצעס פון אונדזער אומאיבערגעריסענעם לעבן, טראָץ די אַלע בלוט־אָפּצאַפּעניש פון אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם אין יעדער תקופה און אין יעדן לאַנד.

ווי נאָר ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דער שוואַרצער שאָטן פון נאַצישער הערשאַפט און ס'האָט זיך געעפנט דער וועג קיין פּוילן, זענען אַהין געקו־מען יידישע שליחים פון אַמעריקע. ס'איז געווען דער אַמבולאַנס פון גיבער

הילף. האָבן זיי גערעדט וועגן הילף א ו י ף ן אָ ר ט. געוואָלט דער־וואַרעמען דעם גוף, שפּייזן דעם קערפּער און אים קרעפטיקן נאָך די אַלע יאָרן פון אויסצערן און אָפּשוואַכן. די שליחים פון ארץ־ישראל זענען גע־קומען ראַטעווען דעם גאַנצן יידישן מענטש, דערוועקן אין אים צוריק זיין מענטשלעכקייט, דערפרישן זיין גייסט, דערקוויקן זיין נשמה, אים גערופן צו לעבן און געצייגט אים אַ וועג צו תכליתדיקער אַקטיוויטעט אויפן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן געביט, טאַקע אַלס שארית הפּלי־טה, אַלס אָפּגעראַטעוועטע יידן, אַלס יורשים פון זעקס מיליאָן. האָבן זיך ארום ארץ־ישראל געזאַמלט יונג און אַלט, מענער און פרויען, אַרבעטער און אינטעליגענטן. זיי האָבן אַלע גערעדט מיט איין שפּראַך — די שפּראַך פון יידישע מענטשן, וואָס ווייסן איינס: זיי זענען שוין געשטעמפּלטע. ס'האָט זיי געשטעמפּלט דער יידישער גורל. דורכן יידישן גורל זענען זיי צוגעקומען צום טויט, מיטן יידישן גורל וועלן זיי ווייטער לעבן, דער זעלבער יידישער גורל פירט זיי צו ארץ־ישראל.

אין פּוילן האָבן זיך יידן געראַטעוועט, אויף וויפל זיי האָבן זיך גע־ראַטעוועט, נאָר אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן ביי זיך געפּועלט און זיי איז געלונגען אויסצוטאָן זיך פון זייער יידישקייט, דערשיינען אַלס אַריער, מיט אַרישע פּאַפּירן, מיט אַרישע נעמען, מיט אַרישער זאָרגלאָזיקייט און לעבנס־שטייגער. ביז היינטיקן טאָג, העכער אַ יאָר נאָך דער באַפרייאונג וואָגן אַ סך נישט אויפצוטרעטן אַלס יידן, ווייל זיי מיינען, אַז מ'איז נאָך מיט יידישקייט נישט זיכער און מ'קאָן נאָך זיין גע־צוווּנגען צוריקקומען צו אַרישקייט.

אימפּאָנירט ארץ־ישראל, דערמיט, וואָס יידן טרעטן דאָרט אויף צום ערשטן מאָל אין אַזאַ דראַסטישער פאָרם אַלס יידישער קאָלעק־טיוו און ווילן זיך ראַטעווען דווקא דורך זייער יידישקייט. יידישע אייגנקייט: נאָמען, פּאָן, שפּראַך, הימן — דאָס איז דער גרונט־טאָן פון אַלע טעטיקייטן און אַקטיוויטעטן. ארץ־ישראל זאָגט: מיר האָבן רעכט צו לעבן, ווייל מיר זענען יידן, און נאָר אַלס אַזעלכע, אַלס יידן, וועלן מיר קעמפן פאַר אָט־די רעכט. מיר ווילן נישט דורך גריב, אָפּנאַרן עמיצן און אויסשווינדלען קיום פאַר זיך. אַרישע פּאַפּירן,

נעמען, האָבן געקאָנט ראַטעווען דעם יחיד. ווירקלעך, געראַטעוועט. דער יידישער כלל האָט זיך נישט געקאָנט אויף ד ע ם וועג ראַטעווען; דער כלל קאָן נישט ענדערן זיין נאָמען, זיין הילוך, זיין כאַראַקטער. דאָס יידישע פאָלק איז געבליבן יי ד י ש פ אָ ל ק. און דווקא אַלס אַזאַ איז ער געבליבן. אויך נאָך דעם, ווי אַ גרויסער טייל זיינער איז אומגע־קומען. ווייל ער איצט זיך דערשלאָגן די רעכט און געלעגנהייט צו לעבן אַ ז אַ ו ו י ע ר א י ז: מיט זיינע אייגנשאַפטן, מיט אייגענער אחריות פאַר זיין גורל. ארץ־ישראל האָט באַוויזן יידן גופא און דער נישט־יידישער וועלט, אַז מיר האָבן טאַלאַנט צו אַן אייגן לעבן, צו לעבן אויף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מיט אייגענע כוחות.

די קאַמפן, וואָס האָבן זיך אויפגעוויקלט אין ארץ־ישראל זינט עס איז געקומען צו דער מאַכט די לייבאָר־רעגירונג אין ענגלאַנד, האָבן צו־געשפּיצט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט דאָס פּראָבלעם פון יידישן פאָלק פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט. דער ישוב קעמפט אַצינד נישט פאַר ז י ך, נישט פאַר זיינע רעכט; ס'איז דער קאַמף פאַר עפענען די טויערן פונעם לאַנד, כדי אַריינצולאָזן נאָך יידן, קודם־כל די שארית־הפליטה. אין עצם וואָלט אַזאַ קאַמף געדאַרפט זיין דער ברען־פּונקט פון יידישער אַק־טיוויטעט אין אַלע לענדער, ווו יידישע מאַסן געפינען זיך.

ביז איצט האָבן קעגנער פון ציוניזם געגוואַלדעוועט דאָס זעלבע, וואָס עס באַהויפּטן בעווין און אַטלי: ציוניזם און יידנפראַגע זענען נישט דאָס זעלבע. דאָס זענען צוויי באַזונדערע אָנגעלעגנהייטן. טאָ ווו איז דער קאַמף פון די יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער דערפאַר, אַז מ'זאָל עפענען די טויערן פון י ע נ ע ל ע נ ד ע ר, כדי אַריינצונעמען אהין די פאַרפּייניקטע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די טויט־לאַגערן? אויב יידן האָבן נישט קיין שום רעכט אויף אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן אין ארץ־ישראל און פּאַלעסטינע איז „אַ לאַנד מיט אַלע לענדער גלייך", — טאָ פאַרוואָס זאָלן נישט אויפשטורמען די 5 מיליאָן יידן אין צפון־אַמעריקע און די הונדערטער טויזנטער יידן אין אַנדערע לענדער און אַרויסגיין אין גאַס אין שטרייק און אין דעמאָנסטראַציע, מיט דער פאָדערונג אַריינצולאָזן צו ז יי די שארית־הפליטה?

די יידן אין ארץ־ישראל שטעלן אין קאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפ־

געבויט מיט אַזוי פיל מי, יסורים און קרבנות, און קעמפן נאָר דערפאַר, ווייל זיי קאָנען נישט און ווילן נישט לעבן רואיק כל־זמן עס וואַלגערט זיך דאָס ביסל יידישע איבערבלייבעכץ אין געפאַנגענשאַפט, אין לאַגערן, זענען אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראַטיקע פּאַרקאַנעס און ווערן באַוואַכט דורך שומרים, נאַצים און ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס זענען דורכ־געדרונגען מיטן זעלבן נאַצישן גייסט. זענען דען די דאָזיקע אומגליקלע־כע קרובים בלויז פון ארץ־ישראלדיקן ישוב און זיי קערן זיך נישט אָן מיט די יידן פון אַרגענטינע, בראַזיל, פראַנקרייך, בעלגיע, צפון־אַמעריקע?

ארץ־ישראל האָט אויפגענומען פרייוויליק אָט ד ע ם קאַמף, פונקט ווי דער עצם־ישוב אין ארץ־ישראל איז פרייוויליק אויפגענומען און רעאַ־ליזירט געוואָרן דורך צענדליקער טויזנטער חלוצים, אַרבעטער און האַרע־פּאַשניקעס, סטודענטן און לערער, ווייל זיי האָבן געזען דערין דעם איינ־ציקן וועג פאַרן יידישן יחיד און פאַרן יידישן כלל צו מענטשלעכער דער־הויבונג, צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויסלייזונג.

זיי האָבן אָנגעהויבן בויען ארץ־ישראל, ווען דאָס לאַנד איז געווען פּוסט און וויסט, ווען די ברייטע מאַסן פון פ אָ ל ק האָבן נישט גע־וואָלט הערן און געחוזקט פון דער מעגלעכקייט, אַז אַזא חלום זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט נאָך אין אונדזערע יאָרן. ווער עס האָט געזוכט פּערזענלעכן תכלית, איז געלאָפן אין די אַמעריקעס, אין אַנדערע ווייטע אויפגעבויטע לענדער און זיך דאָרט באַמיט צו ווערן איינער פון מיליאָנען, צופּאַסן זיך צו דעם, וואָס איז שוין פאַראַן, מיטגיין מיטן אַלגעמיינעם שטראָם און ארויפאַרבעטן זיך, זיך געקליגלט אויסצוגעפינען מיטלען, זיין יידישקייט זאָל אים נישט שטערן. האָט דער צפון־אַמעריקאַנישער 5 מיליאָניקער יידישער ישוב געשאַפן דאָס גרעסטע ה י ל פ ס ־ ווערק אויף צו שטיצן די אָרע־מע קרובים אין זייערע ווינטערטער, אָבער ער האָט נישט באַוויזן און אויך נישט געשטרעבט דערצו, אַז ד אָ ס י י ד י ש ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פּ ר אָ ב ל ע ם ז אָ ל אַ וועקגעשטעלט ווערן פאַר ד ע ר וועלט; דער קליינער ארץ־ישראל ישוב מיט זיינע 600 טויזנט יידן — ס'איז זיין אויפטו, וואָס הייבט צו טאָג ווייסט די וועלט וועגן פּראָבלעם פון יידישן פ אָ ל ק, אַלס פאָלק. בעווין וויל פונאַנדערשיידן צווישן יידן און

ארץ־ישראל ישוב. היינט ווייס יעדער איינער דעם ליגן, וואָס שטעקט דער־רין. דער ישוב קעמפט פאַר די רעכט פון יידישן פאָלק. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן ענדלעך איינגעזעהן, אַז עפּעס ממשותדיקס איז גע־שאַפן אין ארץ־ישראל, — ווילן זיי אין זייער גרויסמוטיקייט ראַטעווען דעם ישוב פון די ציוניסטן. זיי זענען אויפגעבראַכט, הלמאַי די ציוניסטן שטעלן אין קאָן דעם אויפגעבויטן ישוב צוליב זייערע ציוניסטישע אַס־פּיראַציעס און חלומות. פאַראַן אַזעלכע, וואָס אָנערקענען שוין, אַז דער פּאַלעסטינער ישוב איז עפּעס ווערט, אָבער זיי טענהן, אַז דער ישוב איז אַ ענין פאַר זיך, און מ׳טאָר אים נישט מקריב זיין פאַרן ציוניזם. וואָלט עס אַזוי געווען, וואָלט גאַטירלעך דער ישוב איצט נישט ריזיקירט מיט זיך און נישט אַרויס אין פייער פון אַנטשידענעם געראַנגל. ער באַטראַכט זיך אַלס אַוואַנגאַרד פון פאָלק. דערמיט דערקלערט זיך זיין עקשנות און אויסדויער, זיין פּרינציפּיעלע אויסגעהאַלטנקייט און מאָראַלישע ריינ־קייט; פון דאַנען שטאַמט די אחריות פון דעם ישוב אַלס גאַנצן פאַרן כאַ־ראַקטער און עטישן אינהאַלט פונעם איצטיקן גורל־קאַמף.

דער ציוניזם שטיצט זיך און האַלט זיך אויף ענגלישע באַגנעטן. אַזוי האָט מען אין פּראָגרעסיווע אַרבעטער־רייען געוואָלט באַצייטנס שטעמפּלען דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון ארץ־ישראל־ישוב, אויב אַזאַ וועט אויפגעבויט ווערן: „ציוניזם איז רעאַקציע, קאָנטר־רעוואָלוציע, אַן אויפּטו פון ענגלישן אימפּעריאַליזם״.

די איצטיקע קאַמפן אין ארץ־ישראל האָבן איבערראַשט מיליאָניקע מאַסן, ווען זיי האָבן דערזען, ווי דער ענגלישער אימפּעריאַליזם ווענדט אָן אין זיין ברוטאַלן אויסראָטונגס־קריג קעגן דעם קליינעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, די גאַנצע סטראַטעגישע חכמה, וואָס ער האָט דערוואָרבן אין דער מלחמה קעגן היטלערן. עס ווערן מאָביליזירט פלאָט פון ים און לופט און דאָס בעסטע מיליטער פון יבשה, כדי נישט צו דערלאָזן אָפּגע־ראַטעווע יידן קיין ארץ־ישראל.

ס׳איז אַ קאַמף נישט קעגן ישוב, ווי ער איז, נאָר קעגן די, וואָס ווילן אים אויסברייטערן און פאַרגרעסערן, פאַרפעסטיקן און פאַרזיכערן זיין ווייטערדיקן וווקס און אַנטוויקלונג — קעגן דער שארית־הפליטה, קעגן יידישן פאָלק.

שטייט א וועלט, א דערשטוינטע און פארוואונדערטע: יידן אנטלויפן פון פוילן, ווייל זיי האבן מורא פאר באנדיטן און פאשיסטישע מערדער. די זעלבע יידן רייסן זיך אויף אלע וועגן, טראץ אלע שטערונגען און אפ־האלטעניש, קיין ארץ־ישראל און האבן נישט מורא צו טרעפן זיך אויג אויף אויג מיט דעם בעסט־באוואפנטן ים־כוח פון דער גרויסער קאלאניא־לער אימפעריע; זיי זענען גרייט אויף אלע סכנות און קרבנות, אבי צו־צוקומען ביז ארץ־ישראל.

די זעלבע יידן, וואס מיידן אוים ארויסצוגרעדן אין דער הייך א יידיש ווארט אין פוילן, מארשירן ארוים אין די ווינציקע טויזנטער, וואס זיי פארמאגן, איבער די גאסן פון געוועזענער ליצמאנשטאדט, און פאדערן אין יי ד י ש הויך, אז מ׳זאל אומעטום דערהערן, זייער רעכט אריינצוקומען אין ארץ־ישראל.

די זעלבע פוילישע יידן, וואס אנטלויפן פון די מאסן־קברים, ווו עס זענען באגראבן מיליאנען פון זייער פאלק, יאגן זיך איבער די וועגן פון אשוויענטשים, טרעבלינקע און בערגען־בעלזען, גייען פון סנוי איבער דעם בלוטיקן שליאך פון פליטים מיט דער איינציקער שוואכער האפנונג און אויסזיכט, אריינצוקריגן זיך אין ארץ־ישראל. נישט ווייל דארטן איז שוין פאר זיי צוגעגרייט מנוחה און זאטקייט, נאר ווייל דארטן ווארט אויף זיי דאס אמתע ווערק פון נקמה. איצט ווילן זיי נקמה נישט בלויז פון דייטשן. נישט נאר דייטשן האבן געמארדעט. עס האבן געמארדעט אויך אנדערע פעלקער. יעדנפאלס האט א וועלט צוגעזען און געשוויגן און געבליבן פא־סיוו. לעבן אן אייגן יידיש לעבן מיינט נקמה פון דער וועלט.

אויך א יידישע וועלט האט געשוויגן און געבליבן פאסיוו. ארץ־יש־ראל האט נישט גערוט, נישט געווען פאסיוו. די ערשטע האט ארץ־ישראל געשיקט הילף, נישט געווען אפגעהיט, נישט בודק געווען די אפיציעלע פארמעלע כשרות פון די וועגן. אבי ברענגען הילף. געשיקט אירע בעסטע און טייער־סטע בחורים און מיידלעך, נישט נאר אוים אפענעם אפיציעלן פראנט, נאר אויך אלס פאראשוטיסטן, אין סאמע געדיכטעניש פון דער נאצישער הערשאפט און ווירקונג. איצט גייט אפ ארץ־ישראל אין בלוט, ווייל אין איר שטורעמט און זידט דאס בלוט פון די 6 מיליאן, וואס זענען אומגעקומען אין פוילן; ווייל זי וויל געפינען א תיקון פארן יחיד אין זיין

באהעפטונג מיטן כלל, ווייל זי וויל אַז דער יידישער כלל זאָל נישט אַנט־לויפן פון זיין גורל, נאָר אים ענדערן. ענדערן דורך קאַמף אין גייסט פון דעם געשיכטלעכן אידעאַל, וואָס נערט און דערהייבט די גאַנצע פּראָגרע־סיווע מענטשהייט.

די פאַרגרימירטע נאַציס ווילן מיט אונדז טאָן חסד און ארײנלאָזן אין ארץ־ישראל זקנים און קינדער, אָבער נישט די אָפּגעראַטעוועטע יוגנט און מיטליאַריקע. זיי האָבן מורא, אַז די אָפּגעראַטעוועטע האַלעוועשקעס זאָלן נישט אויפפלאַקערן מיט אַ פרישן שטאַרקן פלאַם, וועלכן עס וועלן נישט זיין בכוח צו פאַרלעשן די געניטע אונטערדריקער פון אייראָפּעאישע פעלקער.

די אָפּגעראַטעוועטע שארית־הפליטה וויל גיין באַוווסטזיניק מיט אָט דעם וועג. נישטאָ און ס'טאָר נישט זיין קיין אַנדער תכלית פאַר איר ווייטערדיקן קיום.

צי איז די שארית־הפליטה נאָר דאָס ביסל, וואָס האָט זיך אָפּגעראַ־טעוועט דירעקט אין פּוילן? צי זענען נישט די אַלע איבעריקע מיליאָנען יידן אין דער וועלט בבחינת שארית־הפליטה? צי וועלן זיי נישט מוזן אויף דעם דאָזיקן וועג שיקן זייערע בעסטע און טייערסטע?!

# דער רוף פונעם באַרג חורבן

## (אָנשטאָט אַ נאָכוואָרט)

רעדע געהאַלטן דורכן ראַדיאָ אין ירושלים,
נאָכן צוריקקומען פון פוילן קיין ארץ־ישראל,
דעם 24־טן יאַנואַר 1946.

נישט קיין בשורות ברענג איך היינט מיט זיך. איך קום פון „דאָרטן", פון פוילן. איך האָב געבראַכט צו אונדזערע רעשטלעך אייער גרוס, אייער זאָרג פאַר די געראַטעוועטע ברידער פון אָש־וויענטשים און טרעבלינקע, אייער זאָרג פאַר זייער מענטשלעכן, יידישן אויפקום. זיי זאַפּן־איין אין זיך און נעמען־אויף מיט האַרץ־קלאַפּעניש און ברויזנדיקער נשמה יעדן קלאַנג, וואָס דערגרייכט צו זיי פון דאַנען און זיי האָבן דורך מיר איבערגעשיקט זייער ברכה, עס זאָלן אייך קלעקן כוחות אין דעם גוואַלדיקן געראַנגל פאַר אונד־זער קיום און צוקונפט אין דער איצטיקער אנטשיידנדיקער תקופה.

כ'האָב באַזוכט מערב־אייראָפּע און פוילן. איך ווייס, ווי שטאַרק ס'איז אייער חשק צו הערן וועגן יעדן לאַנד באַזונדער, וועגן יעדער שטאָט און שטעטל, וווּ ס'איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון די יידישע צענטרען אין דער גאָרער וועלט. כ'וועל זיך נישט אַריינלאָזן אין איינצלהייטן. כ'האָב געטראָפן יידן אין אַלע לענדער און לאַגערן, וווּ איך בין געוועזן בשעת מיינע נסיעות אין משך פון לעצטן האַלבן יאָר. אָבער טראָץ אַלע ספּעציפישע דערשיינונגען, וואָס זענען כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר יעדן באַזונדערן לאַנד, איז דאָך פוילן דער סימ־באָל פון דער גלות־וועלט. איר איז באַשערט געוועזן צו ווערן אַ באַשיינפּערלעך ביישפּיל, אַ מוסטער פאַר אונדזער לעבן און איבער־לעבן „דאָרטן" אין משך פון די לעצטע 6 יאָר.

היטלער האָט אומגעבראַכט העכער 6 מיליאָן יידן. 3 און אַ האַלב מיליאָן פון פוילן גופא און נאָך 3 מיליאָן יידן פון אַנדערע לענדער, וואָס זענען דעפּאָרטירט און אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פוילן — דעם ריזיקן יידישן שעכט-פּלאַץ, וואָס די געשיכטע וועט נישט זיינס גלייכן.

כ׳בין געוועזן אין די טויט-לאַגערן אַשוויענטשים און מאַידאַנעק, כ׳בין אַריין אין די בעדער, אַריינגעקוקט אין די אויוונס, געהאַלטן אין האַנט ביינער פון פאַרברענטע גופים, געגלעט דעם אַש פון ברי־דער און שוועסטער און געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער אַ לאַנגע צייט אין דעם שיך-באַראַק, ווו מ׳האָט געפונען 824 טויזנט פּאָר שיך: שיכעלעך פון קינדער, שקראַבעס פון זקנים, לוקסוס-פּאַנטאָפל פון איידעלע פרויען און פּשוטע שטיוול פון שוואַרץ-אַרבעטער. כ׳האָב זיך איינגעקוקט דורכן פענצטערל אין דער גאַז-קאַמער און אַ רגע האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ׳זע די פאַרשטיקטע, ווי זיי זענען צו־נויפגעדריקטע אין איין בלאָק, אָן אַ ריר און אָן לעבנס-אָטעם, און בלויז די אויגן, די יידישע אויגן קוקן צו מיר, צו אייך.

אמת, היטלערן איז נישט געלונגען צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק. עס זענען נאָך געבליבן אין אייראָפּע אַרום 1 מיליאָן 200 טויזנט יידן, עס האָבן זיך געראַטעוועט צענדליקער טויזנטער ביר־גער פון טויט-לאַגערן מיט טאַטואירטע אויפשריפטן אויף די אָרעמס און מיט אַ שאַנד-צייכן אויף די בריסט. פאַראַן, הייסט עס, יידן אויך אין פוילן; אָבער נישטאָ קיין יידנטום — **נישטאָ!**

איך בין דורכגעפאָרן אייראָפּע, וואָס איז געווען אָקופּירט דורך די נאַציס, איך האָב געהאַט די זכיה צו זען דאָס חרוב-געוואָרענע בערלין. חורבן-וואַרשע שטייגט אַלץ איבער. גאַסן נאָך גאַסן, גאַנ־צע קוואַרטאַלן זענען חרוב ונחרב. עס סטאַרטשען אַרוים בלויז סקע־לעטן פון הייזער; טיילן ווענט, לעכער פון פענצטער און טירן זענען געבליבן, ווי אַן אָנדענק. אָבער גראָד אינעם סאַמע האַרץ פון אָט דעם חורבן ביסטו געפּלעפט, ווען דו קוקסט אויף דעם, וואָס עס איז איבערגעבליבן פונעם אַמאָליקן יידישן געטאָ. וויפל מאָל בין איך געשטאַנען מינוטען-לאַנג ביי דעם הויפן שטיינער און אָנגעשטרענגט

מיין פאַנטאַזיע, כדי אויסצומאָלן זיך דעם אָרט, ווו ס'זענען פאַר־צייטן געווען די גאַסן, וואָס זענען אונדז אַלע אַזוי באַקאַנט, ווי נאַ־לעווקי, פּאַוויע, דזשיקע, קאַרמעליצקע, נאָוואָליפּקי; נאָוואָליפּיע; סמאָטשע און אַנדערע. איך האָב עס נישט באַוויזן. נישט קיין גע־בײַדע, נישט קיין הויז, נישט קיין גאַס און נישט קיין וואַנט. שטיי־נער, ציגל, צעבראָכענע מעבל, שמאַטעס און טראַנטעס, פאַרראָס־טעט געשיר, צעקרומטע וויגעלעך און וועגעלעך זענען אָנגעהויפט און אָנגעוואַלגערט — אַ באַרג, דער באַרג חורבן! און פון די טיפע־נישן פון אָט דעם חורבן האָב איך פאַרנומען אַ שטימע, וואָס שרייט און מאָנט: נקמה, פאַרגיטיקונג!

צי הערט איר דעם געשריי פון חורבן, צי הערט איר די שטים פון אונדזער יידישן בראָך אין פּוילן?

ערשט דאַן, ווען איך בין געשטאַנען אויפן אָרט, ווו עס איז אַמאָלטן געווען דאָס געטאָ־וואַרשע, האָב איך באַנומען מיט מיין גאַנצן וועזן, אַז מיר זענען פאַריתומט געוואָרן אַלס פאָלק. דאָס פּוילישע יידנטום איז נישטאָ און וועט מער נישט זיין. זיינע וואָרצ־לען זענען פאַרשניטן, זיין קאָפּ איז אָראָפּגעפאַלן. די יידישע אַר־בעטער־באַוועגונג, די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, די מאַסע יידן פון די רביאישע הויפן, די הונדערטער טויזנטער אָנהענגער פון אדמורים און גאונים — זיי זענען אַלע אַנטשטומט געוואָרן. און דו ווייסט אַפילו נישט, צי און ווו זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל.

נישטאָ כמעט קיין אַלטע, באַקאַנטע יידן אין איצטיקן פּוילן. מ'טרעפט זיי נישט, נישט אין גאַס, נישט אין באַן, נישט אין מאַרק. אַפילו אין קראָקע האָב איך שעהן לאַנג געשפּאַנט איבער גאַסן און נישט אָנגעטראָפן קיין יידישן פּרצוף, ווי כ'בין עס געוווינט געווען פאַרן קריג. מ'הערט נישט אין גאַס יידיש נישט נאָר, מחמת מ'האָט מורא פאַרן אַנטיסעמיטיזם. פאַר די 6 יאָר זענען יידן מגולגל גע־וואָרן אין אַריער. זיך צוגעוווינט צו דער פרעמדער שפּראַך און צום פרעמדן לעבנס־שטייגער. ס'איז געקומען די באַפרייאונג און זיי זעצן־פאָר וויטער דעם קאַמופליאַזש. די געצוווּנגענע מאַראַנען זענען איצט פרייוויליקע אנוסים. ס'איז נישט באַקוועם און אויך נישט

כדאי אַראָפּצונעמען דעם גרים. ווער ווייסט, וואָס עס וואַרט נאָך אויף אונדז?

דער אַנטיסעמיטיזם ווערט פאַרשטאַרקט. היטלער האָט טאַקע געליטן אַ מפּלה, אָבער די פּלאָג פון היטלעריזם האָט זיך איינגעביסן אין די אייראָפּעאישע פעלקער נאָך מער, ווי פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט. היטלערן איז געלונגען צו פאַרפּעסטיקן דעם אַנטיסעמיטיזם אויפן שטאַטלעכן וועג און די זיגער האָבען זיך פון אים אויסגעלערנט די פּראַקטישע דרכים, ווי צו רעאַליזירן די יידן-שנאה. פאַרשידענע פאַקטאָרן ווירקן דערויף, אַז מיטן סוף פון קריג זאָל די יידן-שנאה פאַרשאַרפט ווערן. נישט קיין קליינע צאָל יידן האָבן זיך איצט צוריקגעקערט, הגם מ'האָט זיי פון לאַנג געהאַלטן פאַר „ליקווידירט" און זייערע וווינונגען צוזאַמען מיטן פאַרמעגן זענען אַריבער צו אַריער. די דאָזיקע יידן, וואָס זענען אויפגעשטאַנען „תחית המתים", האָבן די העזה צו קומען מיט תביעות. זיי פאָדערן נישט נאָר רעכט צו לעבן, נאָר אויך מען זאָל זיי אומקערן זייער פאַרמעגן און מ'זאָל זיי איינאָרדענען. צוליב אַזעלכע פאָדערונגען שאַפט זיך אַן אומבאַקוועמע לאַגע פאַר אַ טייל באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך באַוויזן איינצואָרדענען אַלס די יורשים פון די יידן. אין דער נאָכמלחמהדיקער אייראָפּע איז פאַראַן אַ פּראָבלעם פון באַשעפטיקן מיליאָנען באַפרייטע פון מיליטער, פון געפאַנגענשאַפט, פון קאָנצענטראַציע-און-אַרבעטס-לאַגערן. און ס'איז זיך כלל נישט צו וואונדערן, אויב די ערשטע אין דער ריי זענען די זין פון דעם היים-פאָלק, וואָס איז פאַרוואַרצלט אין באָדן און וואָס קוקט-אויס די אויגן אויף זיינע זין און בויער. יידן זענען געבליבן אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט. איז דעם יידן שווער אַריינצודרינגען אין דעם ווירטשאַפטס-לעבן, פון וועלכן ער איז געווען דערוווייטערט אויך אין די נאָרמאַלע צייטן. נייטיקט ער זיך אין שטיצע און הילף, כדי צו קאָנען זיך שטעלן אויף די פיס און האַלטן זיך פעסט. און אַן אַזאַ פעסטן, שטאַנדהאַפטיקן ווירטשאַפטלעכן יסוד אונטער די פיס איז נישטאָ קיין אַטמאָספער פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער קולטור,

פעלן די געהעריקע באַדינגונגען פאַר נאַציאָנאַלער דערציאונג און שאַפונג.

די יוגנט איז כמעט דורכוים אָן שום נאַציאָנאַלער דערציאונג. זי איז צוריקגעקומען פון באַהעלטעניש, פון אַרבעטס-לאַגערן, פון וועלדער, פון פּאַרטיזאַנער-אָטריאַדן. מען דאַרף איר געבן די סאַמע עלעמענטאַרע ידיעות, ווייזן איר אַ יידישן אות; אַ פּשיטא איז איר פרעמד און ווייט יידישער שטייגער פון לעבן. זי האָט נאָך נישט דאָס באַוווסטזיין און בלויז מיטן געזונטן אינסטינקט ציט זי זיך צו אירע פאָלקס-ברידער. דער אַרום, די פרעמדע סביבה שטופּט זי אין אונדזערע אָרעמס. שטייט די יוגנט, ווי אָן אויסגעלייזדיקטע, פאַרשעמטע און פאַרמאַגט נאַר איין מעכטיקן פאַרלאַנג, וואָס שטורעמט אויף איר געמיט: נעמען נקמה פאַר די מיליאָנען געשאָכטענע און פאַרברענטע, אָנהייבן אַ נאָרמאַלן זעלבסטשטענדיקן לעבן, ווי אַלע פעלקער.

ווינציק קינדער זענען אונדז געבליבן. טייל זענען אָפּגעגעבן געוואָרן צום אויסבאהאלטן קריסטלעכע פאַמילעס, טייל זענען געראַטעוועט געוואָרן אין מאָנאַסטירן. אַ סך פון די קינדער זענען אָנגעקומען אין די פרעמדע הייזער, אַלס פּיצעלעך, און איצט בענקען זיי נאָך דער נייער פאַמיליע; זיי האָבן באַוויזן צוגעוווינען זיך צו אירע הייליקע און זיי ציט אַפילו צו איר „פאָטער אין הימל". די דערוואַקסענע ווילן זיך נישט אומקערן צו די יידישע עלטערן, וועלכע זיי האָבן געהאַט פאַרגעסן; צו דער יידישער סביבה, צו וועלכער זיי האָבן קיין שום אינערלעכע, אינטימע באַציאונג. דאָס פּראָבלעם פון ראַטעווען יידישע קינדער איז אַ טאָפּלטס: זוכן און אויסגעפינען זיי אין זייערע באַהעלטעניש, ראַטעווען זייערע יונגע נשמות, זייער גייסט, וואָס איז פאַרסמט געוואָרן, אויב אַפילו צוליב „הומאַנע" טעמים. די ווינציקע קינדער, וואָס זענען געראַטעוועט, נייטיקן זיך אין רחמים, אין ליבע, די ליבע פון אַ פאַמיליע, די ליבע פון אַ פאָלק. איך ווייס נישט, ביי וועמען האָבן זיי עס געפּאַקט, אָבער זיי ווייסן וועגן ארץ-ישראל, און איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט דאָס געבעט

פון יידישע קינדער: „נעמט אונדז אהין, צו אונדזער פאָלק, צו אונד־זער לאַנד".

ווינציק קינדער האָבען מיר זיך אָפּגעשפּאָרט אין פּוילן. אין יעדן עפנטלעכן אָרט וואַרפן זיך אין די אויגן די מודעות, וואָס מאַכן דיך אויפשווידערן און רויבן־אַוועק די רו: האָט רחמנות, גוטע מענ־טשן, און העלפט אַן אומגליקלעכער מאַמע צו געפינען איר קינד מיט בלויע אויגן אָדער גאָלדענע לאָקן. כ'וועל נישט פאַרגעסן יענע מאַמע, וואָס שוין העכער אַ יאָר ווי זי יאָגט זיך פון שטאָט צו שטאָט און זוכט איר קינד, וועמען זי האָט איבערגעלאָזט ביי אַרישע פריינט מיט 5 יאָר צוריק. איר האַרץ, דאָס האַרץ פון אַ מאַמע זאָגט איר, אַז דאָס קינד איז דאָ, לעבט. אָבער ווי דערקענט מען עס, און ווי אַזוי געפינט מען עס? וואָלט זי געוווסט, אַז דאָס קינד איז גע־שטאָרבן, וואָלט זי אפשר געקאָנט זיך אָפּגעבן מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט צום צווייטן קינד. אָבער איר אויער פאַרנעמט אום־אויפהערלעך דעם רוף פון ערשטן קינד: מאַמע, קום צו מיר!

צי הערט איר דעם רוף פון אונדזערע קינדער: יידיש פאָלק, ראַטעווע אונדז, ווייל אונדז איז שלעכט און ביטער!

די יידן אין באַפרייטן איראָפּע האַלטן אין איין וואַנדערן און וואָגלען. מ'אַנטלויפט פונעם בית־הקברות, מ'וויל אַנטרינען פון די רוצחים, וואָס זוכן אומברענגען די רעשטלעך. די יידן ווילן קיין ארץ־ישראל. ארץ־ישראל האָט געראַטעוועט דעם גלות פון אַנטאַר־טונג. די שאַפונגס־קראַפט פון ארץ־ישראל און איר געבענטשטן איינפלוס אויף דעם יידישן כלל האָט מען דערקענט ערשט אין די טעג פון אומגליק און בראָך, ווען זי האָט זיך אַ לעבעדיקע אויס־געשפּרייט איבער אַלע לענדער פון יידישער צעזייטקייט. אונדזערע קעמפנדיקע ברידער און זין האָבן געבראַכט די בשורה פון אויפ־קום צו די פאַרפייניקטע אין די קאָנצלאַגערן און גאַז־קאַמערן און אַליין דערוואָרבן אַ פלאַמיקע ליבע צום יידישן פאָלק. דער צייכן פון דער יידישער בריגאַדע איז געוואָרן אַ סימבאָל פון גאולה, אַ רוף און אַ וואָרנונג צו דערוואַכן און אויפקומען אַלס פאָלק אין **אייגענעם לאַנד. נישט אַזוי די וואַנדערונג און דאָס פאַרלאָזן פּוילן,**

**ווי די עליה קיין ארץ־ישראל, די שטרעבונג צום פּאַטערלאַנד.** עס האַלט אין אויפבויען זיך אַ ניי, דעמאָקראַטיש פּוילן, וואָס שפּאַנט אין די פוסטריט פון זיין מעכטיקן שכן, דעם ראַטנפאַרבאַנד, ווע־מענס רויטע אַרמיי האָט אים באַפרייט און פאַר אים אויסגעטראָטן אַ וועג, ווי אויפצוריכטן דאָס חרוב־געוואָרענע לעבן. דאָס דעמאָקראַ־טישע פּוילן וויל נישט יוצא זיין מיט בלויז דערקלערונגען וועגן קעגנערשאַפט צו די אַנטיסעמיטישע שאַנדטאַטן. עס משפּט שטרענג די רוצחים און פאַראורטיילט זיי צום טויט. אָבער עס וועט נאָך נעמען אַ סך צייט, ביז דער יידישער מענטש וועט קענען לעבן אין פּוילן אָן מורא פאַר רציחות און ראַסן־פיינטשאַפט. די נאַכט פאַר מיין באַזוך אין מאַידאַנעק האָט מען דאָרט אונטערגעצונדן און פאַר־ברענט איינעם פון די איבערגעבליבענע באַראַקן. פאַראַן עמיצער, וואָס וויל נישט איבערלאָזן אין פּוילן קיין לעבעדיקן זכר פון היט־לערס מעשים.

די פירער פון נייעם פּוילן פאַרשטייען אונדז, זיי העלפן די אי־בערגעבליבענע יידן אומצוקערן זיך צו אַ פּראָדוקטיוון לעבן און גלייכצייטיק דערקלערן זיי קלאָר און אומצווייטייטיק, אַז פּוילן וועט שטיצן און פאַרטיידיקן אינעם בונד פון די פאַראייניקטע פעלקער אונדזער פאָדערונג צו דערמעגלעכן אונדז אויפצוריכטן אונדזער זעלבסטשטענדיק נאַציאָנאַל לעבן אין אייגענעם פּאַטערלאַנד. די דאָזיקע דערקלערונג גיב איך אייך איבער, ווי כ׳בין דערצו באַפול־מעכטיקט דורכן פּוילישן אויסערן־מיניסטער **זשימאָווסקי** און דעם פּרעזידענט **ביערוט**.

אַ גרוס צו אייך פון די געטאָ־אויפשטענדלער, פון די אונטער־ערד־קעמפער, פון די פּאַרטיזאַנער, פון די חלוצים, פון יידישע קינ־דער אין יתומים־הייזער, פון בערגען־בעלזענער און בוכענוואַלדער יוגנט אין די הכשרה־קיבוצים. דער אָפּהילך פון כפר־גלעדי, שפיים און גבעת־חיים האָט זיי דערגרייכט און דערמוטיקט. זיי ווייסן, אַז דער ישוב דאָ וואָלט געקאָנט לעבן רואיק, און נאָר די זאָרג פאַר די איבערגעבליבענע ברידער און פאַר דער אויפריכטונג פון פאָלק, לאָזט אים נישט רוען. ארץ־ישראל, וואָס לעבט, בויט און קעמפט

פאַר אונדזערע רעכט און פאַר אונדזער גורל, גיט זיי צו מוט בייצו־קומען די געשפּענסטער פון דער פאַרגאַנגענהייט אין טרעבלינקע און שפּאַרן זיך דורך אַלע וועגן, כדי צו שטעלן זיך אין דער גורל־שלאַכט פאַרן לאַנד און פאָלק.

נעמט־צו די ברכה פון „דאָרטן". האָט אים שטענדיק פאַר אייערע אויגן.

אין געטאָ־וואַרשע איז איבערגעבליבן גאַנץ דער אַלטער גענ־שער בית־עולם. פון די ווענט פון „אהל־פרץ" האָבן צו מיר גע־שטראַלט פרצס ווערטער פון דער „גאָלדענער קייט":

אַזוי גייען מיר, שבתדיקע, יום־טובדיקע,
נשמה־יתירהדיקע יידן!
נישט מיר בעטן, נישט מיר בעטלען, נאָר
מיר פאָדערן.

פאַרנעמט איר דעם רוף, וואָס שטייגט־אויף צו אונדז פון די געדערים פון אומגליק, פון די טיפענישן פונעם באַרג חורבן:

שטייגט־אויף, בויט און לעבט!

דאָס יידישע פאָלק לעבט און וועט לעבן!

# אינהאַלט:

## פּרעסע־שטימען וועגן

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

**יעקב באָטאָשאַנסקי** שרייבט א. נ. „דאָס פּוילישע ייִדנטום" אַ וויכטיקע ביכער־סעריע („די פּרעסע", בוענאָס־איירעס, דעם 28־סטן אויגוסט 1946):

די ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום", וואָס דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע גיט אַרויס אונטער דער רעדאַקציע פון מ. טורקאָוו (פאַרלאַג־לייטער אברהם מיטלבערג) איז אַ גרויסער אויפטו. דאָס איז אַ מאָנומענט דעם פּוילישן ייִדנטום, וואָס ווערט געמאַכט נישט פון שטיין, נאָר פון לעבעדיקן וואָרט!

דאָס פּוילישע ייִדנטום אין פּוילן איז געווען מער ווי אַ ישוב און אַ קיבוץ. עס איז געווען אַ גאַנץ, איינגאַרטיק פאָלק, וואָס האָט געדאַרפט שטענדיק פירן אַ שווערן קאַמף פאַר זיין קיום, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל און וואָס האָט שטענדיק געוואַקסן און איז נישט איין מאָל געגאַנגען פון נצחון צו נצחון און האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט משפּיע צו זיין אויף דעם ייִדישן לעבן אין דער גאַנצער וועלט.

עס איז נישט אונטערגעגאַנגען דאָס פּוילישע ייִדנטום! פּוילישע ייִדן געפינען זיך אין אַלע עקן וועלט און זיי זענען אומעטום **דער נערוו פון ייִדישן לעבן און פון ייִדישן קאַמף פאַר קיום. אָבער** אין פּוילן גופא איז היינט פאַראַן אַ קליינער און צעטרייסלטער ישוב, וואָס געפינט זיך כסדר אין סאַמע פייער און וואָס געפינט זיך אידעאָלאָגיש צווישן האַמער און קאָוואַדלע — איין צד הייסט דעם קליינעם קיבוץ פאַרלאָזן די פּוילישע ערד און פאַרענדיקן די העראָאישע און טראַגישע אָפּרונאַכט אין פּוילן, וועלכע איז גערופן געוואָרן פה־לין (דאָ זאָלסטו איבערנעכטיקן) און אַ צווייטער צד הייסט בלייבן און ווייטער בלוטיקן און קעמפן! ווי אַזוי דער אויסגאַנג זאָל נישט זיין, וועט אין פּוילן שוין מסתמא קיינמאָל נישט זיין אַזאַ גרויס ייִדיש פאָלק ווי עס איז געווען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

און די גרויסקייט פון ייִדישן פאָלק אין פּוילן מוז בלייבן אויסגעקריצט מיט שוואַרץ פייער אויף ווייסן! עס מוז בלייבן פאַרשריבן דאָס גרויסע לעבן פון ייִדישן פאָלק אין פּוילן און דער מוראדיק טראַגישער אומקום. אין פּוילן אַליין ווערט זייער אַ סך געטאָן אויף אָט דעם געביט. די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע גיט אַרויס וויכטיקע דאָקומענטאַלע **ווערק, וואָס דערציילן וועגן**

גרויסן לעבן און שוידערלעכן טויט. נאָך אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט מען געגרייט מאַ־טעריאַלן פאַר די היסטאָרישע אַרבעטן. דער יונגער היסטאָרי־קער רינגלבלום האָט זיך ממש מוסר נפש געווען און געזאַמלט און באַהאַלטן דאָקומענטן. אויך אין ניו־יאָרק ווערט עפּעס געטאָן אויף דעם געביט. אָבער אַזאַ סיסטעמאַטישע אַרבעט ווי דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פּוילי־שע יידן טוט ביי אונדז דורך זיין דערמאָנטער סעריע, איז נאָך אין גרויסן ניו־יאָרק נישט געטון גע־וואָרן.

די סעריע „דאָס פּוילישע יידנ־טום" האָט דעם קלאָרן ציל צו באַלויכטן סיי דאָס יידישע לעבן, סיי דעם יידישן חורבן פון פּוילן. די ערשטע פינף ביכער פון אָט דער סעריע, וואָס זענען ביז איצט דערשינען, זענען דריי וועגן חורבן און צוויי וועגן לעבן. מאַרק טור־קאָווס שריפט פון מלכה אָווסאַ־ניס דערציילן וועגן איר איבער־לעבונג אין געטאָ, וו. גראָסמאַנס און י. ווערניקס „טרעבלינקע" און י. טאַבאַקסבלאַטס „חורבן לאָדזש" זענען חורבן־מאָנומענטן, ה. ד. נאָמבערגס „י. ל. פּרץ" און פּרץ גראַנאַטשטיינס „מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו" זענען לעבנס־מאָנומענטן. און אַלע דריי זענען אַן אָנהויב פון אַ ביבליאָטעק, וואָס דאַרף היינט צו טאָג גע־לייענט ווערן פון אַלע און וואָס וועלן אויף כסדר בלייבן ווי הילפס־ביכער פאַר היסטאָריקער, לערער און זשורנאַליסטן.

די ערשטע אָפּרופן אין דער אויסלענדישער יידישער פּרעסע וועגן דער דאָזיקער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זענען **אַ באַווייז, אַז דער צענטראַל־פאַר־באַנד פון די פּוילישע יידן אין** אַרגענטינע טוט־אָן כבוד אונ־דזער ישוב און גיט אים צו פּרעס־טיזש, אָבער אין אונדזער צייט זענען כבוד און פּרעסטיזש נישט אַזוי וויכטיק! וויכטיק איז די אַרבעט אַליין! וויכטיק איז, וואָס די יידישע לייענער קריגן ביכער וועגן פּוילישן יידנטום און זיי ווייסן פון איין זייט, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אין פּוילישן יידנ־טום און פון דער אַנדערער זייט, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אָט דעם יידנטום און וואָס מיר קע־נען פון אים אויף ווייטער פון דעם לערנען.

די שוין דערשינענע פינף בי־כער און די פופצן ביכער, וואָס ווערן געגרייט צום דרוק, זאָגן אַלע עדות, אַז די סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" וועט זיין אַ וויכטיקע, באַלערנדיקע און אינ־טערעסאַנטע ביבליאָטעק, וואָס דאַרף געלייענט ווערן נישט נאָר פון פּוילישע יידן, נאָר פון אַלע יידן און אַז אַלע יידן דאַרפן געבן מוט און הילף דעם צענטראַלן פאַרבאַנד, אַז ער זאָל קענען ווייִ־טער און ווייטער אָנגיין מיט זיין אַרבעט. אונדזער חוב אין איצ־טיקן מאָמענט איז: צו ראַטעווען יידן, בויען יידיש לעבן און נישט לאָזן, אַז דאָס צעשטערטע יידי־שע לעבן זאָל אויסגעמעקט און פאַרגעסן ווערן! פּונקט ווי מיר ראַטעווען יידן, פּונקט אַזוי טאָרן מיר נישט דערלאָזן, אַז דאָס צע־שטערטע יידישע לעבן זאָל פאַר־געסן ווערן! אונדזער לעבנס־כוח שטעקט אין אַ גרויסער מאָס אין אונדזער זיכרון! אַזוי לאַנג מיר געדענקען אונדזער לעבן, אַזוי לאַנג האָבן מיר די מעגלעכקייט צו ציען דעם פאָדעם ווייטער און ווייטער...

